# אינהאַלט

# פאָרוואָרט

אַ גרויסער טייל פון די אַרטיקלען, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, זיינען פריער געדרוקט געווען אין פאַרשיידענע זאַמלביכער און צייט-שריפטן אין רוסלאַנד און פוילן. „מיין ערשטער שריט“ — אין פּעטערבורגער וואָכנבלאַט פון בונד „די צייט“ (אַפּריל 1914). „די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן“ — אין I באַנד „רויטער פּנקס“ (קיעוו 1920 און וואַרשע 1921). „אַהרן זונדעלעוויטש“ און „גנבים, לאָבוזעס און קאָמבינאַטאָרן“ — אין II באַנד „רויטער פּנקס“ (וואַרשע 1925), „אויפן פעלד פון קולטור“ — אין אַרבעטער-לוח II (וואַרשע 1922), „אין די פינסטערע יאָרן“ אין דעם נומער „אַרבעטער שטימע“, וואָס איז אַרויס צום צוואַנציקיאָריקן יובּיליי פון „בונד“ (פּעטראָגראַד סעפּ-טעמבער 1917). די אַלע אַרטיקלען האָב איך פאַר דעם בוך שטאַרק איבערגעמאַכט און פאַרגרעסערט; „מיין ערשטער שריט“ איז פאַר-גרעסערט מער ווי אין צוויי מאָל. די אַרטיקלען „כאַראַקטער-שטריכן פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג“, „דער קליינער בונד“, „דאָס יידישע אַרבעטער-ליד“ און „אַ פאַרצייכעניש“ זיינען ספּעציעל פאַר דעם בוך געשריבן.

די אַרטיקלען דער „קליינער בונד“ און „דאָס יידישע אַרבעטער-ליד“ באַרירן טעמעס, וועלכע זיינען ביז אַהער, דוכט זיך, נאָך פון קיינעם ניט באַאַרבעט געוואָרן און איך קוק אויף די דאָזיקע אַרבעטן מיינע מער נישט, ווי אויף אַן ערשטן פּרווו.

אין צווייטן באַנד, וועלכער ווערט איצט צוגעגרייט צום דרוק וועלן צווישן אַנדערע אַריין: „די פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע איך האָב געקענט“, „גבורה און פּחדנות אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג“, „אַכט חדשים אין מינסק אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע“, „אַ יאָר אין קיעוו“ (אָקטאָבער 1918 — אָקטאָבער 1919), „צוויי, וואָס זיינען אַוועק“ (שרה פוקס און נחקע יאָכוויד). די אַלע אַר-טיקלען זיינען ביז אַהער אין ערגעץ ניט געווען געדרוקט.

**א. ליטוואַק.**

# אַהרן זונדעלעוויטש *)

## I

אַהרן זונדעלעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע דעם 4־טן יולי (אַלטן סטיל) 1852 **). די עלטערן זיינען געווען פונם באַלעבאַטישן שטאַנד. דער פאָטער אַ ייד אַ למדן, שוין אַ ביסל אָנגעשמעקט מיטן גייסט פון השכלה, אַ אידעאַליסט. ער איז געווען זייער אונטערנעמעריש, פלעגט זיך כאַפּן צו די פאַרשיידנסטע געשעפטן: געווען אַ ליווראַנט ביי דער אייזנבאַן, געהאַט אַ ביר־ברויז, אַ לעדער־געשעפט, גע־פרווט אַפילו עפענען אין ווילנע אַ שוך־פאַבריקל. אָבער זיינע גע־

---

*) געשריבן אויפן גרונט פון פאָלגנדיקע געדרוקטע ביכער און אַר־טיקלען:

1) זכרונות פון וול. יאָכעלסאָן „Далекое прошлое“ אין זשורנאַל „Былое“, נר׳ 13, יולי 1818. 2) ב. פרומקין „Революціонное движеніе в 1870 г.г.“ אין זשורנאַל „Еврейская Старина“ צווייטער בוך, אַפּריל — יוני 1911. 3) Процес шестнадцати террористов (1880) אונטער דער רעדאַקציע פון בורצעוו. פעטערבורג 1906. 4) О. В. Аптекман „Земля и воля 70-х годов“, ראָסטאָוו־דאָן. דער יאָר ניט אָנגעוויזן. 5) В. А. Богучарскій „Из исторіи политической борьбы в 70-х и 80-х г.г. XIX вѣка“, מאָסקווע 1912. 6) פאַרשיידענע זכרונות פון רו־סיש און יידיש פון לעאָ דייטש. אייניקע ביאָגראַפישע דאַטן און פאַקטן האָט מיר געגעבן אהרן זונדעלעוויטשעס יינגערער ברודער מיראָן (אַדוואָקאַט אין וואַר־שע). אַ גרויסן דאַנק אים דערפאַר. פאַר דער אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק פון א. זונדעלעוויטש זיינען מיר אויך צוניץ געקומען די פּערזענלעכע געשפּרעכן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פירן מיט אים אין לאָנדאָן אין די יאָרן 1912, 13 און 15.

**) און נישט אין 1854, ווי מ׳האָט אַ סך מאָל געשריבן. די דאַטע, וואָס איך ווייז אָן, האָט מיר געגעבן מיראָן זונדעלעוויטש, ביי וועלכן עס גע־פינט זיך נאָך די מעטריקע פון זיין עלטערן ברודער.

שעפטן פלעגן זיך לאנג ניט האלטן, און ער האט פון זיי געהאט ווייניק מזל־ברכה. די שפייזערקע איז אייגנטלעך געווען די מוטער, וועלכע האט געהאלטן א שענק אויף דייטשער גאס, א קלוגע פראקטישע יידענע, א אשת־חיל. אהרן האט גערשנט פונם פאטער זיין אידעאליזם און אונטערנעמערישן גייסט; פון דער מוטער — איר געזונטן פראקטישן שכל.

אהרן האט באקומען א טראדיציאנעלע דערציונג. ער איז געווען פלייסיק און פעיק, האט געהאט א שם פאר א „גוטן יינגל". געווען זייער פרום, געחלומט צו ווערן א רב. צו בר־מצוה איז ער אוועקגעפארן קיין סמארגאן אין דער ישיבה פונם דארטיקן רב, וועלכער איז אגב געווען זיינער א קרוב; אבער אין דער ישיבה איז ער באקאנט געווארן מיט דער השכלה, גענומען לייענען די נייע העברעישע ביכלעך, אנגעהויבן זיך באציען סקעפטיש צו דער אלטער יידישער טראדיציע און שטרעבן צו אייראפעישער בילדונג. דער לייכטסטער וועג דערצו איז פאר אים געווען אנקומען אין ראבינער־שול. די עלטערן האבן ניט געשטערט, און דער יונגער אהרן האט אליין, אן דער הילף פון א לערער, זיך צוגעגרייט און אין 1868, זעכצן יאר אלט, איז ער אנגעקומען אין ערשטן קלאס. אין ראבינער־שול האט ער פארבראכט ביז 1873, ווען זי איז פארוואנדלט געווארן אין א לערער־אינסטיטוט. אזוי ווי צו לערעריי האט זונדעלעוויטשן ניט געצויגן, האט ער זיך אנגעהויבן גרייטן צום עקזאמען אין פעטערבורגער טעכנאלאגישן אינסטיטוט.

אין ראבינער־שול האט זונדעלעוויטש געהאט א גרויסן איינפלוס אויף זיינע חברים מיט זיין שכל און אנטוויקלונג, אויך מיט זיין כאראקטער, וואס איז געווען א געמיש פון שטארקייט און צארטקייט. שוין אין צווייטן אדער דריטן קלאס ארגאניזירט זונדעלעוויטש א קרייזל פון זעלבסטאנטוויקלונג. ווי אין אלע דעמאלטיקע קרייזלעך פון דעם מין, האט מען זיך די ערשטע צייט אפגעגעבן מיט אויסארבעטן ביי די מיטגלידער א נייע פאזיטיוויסטישע וועלט־אנשויונג לויט דער ראדיקאלער רוסישער ליטעראטור פון די 1860־ער יארן. שפעטער הייבט מען אן קריגן אומלעגאלע ליטעראטור געבראכט דורך סטודענטן, וואס פלעגן קומען פון פעטערבורג אדער מאסקווע אהיים

אויף קאַניקול. זונדעלעוויטש ווערט אַ סאָציאַליסט, אפשר פון די גרינדער, אַלנפאַלס פון די פירער פונם ווילנער רעוואָלוציאָנערן קרייזל אין דער ערשטער העלפט פון די 70־ער יאָרן.

ווי זונדעלעוויטש שרייבט אין זיין בריוו צו ב. פרומקין, זיינען אין יענער צייט קיין פעסט־פאָרמירטע אָרגאַניזאַציעס פון יידישע רעוואָלוציאָנערן ניט געווען. אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן האָבן אין ווילנע „עטלעכע באַקאַנטע, וואָס האָבן צוזאַמען געלייענט אומלעגאַלע ביכער און פלעגן זיך צונויפקלייבן שמועסן וועגן פלענער, ווי צו פּראָפּאַגאַנדירן די אידעען פון סאָציאַליזם, — זיך גערופן קרייזל". דער קרייזל איז באַשטאַנען דורכאויס פון שטודירנדיקער יוגנט, איבערהויפּט פון געוועזענע ראַבינער, איבערהויפּט פון געוועזענע ראַביניסטן און פון שילער פון לערער־אינסטיטוט; געווען אויך עטלעכע סטודענטן, וואָס פלעגן קומען אַהיים אויף קאַניקול. דער קערן פון קרייזל איז באַשטאַנען פון 8—10 מענטשן (אהרן ליבערמאַן, וו. יאָכעלסאָן, באַרעל...). צו אים זיינען צוגעשטאַנען נאָך אַ צענדליק אָנדערטהאַלבן מער אָדער ווייניקער מיטפילער. דער קרייזל פלעגט פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור. מיט די פוילישע קרייזלעך האָט ער קיין באַציונג ניט געהאַט. קיין רוסישע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך איז דעמאָלט אין ווילנע ניט געווען.

פאַר זונדעלעוויטשן הייבט זיך שוין דעמאָלט אָן די צייט פון פּראַקטישער אַרבעט. ווילנע איז געלעגן ניט ווייט פון דער פּרייסישער גרענעץ, האָט זי געקאָנט ווערן אַ צענטער פאַר דעם טראַנספּאָרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור. קאָוונע איז נאָך נעענטער צו דער גרענעץ, אָבער דווקא ווייל זי איז שוין צו נאָענט, האָט די זשאַנדאַרמעריע אויף איר שטאַרקער אַכטונג געגעבן; און ווילנע איז אַ גרעסערע שטאָט; אַ פאַרדעכטיקער מענטש וואַרפט זיך דאָרטן ניט אַזוי אין די אויגן; עס איז לייכטער צו קריגן אַ „מאַלינע" אויף באַהאַלטן „טריפע סחורה", אָן אַדרעס אויף איבערשרייבן זיך מיט אויסלאַנד. ביז זונדעלעוויטשן איז דער אומלעגאַלער טראַנספּאָרט געווען אַ צופעליקע זאַך, מערער דורך געלעגנהייטן. זונדעלעוויטש האָט איינגעשטעלט סיסטעמאַטישע באַציונגען מיט די יידישע קאָנטראַבאַנדיסטן, וואָס אין די רוסיש־פּרייסישע גרענעץ־שטעטלעך. ער האָט אַזעלכע געשטעלט

דעם טראַנספּאָרט אויף אַ פעסטן פוס, זיכער און ביליג. אין דער גאַנצער צייט פון די 70־ער יאָרן איז זונדעלעוויטש געווען דער פעיִקסטער, אפשר דער איינציק פעיִקער אָרגאַניזאַטאָר פון רעוואָלוציאָנערער קאָנטראַבאַנד אין רוסלאַנד. ווי אַזוי איז ער געקומען דערצו? מעגלעך, אַז ביי דער מאַמען אין שענק איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט „בלאַטע" מענטשן, וואָס האָבן געהאַט „לינקע" עסקים מיט וואָלקאָווישק, קיבאַרט וכדומה גרענעץ־פונקטן. מיט די טשייקאָווצעס האָט זיך זונדעלעוויטש פאַרבונדן דורך אַ ווילנער קורסיסטין אַנאַ מיכאַילאָוונאַ עפשטיין. מעגלעך, אַז די דאָזיקע עפשטיין האָט געהאַט צופעליקע באַציונגען מיט די קאָנטראַבאַנדיסטן נאָך פון פריער, און זי האָט דאָס זונדעלעוויטשן אַריינגעפירט אין דער דאָזיקער אַרבעט. אַ ביסל שפעטער האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די לאַווריסטן. אין זיין בריוו צו ב. פרומקין דערציילט זונדעלעוויטש וועגן דעם אַזוי.

„פון אַ קאָנטראַבאַנדיסט, מיט וועלכן איך האָב געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אַריבערפירן מענטשן איבער דער גרענעץ, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ביי נישקאָווסקין אין האָטעל וואוינט איינער אַ געקומענער פון פעטערבורג, וועלכער לייגט אים פאָר דעם ביכער־טראַנספּאָרט. איך האָב אויסגערעדט דעם קאָנטראַבאַנדיסט, פאַרוואָס ער האָט אויסגעפלוידערט אַ פרעמדן סוד, און אַליין בין איך אַוועק אין האָטעל, האָב אָפגעזוכט דעם געקומענעם און נאָך אַ שמועס פון 15 מינוט האָבן מיר זיך ביידע איבערצייגט, אַז מיר זיינען פון איין לאַגער, און האָבן פאַרטרויליך אָנגעהויבן ריידן וועגן אונזערע עסקים. דער דאָזיקער אורח איז געווען יעווגעני סטעפאַנאָוויטש סעמיאַקאָווסקי, וועלכער איז שפעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אויף קאַראַ (אַ קאַטאָרזשנע טורמע אין סיביר — א. ל.). ער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון די לאַווריסטן, האָט מיר געגעבן פאַרבינדונגען מיט אָט דעם קרייזל און פאַרגעלייגט אָרגאַניזירן פאַר זיי דעם אומלעגאַלן טראַנספּאָרט.

ווילנע איז געוואָרן אַ צענטער, דורך וועלכן עס זיינען געגאַנגען לעבהאַפטע פאַרבינדונגען צווישן פעטערבורג און מאָסקווע מיט אויסלאַנד. מ׳האָט טראַנספּאָרטירט ניט בלויז ביכער, נאָר אויך מענטשן: קאָמפּראָמעטירטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן רוס־

לאַנד, מענטשן, וואָס זיינען געפאָרן קיין אויסלאַנד אויף אונטערהאַנד־לונגען מיט די פירער פון דער פּאָליטישער עמיגראַציע, און אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד פירן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. צוליב דעם טראַנספּאָרט פון לי־טעראַטור איז אין יענער צייט זונדעלעוויטשן אויסגעקומען אַ פּאָר מאָל צו פאָרן קיין קיניגסבערג. דער פּאָרשטייער פון לאָנדאָנער און זשענעווער רעוואָלוציאָנערע פאַרלאַגן איז דאָרטן דעמאָלט געווען דער סטודענט־מעדיק א. פינקעלשטיין, וועלכער איז מיט 2 יאָר פריער, איידער דער ווילנער קרייזל איז אַנטשטאַנען, אַנטלאָפן פון ווילנע, צוליב אַן אומלעגאַלער ביבליאָטעק, וואָס מ׳האָט געפינען אין אינטער־נאַט פון ראַבינער־שול.

אין דער זעלביקער צייט האָבן זונדעלעוויטש מיט זיינע חברים זיך געגרייט צו „גיין אין פאָלק“ — טראָגן סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף צום רוסישן פּויער. אַזוי ווי אויף אַ אינטעליגענט האָט דער רוסישער פּויער, וואָס איז ערשט ניט לאַנג באַפרייט געוואָרן פון פּאַנשטשיזנע, געקוקט, ווי אויף אַ פּריצל און געהאַט צו אים ווייניק צוטרוי, פלעגן די רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט זיך נעמען צו האַלב־אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, וואָס דינען דעם פאָלק: אַ דאָרף־לערער, אַ פעלדשער, אַ דאָרף־שרייבער וכדומה; אַנדערע פלעגן זיך אויסלערנען עפּעס אַ מלאָכה, כדי צו קומען צום פאָלק, ווי אַן אַרבעטס־מענטש, אַן אייגענער. זומער 1875 האָט זונדעלעוויטש מיט זיין נאָענטן חבר יאָכעלסאָן, אַ שילער פון רעאַל־גימנאַזיע, גע־דונגען אַ הייזל אין וואַלד, אין דער זומער־וואוינונג „זשעליאַזנאַ כאַטקאַ“, און האָבן דאָרטן פאַרלייגט אַ שוסטער־וואַרשטאַט. זיי האָבן געדונגען אַ יידישן מייסטער, ער זאָל זיי לערנען שוסטעריי. די באַ־דינגונגען זיינען פאַרן לערער געווען גוטע. די תלמידים האָבן אויף זייער אייגענעם חשבון געקויפט לעדער, און די פאַרטיקע אַרבעט האָבן זיי אים אָפּגעגעבן. געלערנט די מלאָכה האָבן זיך פיר מענטשן און אין 2—3 חדשים אַרום האָט דער מייסטער שוין אָנגעהויבן פאַר־קויפן אויפן מאַרק די שטיוול, וואָס זיי האָבן אויסגעאַרבעט; די אַרבעט איז נאָך דערווייל געווען נישט איבעריקס שיין און שטאַרק אָבער די תלמידים האָבן געגעבן גוטע האָפענונגען. דרך־אַגב האָט

זונדעלעוויטש זיך גענומען אגיטירן זיין לערער, דעם יידישן שוסטער, אבער דערפון איז, פארשטייט זיך, גארנישט ארויסגעקומען. זונדעלעוויטש איז ביי זיך ניט אראפגעפאלן: ער האט זיך דאך געגרייט גיין אין רוסישן פאלק.

פרעגט זיך, פארוואס האבן זונדעלעוויטש און זיינע חברים ניט געוואלט גיין אין יידישן פאלק, וואס איז דאך זיי געווען נעענטער, און דארטן זיינען דאך אויך געווען ארבעטנדיקע און ליידנדיקע מאסן? דער אויבנדערמאנטער וו. יאכעלסאן ענטפערט אויף דעם אזוי:

„מיר האבן זיך געגרייט צו גיין אין פאלק און, פארשטייט זיך, אין רוסישן פאלק. מיר האבן זיך באצויגן נעגאטיוו צו דער יידישער רעליגיע, ווי צו יעטווידער רעליגיע בכלל. דעם זשארגאן האבן מיר גערעכנט פאר א קינסטלעכע שפראך און העברעיש פאר א טויטן לשון, וואס איז אינטערעסאנט בלויז פאר געלערנטע. די נאציאנאלע גלויבונגען, טראדיציעס און שפראך האבן בכלל, פון אלגעמיין־מענטשלעכן שטאנדפונקט, אונז ניט אויסגעזען ווערטפול. אבער מיר זיינען געווען אויפריכטיקע אסימילאטארן און אין דער רוסישער אויפקלערונג האבן מיר געזען די ישועה פאר יידן. פרעגט זיך, פארוואס האבן מיר געשטרעבט צו ארבעטן צווישן רוסישן פאלק און ניט צווישן יידישן? דאס ערקלערט זיך מיט אונזער פארפרעמדקייט פון דער דאמאלסטיקער גייסטיקער קולטור פונם רוסישן יידנטום און מיט דער נעגאטיווער באציונג צו זיינע ארטאדאקסאלע און בורזשואזע אנפירער, וואס פון זייער סביבה זיינען מיר, די אדעפטן פון דער נייער תורה, אליין ארויסגעקומען. וואס איז שייך די האפענונגען? — רעפאשנע מאסן פונם יידנטום, האבן מיר גערעכנט, אז די באפרייונג פונם רוסישן פאלק פון דער ממשלה, פון דעספאטיזם און פונם דרוק פון די הערשנדיקע קלאסן — וועט אויך ברענגען צו דער פאליטישער און עקאנאמישער באפרייונג פון אלע אנדערע פעלקער פון רוסלאנד, דערין אויך פונם יידישן פאלק. און מע מוז מודה זיין, אז די רוסישע ליטעראטור, וועלכע האט ביי אונז איינגעפלאנצט ליבע צו בילדונג און צום רוסישן פאלק, האט ביי אונז אין א געוויסער מאס אויך איינגעפלאנצט א פארשטעלונג וועגן יידנטום, ניט ווי וועגן א פאלק, נאר ווי וועגן א פאראזיטישן קלאס. אזעלכע מיינונגען

האָבן ניט זעלטן אַרויסגעזאָגט איך די ראַדיקאַלע רוסישע שרייבער, און אין דעם, דאַכט מיר, איז געלעגן איינע פון די סיבות, וואָס דערקלערן אונזער „אָפּטריניקייט“.

אין זיינע בריוו צו ב. פרומקין (1910) שרייבט אַהרן זונדעלעוויטש וועגן דעם אַזוי:

„פאַר אונז אַלעמען איז דאָס יידנטום, אַלס אָרגאַניזם, ניט געווען אַזאַ דערשיינונג, וואָס זאָל פאַרדינען אונטערגעהאַלטן צו ווערן. אונז האָט אויסגעזען, אַז די נאַציאָנאַליטעט פון יידנטום האָט ניט קיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג. דעם הויפּט־צעמענט, וואָס בינדט צונויף די יידן אין איין גאַנצע, די רעליגיע, האָבן מיר געהאַלטן פאַר אַ פאַקטאָר, וואָס איז בפירוש רעגרעסיוו... קיין אייגענע מלוכה־אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגן יידן ניט. בלייבט איבער די שפּראַך. אָבער די העברעיִשע שפּראַך, רעכענען מיר, געהערט אינגאַנצן צום געביט פון פילאָלאָגיע; און די שטרעבונג מחיה־מתים צו זיין דעם דאָזיקן אַרכאַיִשן לשון, מאַכן אים פאַר אַן אומגאַנג־שפּראַך פון היינטיקע מענטשן — האָט ביי אונז אַרויסגערופן די זעלביקע איינמוטיקע פאַרורטיילונג, וועלכע ס'האָט אַרויסגערופן אין דער רוסישער געזעלשאַפט די פּראָבע פון דמ. טאָלסטאָי איינצופלאַנצן אין רוסלאַנד לאַטיין און גריכיש. וואָס איז שייך דעם זשאַרגאָן, איז אונזער מיינונג געווען, אַז וואָס מער יידן וועלן דערווערבן אייראָפּעיִשע בילדונג, וועט ער אַלץ מער אָפּטרעטן זיין אָרט איינער פון די מער אויסגעאַרבעטע שפּראַכן פון די גרעסערע קריסטלעכע פעלקער, דער עיקר דער רוסישער שפּראַך. אונז האָט זיך געדאַכט, אַז יידן האָבן ניט קיין אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. פאַראַנען נאָר אַ סך איינע און די זעלביקע אינטערעסן פון די מענטשן, וואָס שטעלן צונויף דאָס יידנטום—אינטערעסן, וואָס באַשטייען אין באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג, עפענען זיך אַ וועג צו אייראָפּעיִשער בילדונג און אין דער אַרבעט צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע מענטשן, וואָס שטעלן צונויף די באַפעלקערונג פון רוסלאַנד — אַן אַרבעט, וואָס איר ציל איז: אומבייטן די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אין דער זייט פון די אַלמענטשלעכע אידעאַלן פון גוטס און גערעכטיקייט“.

נעמען מיר צונויף די דערקלערונגען פון יאָכעלסאָן און זונ=דעלעוויטש, באַקומען מיר פריער פאַר אַלץ: קאָסמאָפּאָליטיזם און אַסימילאַציע. פון אַלגעמיין מענטשלעכן שטאַנדפונקט האָבן נאַציעס בכלל קיין שום ווערט נית. יידן זיינען נית קיין נאַציע מיט אַן עקסיסטענץ=באַרעכטיקונג. דאָס זיינען נאָר אַ סך איינצלנע מענטשן, וואָס האָבן גלייכע אינטערעסן בלויז צוליב זייער רעכטלאָזיקייט. זיי פאַרמאָגן נית קיין מלוכה; זייער שפּראַך איז קיין שפּראַך נית. יידן זיינען אַ רעליגיעזע גרופּע, אָבער צו דער רעליגיע האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן בכלל באַצויגן נעגאַטיוו; און צו דער יידישער רעליגיע, מיט וועלכער מ'איז געווען אַרומגערינגלט און פון אירע טראַדיציעס האָט מען אוממיטלבאַר געליטן, האָט מען זיך באַצויגן מיט אַ שאַרפערער, פולבלוטיקערער נעגאַציע, ווי צו אַנדערע רע=ליגיעס, וואָס זייערע חסרונות האָט מען געוואוסט נאָר פון לייענען. דער לשון, אויף וועלכן יידן ריידן, וועט פאַרשווינדן. צו דער רעכט=לאָזיקייט וועט נעמען אַ סוף, ווען גאַנץ רוסלאַנד וועט באַפרייט ווערן פון דעספּאָטיזם און קלאַסן=דרוק. וואָס בלייבט איבער פון יידנ=טום? ציינדלעך מיט ביינדלעך.

צווייטנס, דאָס, וואָס די יידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ איז געווען אָפּגעריסן פונם גייסטיקן לעבן פון דער יידישער מאַסע. קיין נייע קולטור אויף איר אייגענער שפּראַך האָט נאָך די יידישע מאַסע דעמאָלט נית געהאַט. די העברעישע ליטעראַטור איז געווען ענג און אָפּגעריסן פון פאָלק. אַליין האָט די אינטעליגענץ באַקומען בילדונג אויף אַ שפּראַך, אויף וועלכער די יידישע מאַסן האָבן נית גערעדט; מ'האָט איינגעזויגן אַ קולטור, אין וועלכער ס'האָבן נית געפלאָסן די זאַפטן פונם אייגענעם פאָלק. אייראָפּעישע בילדונג האָט געהייסן רוסישע בילדונג. דאָס איז די פּראַקטישע אַסימילאַציע, וואָס האָט געווירקט און ווירקט נאָך היינט אַ סך ערגער ווי די אַסימי=לאַטאָרישע אידעאָלאָגיע.

„יידן זיינען אַ פּאַראַזיטישער קלאַס" — אָט דאָס איז געווען דער עיקר, די הויפּט=סיבה, צוליב וועלכער די יידישע רעוואָלו=ציאָנערן זיינען געווען פאַרפרעמדט פון די יידישע מאַסן. דאָס האָט מען באַגרינדעט סיי טעאָרעטיש: פון דער דעמאָלט הערשנדיקער

אידעאָלאָגיע, סיי אָביעקטיוו: פון דער עקאָנאָמישער לאַגע, אין וועל־
כע יידן האָבן זיך דעמאָלט געפונען. לויט דער אידעאָלאָגיע פון
כל־המינים נאַראָדניקעס איז אויסגעקומען, אַז דער רוסישער פויער
איז בטבע אַ רעוואָלוציאָנער, און אים שטעקן די העכסטע מענטש־
לעכע גערעכטיקייט און די בעסטע מענטשלעכע טוגענטן. דער פויער
טראָגט אין זיך פונקען פון סאָציאַליזם; מ׳דאַרף זיי נאָר קענען
אויפבלאָזן. אין דעם קהלשן ערד־אייגנטום פון די רוסישע פויערים,
אין דער אַזוי גערופענער „אָבשטשינאַ“, האָט מען געזען ניט קיין
פאַרעלטערטן רעשטל פון אוראַלטן קאָמוניזם, נאָר אַ געזונטן קערנדל
פון נייעם סאָציאַליזם. די וויכטיקסטע און ערלעכסטע אַרבעט איז
די פויערשע, וואָס געפינט זיך שטענדיק אונטער „דער ממשלה פון
דער ערד“. די שטאָטישע פרנסות זיינען גאַנץ און האַלב־פּאַראַזיטישע.
אַפילו דער שטאָטישער אַרבעטער איז שוין ניט דאָס, וואָס דער פויער:
ער איז שוין פאַרדאָרבן פון קאַפּיטאַליזם, אָפּגעריסן פון דער מאַמע־ערד.
דער קאַפּיטאַליזם ווערט אין רוסלאַנד איינגעפלאַנצט קינסטלעך דורך
דער רעגירונג. אָבער ער האָט דאָ ניט קיין באָדן, קאָן ניט שלאָגן קיין
פעסטע וואָרצלען. רוסלאַנד דאַרף און מוז איבערהיפּן די עפּאָכע
פון קאַפּיטאַליזם. זי וועט גלייך פון פעאָדאַליזם אַריבערשפּרינגען
אין דער מלוכה פון סאָציאַליזם. גיין אין פאָלק הייסט גיין אין
דאָרף. אויב מ׳האָט געפירט די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אויך צווישן
שטאָטישע אַרבעטער און מיט אַ סך אַ גרעסערן דערפאָלג, ווי
אין דאָרף, האָט מען דאָס געהאַלטן בלויז פאַר אַ דערווייליקע אַרבעט,
ביז וואַנען־וואָס. אויף די אַגיטירטע שטאָטישע אַרבעטער האָט מען
געקוקט, ווי אויף צוקינפטיקע אַגיטאַטאָרן אין דאָרף, וואוהין זיי
וועלן קאָנען לייכט צוקומען, ווייל לויט זייער לעבנס־שטייגער שטייען
זיי נאָענט צום פויער, זיינען אפשר אַליין נעכטיקע פויערים. ביי
יידן זיינען ניטאָ קיין פויערים, איז ביי זיי ניטאָ קיין אמת „פאָלק“,
צו וועמען צו גיין. און דער ווירטשאַפטלעכער מצב פון די יידישע
מאַסן האָט אין יענער צייט באמת ניט געגעבן קיין גינסטיקן באָדן
פאַר דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. די יידישע מאַ־
סע איז אין איר גרעסטער מערהייט באַשטאַנען פון לופט־מענטשן
און זעלבשטענדיקע בעלי־מלאָכות. דער מין לוין־אַרבעטער איז כמעט

ניט געווען בנמצא. איבּ בּיי די רוסן זיינען שוין צו יענער צייט געווען גרעסערע פאַבּריקן, אייזנבּאַן-אַרבּעטער, קוילן-גרעבּער — געווען דער אָנהייבּ פון שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, איז בּיי יידן אַפילו עטוואָס אַ גרעסערער וואַרשטאַט נאָך דעמאָלט אויך געווען אַ זעלטנקייט. די קליינטשינקע בעלי-מלאָכות האָבּן געאַרבּעט מיט אַ פּאָר לערן-ייִנגלעך, זעלטן ווען מיט אַ געזעלן. נאָך דער חתונה האָט דער נעכטיקער געזעלן גענומען דעם נדן און פאַרלייגט אַ קאַרליק-וואַרשטאַט; און החתונה געהאַט האָט מען יונג. די זעלבּשטענדיקע בּעלי-מלאָכות זיינען דאָס רוב געווען האַלבּע אביונים און זיינען שטענדיק געווען גרייט אונטערצוהאַנדלען. און דער יידישער מאַסן-מענטש, וואָס איז נאָך ניט געקרעפּטיקט און געלייטערט געוואָרן דורך אַרבּעט, איז געווען אַ מאַכטלאָזער, אַ נכנע, אַ צעשראָקענער וואָרים. שווער געווען זיך פאָרצושטעלן אַזאַ איינעם מיט אַ קעמפערישער פּסיכאָלאָגיע. דאָס אַלץ האָט זיך אָנגעהויבּן גיך בּייטן מיט אַ יאָר 15 שפּעטער, ווען בּיי יידן איז אויסגעוואַקסן די הויז-אינדוסטריע (זאָקנמאַכעריי, קאַמאַשנשטעפּעריי, זעמשעריי וכדומה), וועלכע האָט קאָנצענטרירט אַ גרעסערע צאָל אַרבּעטער בּיי איין אונטערנעמער, ווען צוזאַמען מיטן וואוקס פון די שטעט האָבּן זיך די שטאָטישע מלאָכות אָנגעהויבּן אַנטוויקלען צו גרעסערע וואַרשטאַטן. אין די 70-ער יאָרן האָט דער בּאַאָבּאַכטער געזען בּיי יידן בּלויז אַ פּאַראַזיטישן טיפּ, וואָס איז ניט מסוגל אויפצונעמען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, פּסיכאָלאָגיש ניט מסוגל צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף. צווישן אַזאַ מאַסע האָט מען אפשר געקאָנט אַרבּעטן קולטורעל; אָבּער די רעוואָלוציאָנערן זיינען דאָך ניט געווען קיין קולטור-טרעגער. צו טאָן קולטור-אַרבּעט צווישן די יידישע מאַסן האָט זיי געשטערט אויך די אידעאָלאָגיע און פּראַקטיק פון אַסימילאַציע. שאַפן אַן אייגענע יידישע קולטור — דאָס האָט דעמאָלט גאָר קיינעם אויפן רעיון ניט געקאָנט אַרויף: ווייל עס האָט געפעלט דער יידישער אַרבּעטער, דער הויפּט-פונדאַמענט, אויף וועלכן אַזאַ קולטור קאָן געבּויט ווערן. ווייל לויט זייער דעמאָלטיקן מצב זיינען די יידישע מאַסן געווען אַ זומפּיקער בּאָדן, אויף וועלכן עס איז שווער געווען עפּעס צו בּויען.

לייענט מען זיך אַריין אין די שורות פון וו. יאָכעלסאָן און א. זונ-

דעלעוויטש, וועלכע איך האָב אויבן געבראַכט, זעט מען, אַז ביי זיי, ווי ביי דאָס רוב יידישע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט, האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּילט די יידישע רעכטלאָזיקייט. זי איז געווען אפשר די וויכטיקסטע ספּרונזשינע, וואָס האָט זיי אומבאַוואוסט געטריבן צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אַז יידן זאָלן מיט זייער אייגענעם קאַמף זיך דערווערבן גלייכבאַרעכטיקונג, אָדער אַז זיי זאָלן לפּחות צולייגן אַ האַנט און אַריינטראָגן זייער חלק אין דעם דאָזיקן קאַמף — דערויף האָט מען דעמאָלט ניט געקענט האָפן — אַלץ צוליב דעם האַלב-„פּאַראַזיטישן" מצב פון די יידישע מאַסן. די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג, האָט מען גערעכנט, קאָן קומען נאָר אַלס רעזולטאַט פון קאַמף און זיג פון די רוסישע מאַסן: אַ רעזולטאַט, וואָס וועט קומען ממילא. הייסט עס, אַז צוליב דער גלייכבאַרעכטיקונג פון זייער אייגענעם פאָלק האָבן די יידישע רעוואָלוציאָנערן אויך געדאַרפט גיין אַגיטירן דעם רוסישן פּויער. יידן קאָן מען דערווייל אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, ביז די סאָציאַליסטישע גאולה וועט קומען — און זי וועט זיי שוין איבערמאַכן און באַפרייען.

זונדעלעוויטש שרייבט צו פּרומקינען: „אין הסכּם מיט דעם, וואָס מ'האָט דעמאָלט פּראָפּאַגאַנדירט אין די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך, האָט מען ביי אונז (אין די יידישע קרייזלעך ב. פּ.) אויך געהאַט אין זינען צו גיין אין פאָלק. די יידישע אַרבעטער זיינען אַריינגעגאַנגען אין דעם אַלגעמיינעם באַגריף פאָלק, אָבער אַ גרעסערע באַדייטונג האָט מען צוגעגעבן דעם זוכן אָנהענגער צווישן די רוסישע אַרבעטער; ווייל אין זיי, האָט מען גערעכנט, באַשטייט די אַנטשיידנדיקע קראַפט". דאָס שרייבט זונדעלעוויטש, וועלכער האָט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, געקוקט אויף דעם רוסישן פּויער אַנדערש, ווי די נאַראָדניקעס פון יענער צייט. יענע יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען אינגאַנצן געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון די נאַראָדניקעס, זיינען בנוגע צו יידן געווען אַ סך שאַרפער. אויף ליבערמאַנס פּראָצעס אין ווין (נאָוועמבער 1878) איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ בריוו, וואָס איינער האָט געשריבן דעם באַשולדיקטן פון לייפּציג. דער שרייבער פון אָט דעם בריוו, קענטיק אַ געקומענער פון רוסלאַנד, זאָגט זיך אַרויס קעגן ליבערמאַנס פּרווו צו אַגיטירן פאַרן סאָציאַליזם צווישן

די רוסישע יידן. ער שרייבט: „איך בין אַליין אַ ייד, אָבער יידישע אַרבעטער האָב איך ווייניק געזען. די רוסישע יידן זאָרגן נאָר פאַר פראָפיטן. פאַר געלט זיינען זיי גרייט צו פאַרקויפן אַלץ, אַפילו זייער כבוד. ס'לוינט ניט אויסברענגען אויף זיי קיין כוחות. אין דייטשלאַנד, למשל, קאָנען יידן אָנטיילנעמען אין אַ וואַל־קאַמפּאַניע; אָבער אין רוסלאַנד, וואו פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק איז אַ זאַך, וואָס פאָדערט קרבנות, וואו ס'קומט אויס איינצושטעלן דעם לעבן — דאָרטן קאָנען יידן קיין נוצן ניט ברענגען. אפשר פאַר אַ געהיימען טראַנספּאָרט, צו באַקומען פאַספּאָרטן און געהיימע קוואַרטירן — דערויף קאָנען זיי טויגן, איז דאָס, אויב מ'וועט זיי באַצאָלן מיט מזומנים“. אָט די באַטראַכטונג צו יידן אין אַ בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן בעת־מעשה, איז אפשר מער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט, ווי די אויבן ציטירטע שורות פון זונדעלעוויטשן וועגן דער יידישער מאַסע. אין זונדעלעוויטשן האָט זיך אַפילו אין די 70־ער יאָרן דער ייד איך געלאָזט פילן שטאַרקער, ווי ביי אַ סך פון זיינע חברים; און די בריוו צו ב. פרומקינען האָט ער דאָך געשריבן מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער, בעת אין רוסלאַנד און אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד און אין גאַליציע איז שוין געווען אַ יידישער פּראָלעטאַריאַט און אַ באַדייטנדיקע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג; און די זכרונות פון וויטן נעכטן האָבן אפשר ניט ווילנדיק זיך אַ ביסל איבערגעבראָכן אין די לעבעדיקע איינדריקן פון היינט.

געווען צווישן די יידישע רעוואָלוציאָנערן אין יענע יאָרן אויך אַזעלכע, ווי אַפּטעקמאַן; יוסף אַפּטעקמאַן, איינער פון די בעסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן צווישן פויערים, וואָס די רוסישע באַוועגונג פון די 70־ער יאָרן האָט געוואוסט, האָט אין 1875 אָנגענומען דעם פּראַוואָסלאַווּנעם גלויבן. געבראַכט דערצו האָבן אָ סך סיבות. אַפּטעקמאַן איז געווען אַן עקזאַלטירטע נאַטור מיט מיסטישע נייגונגען. צוליב פּראָפּאַגאַנדע האָט ער, אַ סטודענט מעדיק פון לעצטן קורס, דעמאָלט געאַרבעט, אַלס פעלדשער אין אַ געמיינדע פון באַרעמהאַרציקע שוועסטער, און אין דער דאָזיקער געמיינדע האָט געהערשט אַ הייסע רעליגיעזע שטימונג, וועלכע האָט אים סוגעסטירט. כדי בעסער צו ווירקן אויף די „מענטשן פון פאָלק“, האָט ער געפרווט אויסטייטשן אין גייסט פון

סאָציאַליזם — די עוואַנגעליע. פֿון אָנהייב האָט ער עס אָנגעווענדט, בלויז ווי אַ פּעדאַגאָגישן מעטאָד. באַלד אָבער האָט ער אַליין אין דער אמתן אָנגעהויבן גלויבן אין דעם, און די קריסטלעכע תּורה האָט זיך בײַ אים צונויפֿגעגאָסן מיט זיין סאָציאַליסטישן אידעאַל. דאָ האָט אויך געווירקט אַ געפֿיל פֿון ליבע צו זיינער אַ שילערין אין סאָציאַליזם, דער באַרעמהאַרציקער שוועסטער פּאַראַשע, וועלכע איז געווען טיף רעליגיעז. אָבער אין דעם איז געווען נאָך אַ סיבה — אַ יידישע סיבה. אַפּטעקמאַן אַליין שרייבט וועגן דעם אַזוי: „מעגלעך, ענדלעך, אַז דאָס איז געווען אַ אינסטינקטיווע שטרעבונג צונויפֿצוגיסן זיך מיטן פֿאָלק, מיט יענעם פֿאָלק, וועמען איך בין געווען פֿרעמד לויט בלוט און אמונה, וואָס וועט מיך אָבער אויפֿנעמען, אויב איך וועל זיין פֿון איין רעליגיע מיט אים". און דאָס איז בײַ אים געווען ניט בלויז אַ פֿאָרמעלע צערעמאָניע, אַ מין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ", אַריינצודרינגען אין דער פֿויערישער „ראָסיי". פֿאַרן טויפֿן זיך איז ער געווען פֿאַרזונקען אין געבעט־בוך און אין קאַטעכיזים און נאָך דעם טויף־אַקט האָט ער אין זיך דערפֿילט אַ נייע נשמה: „איך האָב זיך דעמאָלט געפֿילט ווי אַ באַנייטער. איך וועל גיין אין פֿאָלק — האָב איך געקלערט — שוין ניט ווי אַ ייד, נאָר ווי אַ קריסט. איך האָב מיר באַהעפֿט מיטן פֿאָלק!" אויב „גיין אין פֿאָלק" האָט כמעט בײַ אַלע יידישע רעוואָלוציאָנערן פֿון יענער צייט געהייסן אַוועק פֿון יידן, איז עס פֿאַר אַזעלכע טיף־אויפֿריכטיקע נאַטורן, ווי אַפּטעקמאַן, געווען קנאַפּ. זיי האָט כּסדר געפּייניקט דער געדאַנק, אַז זיי זיינען נאָך אַלץ פֿרעמד דעם פֿאָלק, אין וועלכן זיי גייען. צווישן זיי מיט אים שטייען דאָס בלוט און די אמונה. דאָס בלוט בייטן קאָן מען ניט. די רעליגיע מוז מען בייטן. און ניט אויסערלעך, ניט על־פּי נויט, נאָר מיט שמחה, פֿון גאַנצן האַרצן זיך צונויפֿגיסן מיטן פֿאָלק און זיין אמונה.

און דאָך איז אין דעם ווילנער קרייזל געווען איינער, וועמען ס׳געהערט די איניציאַטיוו פֿון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע צווישן יידן. דאָס איז געווען אַהרן ליבערמאַן, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פֿון „האמת" און גרינדער פֿונם ערשטן יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד אין לאָנדאָן. וו. יאָכעלסאָן שרייבט וועגן אים: „פֿאַרשטייט זיך, אַז

ער איז געשטאַנען אויף דער פּאָזיציע פון רעליגיעזן ניט־גלויבן. אָבער אין אונזער קרייזל איז ער געווען דער, וואָס האָט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און די קולטורעלע אייגנטימלעכקייטן פונם יידישן פאָלק און וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ סאָציאַליסטישן פאַרלאַג אויף דער יידישער שפּראַך. אָבער די פראַגע: אין וועלכער שפּראַך, אין זשאַרגאָן אָדער העברעיש, האָט ליבערמאַן באַשלאָסן פאַר דער לעצטער, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז פריער פון אַלץ דאַרף מען צוגרייטן אַ קאַדר פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער אינטעליגענטער תלמודיסטישער יוגנט, און אַז איבערגעבן דעם סאָציאַליזם וויסנשאַפטלעך איז מעגלעך נאָר אויף דער שפּראַך, וואָס, הגם מען רעדט אויף איר ניט, פאַרמאָגט זי אָבער אַ רייכע ליטעראַטור". די חברים האָבן ליבערמאַנען ניט פאַרשטאַנען: זיי האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ בעל־חלומות, הגם זיי האָבן אים געהאָלפן איינשטעלן פאַרבינדונגען און אָרגאַניזירן דעם טראַנספּאָרט פון „האמת".

דער ערשטער יידישער רעוואָלוציאָנערער קרייזל אין ווילנע האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן. צווישן די שילער פון לערער־אינסטיטוט איז געווען איינער אַ מנוול, וועלכער האָט געמסרט. דעם 30־טן יוני 1875 איז אין אינסטיטוט געווען אַ רעוויזיע. ביי די שילער האָט מען געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור. מ'האָט געפאָדערט, זיי זאָלן זיך מודה זיין, גענומען סטראַשען. איינער ר. האָט זיך דערשראָקן און אָנגעוויזן אויף זיין חבר וו. דער דאָזיקער וו. (ווײנער ?) האָט זיך אין דער ערשטער מינוט פאַרלאָרן און אָנגעוויזן אויף זונדעלעוויטשן. ער האָט אָבער באַלד חרטה געקראָגן און, נאָך איידער די מעשה איז איבערגעגאַנגען צו דער זשאַנדאַרמעריע, האָט ער מודיע געווען זונדעלעוויטשן וועגן דער געפאַר (די רעוויזיע האָט אַפּנים געמאַכט די אַדמיניסטראַציע פון אינסטיטוט, וועלכע האָט זיך ניט געאיילט איבערצוגעבן די זאַך דער פּאָליציי אוים מורא, מ'זאָל דערווייל ניט פאַרמאַכן דעם אינסטיטוט). ווײנער און זונדעלעוויטש האָבן באַוויזן זיך צו באַהאַלטן. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַ רעוויזיע אין זונ־דעלעוויטשעס דירה, אָבער דאָרטן האָט מען געפונען בלויז שוסטער־געצייג — אַ סימן, אַז דער יונגערמאַן קלייבט זיך גיין אין פאָלק.

דער בעל־דבר אַליין איז שוין נעלם געוואָרן. מ'האָט געזוכט דעם רעאַליסט יאָכעלסאָן, וואָס האָט געוואוינט מיט זונדעלעוויטשן צו־זאַמען, אָבער ער איז שוין אויך ניט געווען. האָט מען אַרעסטירט זונדעלעוויטשעס עלטערן און יאָכעלסאָנס מוטער, צום סוף אויך זונ־דעלעוויטשעס ייִנגערן ברודער מיראָן, אַ ייִנגל פון 15 יאָר. דאָס ייִנגל האָט זיך געהאַלטן גאַנץ מוטיק, ער האָט אָבער דערציילט, אַז זיין ברודער אַהרן איז געווען באַקענט מיט ליבערמאַנען, דעם פאַרוואַל־טער פון דער ווילנער פאַרזיכערונגס־אַגענטור „נאַדעזשדאַ“ („האָפ־נונג“). ביי ליבערמאַנען אין הויז האָט מען געמאַכט עטלעכע שטרענגע רעוויזיעס, אָבער אים אַליין האָט מען ניט געפונען.

דאָס, וואָס די „שולדיקע“ זיינען אַנטרונען געוואָרן, האָט שטאַרק צערייצט די ווילנער פאָליציי. דער פאָליצמייסטער האָט פאַררופן צו זיך פאָרשטייער פון די כלי־קודש און רעפּרעזענטאַנטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און ער האָט מיט זיי גערעדט האַרבע ווערטער: „ביז אַהער האָבן מיר אייך, ייִדן, גערעכנט בלויז פאַר שווינדלער. איצט וועלן מיר אייך רעכענען פאַר בונטמאַכער אויך!“ דערביי האָט ער געפאָדערט, די רעפּרעזענטאַנטן זאָלן ווירקן אויף דער ייִדישער יוגנט. דער סוף איז געווען, אַז אין אַלע שולן און קלויזן פון ווילנע האָט מען פון בימה איבערגעלייענט אַ כרוז פון ווילנער שטאָט־מגיד, וואו ער האָט געשאָלטן שוועבל און פעך אויף די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן און האָט דערוויזן מיט פסוקים, אַז זיי זיינען פאַרברעכער, אַפּיקורסים און עוכרי־ישראל. און דעריבער: „ווער עס קען איינעם פון די פאַר־ברעכערישע פאַרשפּרייטער פון די דאָזיקע משוגענע און פאַרדאַרבערישע ביכלעך, איז אים מחויב אַרויסצוגעבן... לכן, קלוגע עלטערן, גיט אַכטונג און שפּירט גוט נאָך אייערע זין. דערווייטערט פון זיי שטאַרק די דאָזיקע פאַרדאַרבערישע ביכלעך. חזרט זיי כסדר וועגן דער סכנה, וואָס סטראַשעט ניט בלויז די אייגנטימער און לייענער פון אָט די ביכער, נאָר אויך יענע, וואָס הערן זיך צו צו זייערע פאַרברעכערישע רייד, ווייל אין פאַל ווען די רעגירונג וועט אַנטפּלעקן איינעם פון די פאַרברעכער, וועט די אויספאָרשונג אַרויסווייזן די מיטשולדיקייט פון אַנדערע, וואָס זיינען געווען אין חברה מיט אָט דעם שענדלעכן מענטשן. דעריבער היט זיך אָנצורירן אָן די דאָזיקע פאַרברעכערישע

ביכלעך, ערגער ווי אַן אַ שעדלעכער מגפה". אַזוי האָט אונזער קלער מיט אַ יאָר 50 צוריק באַגעגנט די ערשטע טריט פון די ערשטע יידישע רעוואָלוציאָנערן. און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אים ביז היינטיקן טאָג. אַמאָל אים מורא פאַר אַ קנעפּל, אַמאָל פון אייגענער איניציאַטיוו, אָבער שטענדיק האָט דער קלער געזוכט צו שעדיקן.

זונדעלעוויטש, יאָכעלסאָן, ליבערמאַן און וויינער האָבן געמוזט אַנטלויפן און ווערן אומלעגאַל. זונדעלעוויטש און יאָכעלסאָן זיינען דורך קאָוונע אַוועק קיין אויסלאַנד. אָבער די קרייזל־באַוועגונג אין ווילנע האָט עס ניט געהרגעט. אמת, דער טומל, וואָס די פּאָליציי האָט אויפגעהויבן, האָט דערוועקט אַן אומרו צווישן די עלטערן, און זיי האָבן אָנגעהויבן ציטערן אימת מות פאַר די „ביכלעך". ביי דער יוגנט אָבער האָט דער זעלביקער טומל נאָר פאַרשאַרפט די נייגעריקייט און דעם אינטערעס צו געהיימע קרייזלעך און צו אומלעגאַלער ליטעראַטור, און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, דער באַוועגונג צוניץ געקומען.

---

## II

זונדעלעוויטש האָט פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד, אין קעניגסבערג און בערלין נאָר עטלעכע וואָכן און ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד צו דער אַרבעט. פון דעמאָלט אָן און ביז זיין אַרעסט אין סוף 1879 לעבט ער אומלעגאַל און גיט זיך אינגאַנצן אָפּ דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיין גרויסער פּראַקטישער שכל און אָרגאַניזאַטאָרישער טאַלענט רוקן אים באַלד אַרויס אין דער ערשטער שורה. לעאָ דייטש זאָגט עדות, אַז זונדעלעוויטש האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט מיטן פּראַקטישן שניט פון זיין שכל. „אין איינעקע צווייגן פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָט ער ניט געהאַט זיין גלייכן און איז געשטאַנען אויסער יעדער קאָנקורענץ". דאָס זעלבע דערציילן אונז אַלע, וואָס דערמאָנען זונדעלעוויטשן אין זייערע זכרונות פון יענער צייט. ווען עס איז אין האַרבסט 1876 געגרינדעט געוואָרן די

באַוואוסטע אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ“, איז זונדעלעוויטש גע־וועז איינער פון די 22 רעוואָלוציאָנערן (פּלעכאַנאָוו, מאַרק נאַטאַנזאָן וכדומה), וואָס האָבן געבילדעט איר גרונט־קרייז. ער איז אויך גע־וועז אַ מיטגליד אין דעם גרויסן ראַט פון „זעמליאַ אי וואָליאַ“.

זיין הויפּט־אַרבעט איז געבליבן די זעלביקע, וואָס אין וויל־נער פּעריאָד: אָרגאַניזירן דעם אומלעגאַלן טראַנספּאָרט; אָבער איצט האָט די דאָזיקע אַרבעט באַקומען אַ סך אַ גרעסערן פּאַרנעם. יוסף אַפּטעקמאַן דערציילט: „זונדעלעוויטש איז געווען אַ מין מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים. זיין חוב איז געווען איינשטעלן באַציונ־גען מיט דער אויסלענדישער וועלט אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען: אָרגאַניזירן וועגן אויך צוצושטעלן פון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד אומ־לעגאַלע ליטעראַטור, דרוק־מכשירים וכדומה, אַריבערצופירן פון אויס־לאַנד און צוריק רעוואָלוציאָנערן פאַר די פאַרשיידנסטע אַ נטערהאַנד־לונגען מיט די פּאָליטישע עמיגראַנטן און ד. גל. צווישן דער גרענעץ־וואַך און די קאָנטראַבאַנדיסטן איז ער געווען אַן אייגענער מענטש. צוליב זיין אַרט אַרבעט האָט ער שטענדיק געהאַלטן אין אַרומפאָרן. ווען אונזערער אַ חבר האָט אַמאָל געפרעגט: וואו וואוינט זונדעלע־וויטש? איז געווען דער ענטפער: אין וואַגאָן פון דריטן קלאַס“.

לויט ווי וו. יאָכעלסאָן דערציילט, איז דער הויפּט־נעסט פון די קאָנטראַבאַנדיסטן דעמאָלט געווען דאָס שטעטל שירווינט, סוואַלקער גובערניע, 40 ווייאָרסט צו דרום־זייט פון ווערבעלאָווע. כדי צו קו־מען אַהין, האָט מען געדאַרפט אַראָפּ פון צוג מיט אַ סטאַציע אָדער צוויי פאַר ווערבעלאָווע און פון דאָרטן צופאָרן מיט אַ פור. ווען מ'האָט געדאַרפט פאָרן קיין רוסלאַנד, פלעגט מען אַראָפּ אין שטאַלופּן, די לעצטע דייטשע סטאַציע פאַר אייטקונען, און דאָרטן האָט מען זיך געטראָפן מיט די קאָנטראַבאַנדיסטן. דער הויפּט פון די קאָנטראַבאַנדיסטן איז געווען איינער זלמן, אַפנים דער זעלביקער, וועמען סטעפּניאַק פירט אַרויס אין זיין ראָמאַן „אַנדריי קאָזשוכאָוו“ אונטערן נאָמען „דער געלער שמואל“. דאָס איז געווען אַ געלער ייד, אַ נידעריקער מיט ברייטע פּלייצעס. זיין גאַנצע פאַמיליע האָט זיך באַשעפטיקט מיט קאָנטראַבאַנד. איין זון איז צוליב דעם געצוואונ־גען געווען צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע. מיט זלמנען האָט געאַרבעט

אַ שוואָגער, אַ מענטש, וואָס האָט ניט געוואוסט, וואָס הייסט מורא. איינמאָל, בעת ער האָט אויף אַ שיפל אַריבערגעפירט איבערן גרענעץ טייכל פאַרבאָטענע זאַכן, איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אין רוקן, און פון דעמאָלט אָן האָט ער געוואוינט אויף יענער זייט גרענעץ, אין פּרייסן. זלמנען האָבן אויך געהאָלפן אין דער אַרבעט די ניט־יידישע איינוואוינער פון שטעטל און די גרענעץ־פויערים: ליטווינער, פּאָליאַקן און דייטשן. אין 1881, נאָכדעם ווי מאָראָזאָוו און אָסטאַפּיעוו, וועלכע ער האָט אַריבערגעפירט די גרענעץ פון דייטשלאַנד קיין רוסלאַנד, זיינען אַרעסטירט געוואָרן, האָט זלמן אַליין אויך געמוזט אַנטלויפן קיין אַמעריקע.

די מעטאָדן, ווי אַריבערצופירן מענטשן איבער דער גרענעץ, זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיקע. אַמאָל פלעגט עס זיין אַזוי: אַז דער זעלנער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט באַמערקט זלמנען מיט זיין קליענט, איז ער אַוועקגעגאַנגען אין אַן אַנדער זייט; אַמאָל פלעגט דער באַאַמטער, וואָס שטייט ביים שלאַגבוים פון דער יבשה־גרענעץ, דורכלאָזן מיט עפּעס פאַרדעכטיקע פּאַפּירלעך. אַמאָל פלעגט דער אַרבעטער פון מיל, וואָס ביים גרענעץ־טייכל, אַריבערטראָגן מענטשן אויפן רוקן, ווי זעק מעל. און אַמאָל פלעגט זלמן איבערטאָן אַ קריסט פאַר אַ יידן און אַריבערפירן אים איבער דער גרענעץ, ווי זיינעם אַ קרוב, וואָס האָט, ווי אַלע איינוואוינער פונם גרענעץ־שטעטל, געהאַט אַ שטענדיקע לעגיטימאַציע אויף אַריבער אַהין און צוריק. אַזוי האָט ער אַריבערגעפירט סטעפּאַנאָוויטשן. ביי אָט די אַלע מעטאָדן פלעגן אַמאָל אַרויסקומען צופעליקע קאָמפּליקאַציעס, פון וועלכע זלמן האָט זיך געקאָנט פלינק אַרויספּלאָנטערן. ער האָט געוואוסט, אַז פאַרבאָטענע ביכלעך זיינען אַ געפערלעכערע סחורה, ווי געוויינלעכע קאָנטראַבאַנד, און דאָך פלעגט ער זיי אַריבערפירן די גרענעץ און ער האָט זיי ניט איינמאָל אָפּגעפירט קיין ווילנע און אַפילו דירעקט קיין פּעטערבורג. דורך אים האָט זונדעלעוויטש אַריבערגעפירט פון אויסלאַנד צוויי דרוקערייען און אַפילו דינאַמיט. די מכשירים פאַר דער דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זלמן אַליין צוגעשטעלט אין פּעטערבורג.

זונדעלעוויטש פלעגט אָפט צופאָרן קיין שירווינט. ער פלעגט אויך שיקן די קאָנטראַבאַנדיסטן בריוו און דעפעשן אין אַ פאַרשטעלטן אומשולדיקן לשון, וואָס איז צווישן זיי פאָראויס געווען אָפגעמאַכט. וויכטיקע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זייער לאַגע איז געווען באַזונדערס געפערלעך, פלעגט זונדעלעוויטש אַליין באַגלייטן איבער דער גרענעץ. אַזעלכע פלעגט ער אויך קומען איבערנעמען, ווען זיי האָבן זיך געדאַרפט אומקערן פון אויסלאַנד צוריק. אַז ער אַליין איז געווען דערביי, איז דאָס אַריבערפירן איינגעאָרדנט געוואָרן זיכערער. אין זיין ראָמאַן „אַנדריי קאָזשוכאָוו" פירט סטעפּניאַק אַרויס זונדעלעוויטשן אונטערן נאָמען דוד סטערן. לויט זיין שילדערונג, איז זונדעלעוויטש געווען זייער קאַרג מיט די קאָנטראַבאַנדיסטן. „אויסגערעכנטקייט אין אויסברעגנגען רעוואָלוציאָנערע געלט האָט ער געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב פון אַ פאַרטיי-מיטגליד". ביז זונדעלעוויטשן האָט מען פאַר אַריבערפירן אַ מענטשן איבערן גרענעץ געצאָלט 25 רובל און מערער. זונדעלעוויטש האָט אַראָפגעוואָרפן דעם פרייז ביז 10 רובל פון אַ מענטשן, און ער האָט פאַרבאָטן צו נעמען ביי די אַריבערגעפירטע אויף יענער זייט וועלכע עס איז צוגאָב-געלט, אויסער דער באַשטימטער סומע, און דאָך זיינען די קאָנטראַבאַנדיסטן געווען צופרידן, ווייל זונדעלעוויטש האָט זיי צוגעשטעלט צען מאָל מער אַרבעט, ווי פריער. זונדעלעוויטש האָט זיך געהאַלטן זייער קאָנספּיראַטיוו און פּאָרזיכטיק. די קאָנטראַבאַנדיסטן האָבן אַפילו זיין אמתן נאָמען ניט געוואוסט. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אָרעם, און זיין גאַנצער אויסזען איז געווען אַזוי איינפאַך, אַז קיינעם, אַפילו ודי זשאַנדאַרן, מיט וועלכע ער איז געזעסן ביי שמואל דעם געלן אין שענק, האָט גאָר אויפן זינען ניט געקענט אַרויף, אַז דאָס איז אַ פאַרדעכטיקער מענטש. אויף יעדן פאַל האָט ער געהאַלטן אין זיין טשעמאָדאַן אַ פּאָר תפילין, ווי אַ כשרער ייד. די קאָנטראַבאַנדיסטן האָבן ניט געקאָנט באַגרייפן, צוליב וואָס זונדעלעוויטש גיט זיך אָפּ מיט אַזאַ געפערלעכער אַרבעט. „ער מוז מסתמא אַ סך פאַרדינען דערפון?..." האָט זלמן אַמאָל געפרעגט יאָכעלסאָנען. דאָך האָבן זיי געפילט צו זונדעלעוויטשן דעם גרעסטן צוטרוי. ער איז פאַר זיי געווען אַ רעטעניש, אָבער אַן אַווטאָ-ריטעט.

איינער פֿון זונדעלעוויטשעס גרעסטע פֿאַרדינסטן איז געווען די געהיימע דרוקעריי, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אין פּעטערבורג. סטעפּניאַק שרייבט אין זיין „אונטערערדישער רוסלאַנד“ וועגן דעם אַזוי: „דאָס באַדערפֿעניש אין אַן אָרטיקער אונטערערדישער פּרעסע, וואָס זאָל אויפֿן שטעל קאָנען ענטפֿערן אויף אַלע טאָג־פֿראַגן, איז געוואָרן אַלץ מערער דרינגענדיק. עס האָט אָבער אויסגעזען, פּונקט ווי עפּעס אַ בייזער מזל וואָלט געלעגן אויף אַלע פּראָבעס, וואָס זיינען אין דעם פּרט געמאַכט געוואָרן: זיי האָבן זיך ניט געהאַלטן. און נאָך אַ סך פּרוּוון, האָבן אַלע אָנערקענט, אַז אָרגאַניזירן אַ געהיימע דרוקעריי איז ניט בלויז אַ שווערע, נאָר פּשוט אַן אוממעגלעכע זאַך, אַ פּוסטער חלום, וואָס פֿירט נאָר צו צוועקלאָזער פֿאַרשווענדונג פֿון געלט און צום אונטערגאַנג פֿון די בעסטע קרעפֿטן. דער געדאַנק וועגן אַ געהיימער דרוקעריי איז ענדגילטיק אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. „ערנסטע“ מענטשן האָבן פּשוט מער ניט געוואָלט הערן פֿון דעם. עס האָט זיך פֿונדעסטוועגן געפֿונען אַ טרוימער, אַ פֿאַנטאַזיאָר, וואָס האָט בשום אופֿן ניט געוואָלט אָנערקענען די ענדגילטיקייט פֿון דער אָנגענומענער מיינונג און האָט מיט היץ דערוויזן, אַז מ'קאָן אַוועקשטעלן אַ דרוקעריי אַפֿילו אין סאַמע פּעטערבורג, און ער וועט זי אַוועקשטעלן, אויב מ'וועט אים נאָר געבן די נייטיקע מיטלען. דעם דאָזיקן טרוימער האָט מען גערופֿן אַהרן זונדעלעוויטש... נאָך אַ סך אָנשטרענגונגען האָט זיך זונדעלעוויטשן איינגעגעבן גובֿר צו זיין די אומצופֿרידנקייט פֿון די חבֿרים און באַקומען אויף זיין פֿאַרקלערטן אויפֿטו אומגעפֿער 4000 ר. מיט אָט דעם געלט איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד, האָט דאָרטן איינגעקויפֿט און צוגעשטעלט קיין פּעטערבורג אַלץ, וואָס נייטיק, זיך אַליין אויסגעלערנט זעצן און אויסגעלערנט די דאָזיקע אַרבעט נאָך 4 פֿון זיינע חבֿרים און לסוף האָט ער מיט זיי אין 1877 אַוועקגעשטעלט אין פּעטערבורג אַ געהיימע דרוקעריי, די ערשטע, וואָס איז ווערט געווען דעם דאָזיקן נאָמען, ווייל זי האָט רעגלמעסיק געאַרבעט און האָט אַרויסגעלאָזן גאַנץ אָנשטענדיקע קליינע בראָשורן און שפּעטער אויך אַ צייטונג. זונדעלעוויטשעס פּלאַן איז געווען אַזוי פּשוט, נאַטירלעך און קלוג, אַז ניט קוקנדיק אויף אַלע אירע איינגעשפּאַרטסטע אויסשפּירונגען, האָט די פּאָליציי גאַנצע

4 יאָר ניט געקענט געפינען די שפּורן פון דער דרוקעריי, און זי איז אַנטדעקט געוואָרן אַ דאַנק אַ נאַרישער צופעליקייט".

אין משך פון 1878—9 זיינען פון אָט דער דרוקעריי אַרויס אומגעפער 25 פּראָקלאַמאַציעס און קליינע בראָשורן, 5 נומערן „זעמליאַ אי וואָליאַ", 5 נומערן „בלעטל פון זעמליאַ אי וואָליאַ". די דירה, וואו די דרוקעריי האָט זיך געפונען, איז געווען באַוואוסט נאָר דער אַזוי גערופענער „טיפּאָגראַפישער גרופּע", וועלכע איז באַשטאַנען פון אָלגאַ נאַטאַנזאָן, אָבאָליעשעוו און זונדעלעוויטש. „יאָ, שרייבט אַפּטעקמאַן, אַ סך ענערגיע, האָרעוואַניע און אונטערנעמערישן גייסט האָט זונדעלעוויטש אויף דער זאַך אַוועקגעלייגט: די דרוקעריי איז אינגאַנצן זיין אַרבעט".

זונדעלעוויטש האָט אָנטייל גענומען אויך אין באַזאָרגן די אָרגאַניזאַציע מיט פינאַנסן, אַזוי איז באַקאַנט דער פאַקט, אַז נאָכדעם ווי די צאַרישע רעגירונג האָט אויפגעהאָנגען דעם זעמלעוואָלעץ דימיטרי ליזאָגוב, וועלכער איז געווען אַ רייכער פּריץ און האָט פאַר זיין לעבן געגעבן אַ סך געלט פאַר דער באַוועגונג, האָט די אָרגאַניזאַציע אָנגענומען מיטלען צו רעאַליזירן זיין ירושה, און זונדעלעוויטש האָט זיך אונטערן נאָמען ווינער צוליב דעם געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט איינעם דריגאָ, דעם פאַרוואַלטער פון ליזאָגובס מאַיאָנטקעס.

זונדעלעוויטש האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויך אויף די פּרינציפּן און טאַקטיק פון דער באַוועגונג. אַליין אַ מיטגליד פון די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", איז ער זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט זיין אָרגאַניזאַציע אין די וויכטיקסטע פּונקטן פון איר פּראָגראַם. ער האָט ניט געגלויבט אין דעם ערשטן אַני מאַמין פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", אַז דער רוסישער פּויער טראָגט דעם סאָציאַליזם אין זיין נשמה און איז פיקס און פאַרטיק צו מאַכן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע. זונדעלעוויטש איז געווען איינער פון די ערשטע און אפשר טאַקע דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס „גיין אין פאָלק" ברענגט צו קיינע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן ניט, אַחוץ דעם, וואָס מען פטרט דערויף די בעסטע כוחות.

זונדעלעוויטש פלעגט אָפט זיין אין אויסלאַנד, פאַרברענגען צו עטלעכע וואָכן אין דייטשלאַנד, אַמאָל אויך אין דער שווייץ צווישן די פּאָליטישע עמיגראַנטן. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער דאָרטיקער אַרבעטער=באַוועגונג און זי האָט אים פאַראינטערעסירט; ער האָט אָנגעהויבן גלויבן, אַז דער אייראָפּעישער פּראָלעטאַריאַט איז דער אמתער טרעגער פון סאָציאַליזם. זייענדיק אין בערלין, האָט ער, ווי איניקע אַנדערע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן דאָרטן דעמאָלט געוואוינט, געפירט באַקאַנטשאַפט מיט די טוער פון דער דייטשער ס. ד. געגאַנגען אויף זייערע פאַרזאַמלונגען און אַפילו געהאָלפן זיי בעת אַ וואַל=קאַמפּאַניע. וו. יאָכעלסאָן דערציילט: „בעת די וואַלן צום רייכסטאַג (פון 1875 אָדער 1876, איך געדענק ניט גענוי) האָבן מיר אויף די גאַסן, וואָס פירן צו די וואַל=לאָקאַלן, געטיילט סאָציאַל=דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטן=צעטלעך. זונדעלעוויטש, וועלכער איז דעמאָלט געקומען קיין בערלין, איז אַרעסטירט געוואָרן דערפאַר, וואָס ער האָט געטיילט די צעטלעך נאָענט לעבן אַריינגאַנג אין וואַל=לאָקאַל, און די אָרטיקע ס. ד. איז אויסגעקומען אים צו באַפרייען. ער האָט, נאַטירלעך, ניט געזאָגט, אַז ער איז אַן אויסלענדער, אַזעלכע קעגנזייטיקע באַציִונגען האָבן אונז ניט געשטערט צו טאַדלען די דייטשן דערפאַר, וואָס זייער טאַקטיק איז ניט קיין רעוואָלוציאָנערע, און דערפאַר, וואָס זייערע פאָרשטייער נעמען אָנטייל אין אַ בורזשואַזן פּאַרלאַמענט". די רוסישע רעוואָלוציאָנערן זיינען דעמאָלט געווען באַקיניסטן, זיי זיינען געווען קעגן פּאַרלאַמענטאַריזם, האָבן געהאַלטן, אַז אין רוסלאַנד דאַרף מען ניט קעמפן קעגן דעספּאָטיזם פאַר פּאָליטישע פרייהייט, נאָר גלייך פאַרן סאָציאַליזם. וואָס וועט דאָס רוסישע פאָלק געווינען פון אַ בורזשואַזער קאָנסטיטוציע? דאָס וועט נאָר העלפן איינשטעלן אַ קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, ווי אין מערב=אייראָפּע, בעת רוסלאַנד געפינט זיך אין אַ מער גליקלעכער לאַגע, קאָן אינגאַנצן איבערהיפּן דעם קאַפּיטאַליזם און פון פעאָדאַליזם גלייך אַריבער צום סאָציאַליזם. זונדעלעוויטש האָט דאָס אַלץ געהאַלטן פאַר אַ חלום, פאַר אַ פּוסטע פאַנטאַזיע: דעם קאַפּיטאַליזם וועט רוסלאַנד ניט אַריבערשפּרינגען. דער רוסישער פּויער שטייט ניט ערב אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער סאָציאַליזם וועט קומען אויפן וועג פון עוואָלוציע,

דורך אַ לאַנגן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, און כּדי צו מאַכן אַ וועג פאַר דער דאָזיקער עוואָלוציע, איז נייטיק אין רוסלאַנד, ווי אין מערב־אייראָפּע, פּאָליטישע פרייהייט, אַ קאָנסטיטוציע. זונדעלעוויטש איז שוין דעמאָלט געווען ניט קיין באַקוניסט, נאָר אַ מעסיקער סאָציאַל־דעמאָקראַט. ער איז דערגאַנגען דערצו ניט דורך טעאָריעס, נאָר מיט זיין געזונטן חוש פאַר דערווירקלעכקייט און צוקוקנדיק זיך צו די פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד און אין דער שווייץ. זונדעלעוויטש האָט אָנטייל גענומען אין די לאַנגע און הייסע וויכּוחים, וואָס פלעגן דעמאָלט נאָכאַנאַנד פאָרקומען צווישן די רעוואָלוציאָנערן, ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, געזוכט צו איבערצייגן, צו ווירקן.

אַרום 1878 זיינען שוין אַ סך אַקטיווע רעוואָלוציאָנערן געקומען צום שלום, אַז די טאַקטיק פון „גיין אין פאָלק" מוז מען אַוועקוואַרפן און מ'מוז אָנהייבן קעמפן פאַר פּאָליטישע פרייהייט. געבראַכט דערצו האָט זיי די ביטערע דערפאַרונג. אַרויסרופן בונטן ביי די פּויערים איז געווען גאָרניט אַזאַ לייכטע זאַך. דער פּויער האָט לחלוטין ניט געהאַט אַזאַ אָפּענעם אויער פאַרן סאָציאַליזם, ווי מ'האָט דערוואַרט. און צוקומען צו די פּויערים איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער. די שפּיר־הינט פונם צאַריזם האָבן געקוקט אויפן דאָרף מיט מיזנט אויגן. פאַר „גיין אין פאָלק" איז אויסגעקומען צו באַצאָלן מיט טורמע, סיביר, קאַטאָרגע און אַפילו מיט דער תּליה. אומגעהייער גרויסע קרבנות און קיינע רעזולטאַטן. אַרבעטן צווישן די פּויערים הייסט זיך שלאָגן, ווי אַ פיש אָן אייז — האָבן זיך געקלאָגט די קעגנער פון דער אַלטער טאַקטיק; און זיי האָבן אָנגעהויבן קומען צו דעם געדאַנק, אַז כּדי צו קענען פריי פירן די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, איז נייטיק פרייהייט פון וואָרט, נייטיק אַראָפּצוּוואַרפן די זעלבסטהערשונג און איינפירן אַ קאָנסטיטוציע. ניט אַלע „פּאָליטיקער" האָבן דערביי געהאַט איינע און די זעלביקע פּערספּעקטיוון. דאָס רובֿ האָבן געהאַלטן, אַז די קאָנסטיטוציע איז נאָר אַ קורצער מאָמענט פון איבערגאַנג: ווי נאָר די רעוואָלוציאָנערן וועלן באַקומען פרייהייט פון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, וועלן זיי באַלד קענען איבערציען די פּויערים אויף זייער זייט, און עס איז מעגלעך, אַז שוין די דעמאָקראַטיש־אויסגעוויילטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זאָל אָנהייבן איינפירן

אין רוסלאַנד דעם סאָציאַליזם; פריער פאַר אַלץ צונעמען די ערד בײַ די פריצים וכדומה און אָפּגעבן זי אין רשות פון דער אָבשטשינאַ און אויף אַזאַ אופן מאַכן פאַרן באַלעבאָס פון גאָר דער ערד — דעם פויער, איר פאַקטישן באַאַרבעטער. עס זײַנען געווען אייניקע אַזעלכע, און איינער פון זיי איז געווען זונדעלעוויטש, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די קאָנסטיטוציע וועט נאָר עפענען פאַר רוסלאַנד אַן עפּאָכע פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און דערנאָך וועט רוסלאַנד גיין צום סאָציאַליזם איפן זעלביקן וועג, וואָס דײַטשלאַנד.

אָבער ווי דערשלאָגט מען זיך פּאָליטישע פרײַהייט? וואו איז דער כּוח, וואָס זאָל אַראָפּוואַרפן דעם צאַרישן דעספּאָטיזם? צו די פויערישע מאַסן האָט מען געהאָפט צו געפינען אַ וועג ערשט נאָכדעם, ווי די פּאָליטישע פרײַהייט וועט שוין געוואונען ווערן. דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך צו יענער צײַט אין רוסלאַנד געווען אין די וויקעלעך, ניט קיין כּוח, אויף וועלכן מ'זאָל קענען בויען; פון די איינציקע אַרבעטער-קרײַזלעך, וואָס האָבן זיך געפירט מיט אַ סך אַ גרעסערן ערפאָלג, ווי די פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף, האָט נאָך אַפילו פלעכאַנאָוו דעמאָלט ניט געקענט פאָראויסזען די גרויסע ראָלע, וואָס דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט וועט אויסקומען צו שפּילן. און פּאָליטישע פרײַהייט האָט מען געדאַרפט האָבן שוין, מ'האָט ניט געקאָנט וואַרטן, ביז פון די קערנדלעך וועלן ווערן ביימער. די אינטעליגענטע יוגנט, פון וועלכער עס איז באַשטאַנען די גרעסטע מערהייט פון די רעוואָלוציאָנערן, האָט געקאָנט בויען נאָר אויף אירע אייגענע כּוחות. אין דער טעאָריע איז אויפן באָדן פון אַזעלכע אָביעקטיווע באַדינגונגען אויסגעוואַקסן די סוביעקטיוויסטישע אידעאָלאָגיע, אַז די געשיכטע ווערט געשאַפן דורך די „קריטיש-דענקענדיקע פּערזענלעכקייטן“, פּשוט גערעדט: דורך דער אינטעליגענץ. אין דער פּראַקטיק האָבן די דאָזיקע באַדינגונגען געמוזט פירן צום טעראָר. די אינטעליגענטע יוגנט, איבערגעלאָזן אויף אירע אייגענע כּוחות, קאָן קיין אויפשטאַנד ניט מאַכן; זי קאָן נעמען אַ רעוואָלווער אָדער אַ באָמבע, אָרגאַניזירן און אויספירן אַטענטאַטן, פאַרשווערונגען. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון איינצלנע נקמה-אַקטן: מ'האָט אָפּגערוימט פון וועג עטלעכע צאַרישע סאַטראַפּן, וועלכע האָבן שוין צו פיל

געווילדעוועט און אַרויסגעוויזן גרויסע אַכזריות קעגן פּאָליטישע אַרעסטירטע; מ׳האָט געהרגעט אַ פּאָר שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן; מ׳האָט באַפרייט עטלעכע וויכטיקע אַרעסטירטע, וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר דער סכּנה פון שטריקל, און ווען די ערשטע טעראָריסטישע אַקטן האָבן זיך איינגעגעבן און געמאַכט אַ גרויסן רושם, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק צו מאַכן דעם טעראָר פאַר אַ סיסטעם, פאַר דער טאַקטיק פון דער באַוועגונג: דעזאָרגאַניזירן די רעגירונג, האַלטן זי אין אימה, סוף־כּל־סוף טויטן דעם צאַר אַליין און אויף אַזאַ אופן צווינגען די רעאַקציע צו געבן פּאָליטישע פרייהייט.

אַרום 1878 האָט זיך אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“ אָנגעהויבן אַ שאַרפער אינעווייניקסטער קאַמף צווישן די „פּאָליטיקער“ מיט די נאַראָדניקעס, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר דער אַלטער טאַקטיק פון „גיין אין פאָלק“. זונדעלעוויטש איז, פאַרשטייט זיך, געווען מיט די „פּאָליטיקער“.

שוין אין דער פּראָגראַם פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“ איז געווען אַ פּונקט וועגן אַ צענטראַלן קלאַפּ. מ׳האָט גערעדט וועגן מינירן און אויפרייסן מיט דינאַמיט דעם ווינטער־פּאַלאַץ אין פּעטערבורג און אויף אַזאַ אופן טויטן דעם צאַר מיט זיין פאַמיליע. אָבער ביי די ריינע זעמלעוואָלצעס האָט דער דאָזיקער פּונקט געהאַט גאָר אַן אַנדער באַדייטונג, ווי שפּעטער אַ ביסל ביי די „פּאָליטיקער“. די גרינדער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“ האָבן געהאַלטן, אַז דער צענטראַלער קלאַפּ וועט זיין נייטיק ערשט אין אַזאַ מאָמענט, ווען אין לאַנד וועט זיך אָנהייבן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד. דעמאָלט וועט דער צענטראַלער קלאַפּ דעזאָרגאַניזירן די מלוכה־מאַכט און געבן דער פאָלקסבאַוועגונג אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרפעסטיקן און פונאַנדערוואַקסן. דער שווערפּונקט איז געלעגן אין דער אַרבעט אין פאָלק, אין דעם אויפשטאַנד פון פאָלק. ביי די פּאָליטיקער דערקעגן איז דער שווערפּונקט געלעגן אין דעם צענטראַלן קלאַפּ גופא, וועלכער וועט אויפוועקן דאָס פאָלק און פונאַנדערבינדן זיינע כּוחות. מ׳דאַרף ניט אָפּלייגן דעם צענטראַלן טעראָר, ביז עס וועט אויסברעכן אַן אויפשטאַנד; פאַרקערט דאָס דאָזיקע אַקט איז די וויכטיקסטע אַרבעט, פון וועלכע מ׳דאַרף גלייך אָנהייבן. די פּאָליטיקער האָבן בכלל געהאַלטן ניט

פון קיין אויפשטאַנד, נאָר פון אַ פאַרשווערונג: אַ הייפל רעוואָלוציאָ־נערן פאַרכאַפּט די מאַכט דורך טעראָר, בילדעט אַ צייטווייליקע רע־גירונג און ערשט דערנאָך טרעט מען צו אויסצוקלייבן אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל אויסדריקן דעם ווילן פון פאָלק און איבערנעמען די פולע מאַכט. די נאַראָדניקעס האָבן געהאַלטן, אַז אויב שוין טע־ראָר, איז אַקטן קעגן פריצים און רייכע פויערים־קולאַקעס, וואָס זויגן אויס דעם דאָרף, אַקטן קעגן דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, וועלכע העלפט די פריצים און די קולאַקעס אויסזויגן דעם דאָרף. אַזאַ אַגראַר־טעראָר, וועלכער קומט פאָר נאָענט צום פויער, אויפן באָדן פון די דירעקטע עוולות, וואָס דער פויער שטייט אויס, איז דעם פאָלק פאַרשטענדלעך, און העלפט אויפבלאָזן דעם פייער פון פאָלקס־אויפשטאַנד. די „פּאָליטיקער" ווידער האָבן אין דער מעגלעכ־קייט פון אַ נאָענטן פאָלקס־אויפשטאַנד ניט געגלויבט. זיי האָבן אַליין ווייניקער אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז דאָס פאָלק איז פעיק זיך עפּעס צו דערשלאָגן מיט זיינע אייגענע כּוחות; זיי האָבן אָנגעהויבן אַליין מער צו גלויבן, אַז מ'קאָן זיך אַליין דערשלאָגן דורך דער איניציאַטיוו פון אַ רעוואָלוציאָנערער מינדערהייט. און די „פּאָליטיקער" האָבן גע־האַלטן, אַז דער גרעסטער עקספּלואַטאַטאָר און באַדריקער איז די צענטראַליזירטע מלוכה; די מלוכה איז די גרעסטע ערד־אייגנטימערין, דער גרעסטער פריץ. אַלע איבעריקע קלענערע עקספּלואַטאַטאָרן האַלטן זיך נאָר מיט דער הילף פון דער צענטראַליזירטער מלוכה. דאָס האָט זי פון תּמיד אָן אויפגעהאַלטן און האַלט נאָך איצט אויך אויף די פריצים. דאָס פירט זי איצט מיט איר מאַכט איין אין רוסלאַנד דעם מערב־אייראָפּעישן קאַפּיטאַל, וועלכער האָט ביי אונז קיין באָדן ניט און האָט דאָ אָרגאַניש ניט געקענט אויסוואַקסן. דערום — אַלע קרעפטן קעגן דער מלוכה. ווערט זי פאַלן, וועלן אַלע איבעריקע קלענערע עקספּלואַטאַטאָרן ממילא פאַרלירן זייער גרעסטע שטיצע. און איז דער הויפּט שונא די צענטראַליזירטע מלוכה און די טאַקטיק פון קאַמף — דער צענטראַלער קלאַפּ, מוז די אָרגאַניזאַציע אויך זיין שטרענג צענטראַליזירט, בעת ביי די זעמלעוואָלצעס, וואָס האָבן געלייגט די גרעסטע אַכט אויף דער אַרבעט אין פאָלק, אויף די

ערטער, איז די אָרגאַניזאַציע געווען געבויט, ווי אַ שוואַך־צונויפגעבונדענע פעדעראַציע.

עס איז געוואַקסן די קעגנזייטיקע אומצופרידנקייט צווישן די טוער פון דאָרף מיט די טוער פון שטאָט. אין דער פעטערבורגער עקזעקוטיוו זיינען פאַרשאַרפט געוואָרן די באַציִונגען צווישן די „פּאָליטיקער" מיט די נאַראָדניקעס. די „פּאָליטיקער" האָבן געטענהט, אַז די נאַראָדניקעס טוען גאָרניט אויף. זיי נעמען בלויז אָפּ כּוחות פון דער אַקטיווער טעראָריסטישער אַרבעט, שטערן מיט זייער קעגנערשאַפט צו אָרגאַניזירן די נייטיקע צענטראַלע אַקטן. די נאַראָדניקעס ווידער זיינען געווען זיכער, אַז די אַרבעט פון די פּאָליטיקער איז נאָר אַ פייערווערק, וואָס מאַכט אָן עפעקט, אָבער ברענגט ניט קיין ממשותדיקע נוצן. דער טעראָר קאָסט צו טייער: ער פאַרשאַרפט די רעפּרעסיעס מצד דער רעגירונג. ער פאַרבלענדט די יוגנט און ציט אָפּ די כּוחות פון דער גרויער אַלטעגלעכער אַרבעט. דער טעראָר, האָבן זיי געזאָגט, דעזאָרגאַניזירט ניט די רעגירונג, נאָר די רעוואָלוציאָנערן. די נאַראָדניקעס זיינען געווען איבערצייגט, אַז מ'קען ניט באַפרייען דאָס פאָלק דורך אַ פאַרשווערונג וואָס קומט פון אויבן. מ'מוז אַרבעטן ניט בלויז פאַרן פאָלק, נאָר אויך דורכן פאָלק. די איבערקערעניש וועט האָבן אַ קיום, נאָר ווען זי וועט קומען פון אונטן. ביידע גרופּעס האָבן געוואָלט איינהאַלטן די גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און ביידע האָבן זיך געגרייט צו אַ שפּאַלטונג. די פירער פון די נאַראָדניקעס, פּלעכאַנאָוו און פּאָפּאָוו, האָבן געפאָדערט אַ צוזאַמענפאָר, וואָס זאָל ענדגילטיק און אָבליגאַטאָריש באַשליסן די שטרייט־פראַגן: ווער עס וועט זיך ניט וועלן אונטערגעבן, זאָל אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע. די פירער פון די „פּאָליטיקער", אַל. מיכאַילאָוו, נ. מאָראָזאָוו און אַנדערע האָבן מורא געהאַט, די שפּאַלטונג זאָל זיי ניט טרעפן אומגעריכט, האָבן זיי אין די ראַמען פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" אָנגעהויבן שאַפן אַן אייגענע געהיימע אָרגאַניזאַציע, אָן דעם וויסן פון זייערע חברים־קעגנער. אין אָנהייב 1879 האָבן שוין די „פּאָליטיקער"־טעראָריסטן געהאַט אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" אַ באַזונדערע אָרגאַניזירטע גרופּע, וועלכע האָט געאַרבעט אויף אייגענער אַחריות, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער אָרגאַניזאַציע, פון

וועלכער זיי האָבן זיך נאָך פאָרמעל ניט אָפּגעשפּאָלטן. זיי האָבן געבילדעט אַן אויספירקאָמיטעט (איספּאָלקאָם) פון דער „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי", וואָס האָט אָרגאַניזירט טעראָריסטישע אַקטן און אַרויסגעלאָזט אויפרופן וועגן זיי. אין דעם דאָזיקן אויספיר־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געבילדעט נאָך פאַר דער שפּאַלטונג פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", זיינען אַריין: אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, מאָראָזאָוו, קוויאַטקאָווסקי, אָלגאַ ליובאָוויטש, טיכאָמיראָוו, זונדעלעוויטש, באַראַניקאָוו און סטעפּאַן שיראַיעוו. זונדעלעוויטש האָט אָנטייל גענומען אין אַלע וויכטיקע באַראַטונגען וועגן טעראָריסטישע אַקטן. איידער סאָלאָוויאָוו האָט פאָרגענומען זיין אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן (אויסגעפירט דעם 2־טן אַפּריל 1879) איז אין פּעטערבורג אין פאַרשיידענע טראַקטירן וועגן דעם פאָרגעקומען אַ ריי באַראַטונגען פון 6 מענטשן. דריי מיטגלידער פון אויספיר־קאָמיטעט: מיכאַילאָוו, זונדעלעוויטש, און קוויאַטקאָווסקי, און 3 צוגעפּאָרענע טעראָריסטן: קאָביליאַנסקי, גאָלדענבערג און סאָלאָוויאָוו. די באַראַטונגען זיינען פאָרגעקומען אָן דעם וויסן פון אָפיציעלן צענטער פון „זעמליאַ אי וואָליאַ", וועלכער איז געווען קעגן דעם אַטענטאַט.

סוף זומער 1879 איז אין וואָראָניעזש געווען אַ צוזאַמענפאָר פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", וואָס האָט געדאַרפט ענדגילטיק באַשליסן די פראַגע וועגן דער נייער טאַקטיק. פאַר דעם וואָראָניעזשער צוזאַמענפאָר איז אין ליפּעצק, טאַמבאָווער גוב., פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר בלויז פון די „פּאָליטיקער" אַליין. אויפן ליפּעצקער צוזאַמענפאָר איז געווען איינגעלאַדן זונדעלעוויטש אויך. ער איז דעמאָלט געווען אין דרום־רוסלאַנד, און גאָלדענבערג האָט געדאַרפט אימישנע פאָרן הורכריידן זיך מיט אים וועגן דעם. אָבער פאַרנומען מיט וויכטיקע פּאַרטיי־ענינים, האָט זונדעלעוויטש אויפן ליפּעצקער צוזאַמענפאָר ניט געקענט קומען. ווי באַקאַנט, האָט דער וואָראָניעזשער צוזאַמענפאָר דירעקט ניט געבראַכט צו קיין שפּאַלטונג פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ"; עס האָט זיך געענדיקט מיט אַ קאָמפּראָמיס. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום נאָכן צוזאַמענפאָר האָבן זיךביידע גרופּעס אַרומגעזען, אַז אַרבעטן אונטער איין דאַך איז פאַר זיי אוממעגלעך; זיי שטערן נאָר איינע די אַנדערע, און זיי האָבן

באַשלאָסן זיך צעטיילן. די נאַראָדניקעס האָבן געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע „טשאָרני פערעדיעל“, וועלכע איז געבליבן טריי דער אַלטער טאַקטיק און האָט נאָר שטאַרקער באַטאָנט די נייטיקייט פון קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע. די פּאָליטיקער האָבן אין סעפּטעמבער 1879 געבילדעט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ מיט אַן „איספּירקאָמיטעט“ פון 28 מענטשן, און וועלכן עס זיינען צווישן אַנדערע אַריין פּעראָווסקאַיאַ, זשעליאַבאָוו און אויך זונדעלעוויטש.

זונדעלעוויטש איז געווען זייער באַליבט ביי זיינע חברים, וועלכע האָבן אים צווישן זיך גערופן „מאָישע“ אָדער אַמאָל אויך זונד. אַפּטעקמאַן שרייבט וועגן אים: „אין יענע קורצע מאָמענטן, ווען ער פלעגט זיין אין פּעטערבורג, איז ער נאָכאַנאַנד געווען מיט זיינע חברים. אַ הומאַנער, אַ האַרציקער, אַ מענטש פון גלייכגעוויכט, האָט ער אַריינגעטראָגן אין אונזערע באַציִונגען וואַרעמקייט און ברודערשאַפט. דינען אַ חבר מיט וואָס עס־איז—איז פאַר מאָישען געווען אַ גרויסע פרייד; ווי פאַרנומען ער איז ניט געווען מיט וויכטיקע ענינים פון דער באַוועגונג, האָט ער דאָך געפונען צייט צו קויפן עפּעס פאַר אַ חבר, און ער איז געווען אַ גרויסער בריה צו קויפן ביליג און גוט“.

וועגן זונדעלעוויטשן אַלס מענטש, רופט זיך זייער וואַרעם אָפּ אויך לעאָ דייטש און אַנדערע. סטעפּניאַק אין זיין ראָמאַן דערציילט, אַז דוד סטערן, „אַ נידעריקער מיט ברייטע פּלייצעס, אַ מענטש פון אַ יאָר 25 מיט אַן אָנגענעמען רעגלמעסיקן פּנים פון יידישן טיפּ און מיט גרויסע טונקל־ברוינע אויגן, וואָס האָבן געקוקט ווייכמוטיק און פריינדלעך“, האָט אַליין געלעבט זייער באַשיידן, אַ פּענעץ ברויט מיט אַ שטיקל קעז, וואָס ער האָט מיטגעפירט מיט זיך אין טשעמאָדאַן, איז זיין עסן געווען. אָבער פאַר די חברים, וואָס ער האָט באַגלייט צו דער גרענעץ, האָט ער צוגעגרייט וואָס אַ בעסערן עסן. „דאָס איז פאַר דודן געווען אַן ערן־פראַגע. גלייכגילטיק צו זיין אייגענעם קאָמפאָרט, פלעגט ער אָפטמאָל דערגיין ביז קאָמיזם אין זאָרגן פאַר די מענטשן, וואָס מ'האָט אים אָנגעטרויט. ער האָט געזאָרגט ניט בלויז פאַר זייער זיכערקייט, נאָר אויך פאַר דעם, זיי זאָלן האָבן גוט צו עסן און זאָלן זיין צופרידן אין אַלע הינזיכטן“. זונדעלעוויטש

איז געווען טאַלעראַנט צו קעגנער. נאָך דער שפּאַלטונג פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" אויף צוויי זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס איז זונדעלעוויטש, אַליין אַ נאַראָדאָוואָלעץ, געבליבן אין די פריינד־לעכסטע באַציִונגען מיט די טשאָרני־פּערעדיעלצעס, און ער האָט זיי, ווי ווייט מעגלעך, געהאָלפן טעכניש און מיט פּראַקטישע עצות.

זונדעלעוויטש האָט זיך געהאַלטן זייער קאָנספּיראַטיוו און פּאָר־זיכטיק און אַ דאַנק דעם האָט זיך אים איינגעגעבן העכער 4 יאָר צו אַרבעטן אינטענסיוו און קיין איין מאָל ניט אַרעסטירט ווערן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אומבאַרירלעך פאַר דער פּאָליציי. אָבער דעם 22־טן אָקטאָבער 1879 איז ער אונטערן נאָמען בראָפּמאַן צופעליק פאַרהאַלטן געוואָרן אין דער פעטערבורגער עפנטלעכער בי־בליאָטעק. גראָד האָט מען ביי אים אין קעשענע פון מאַנטל געפונען אַ פּאָר פּראָקלאַמאַציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און מ'האָט אים אָפּגעפירט אין טורמע.

---

### III

בעת זונדעלעוויטש איז אַרעסטירט געוואָרן, האָט די זשאַנ־דאַרמעריע ניט געהאַט גענוג מאַטעריאַל אים צו באַשולדיקן. שולד־באַווייזן קעגן זונדעלעוויטשן, ווי קעגן אַ סך אַנדערע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט, האָט געגעבן דער טעראָריסט גריגאָרי גאָלדענבערג, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 14־טן נאָוועמבער*) 1879.

דאָס איז אַ טרויעריקע, טונקעלע געשיכטע, וועלכע איז נאָך עד־היום ניט אינגאַנצן אויפגעקלערט געוואָרן. גריגאָרי גאָלדענבערג, אַ זון פון יידישע בורזשואַזע עלטערן (זיין פאָטער, אַ סוחר פון דער צווייטער גילדע, האָט געהאַלטן אין קיעוו אַ שניט־קראָם), איז גע־באָרן געוואָרן אין 1855. אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן איז צווישן דער שטודירנדער יוגנט געווען פאַרשפּרייט אַ מיינונג, אַז פאַרענדיקן די בילדונג איז אַן איבעריקע זאַך: דאָס פאָלק קאָן ניט וואַרטן און

---

*) אַלע דאַטעס אין דעם אַרטיקל זיינען לויט דעם אַלטן סטיל.

מ'דאַרף זיך איילן וואָס גיכער אים אָפּצאָלן דעם „היסטאָרישן חוב“; יעדער, וואָס פאַרמאָגט דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, דאַרף, ניט אָפּלייגנדיק, אים גלייך טראָגן אין פאָלק. גאָלדענבערג איז אַרויס פונם 4-טן קלאַס קיעוו-פּאָדאָלער קלאַסישער פּראָגימנאַזיע און האָט זיך איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ מענטש ניט גאָר קיין נאָרמאַלער, מיט אַ היסטערישן אימפּעט און אַ קרענקלעכער איינגליבע. מענטשן, וואָס האָבן אים געקענט, דערציילן אין זייערע מעמואַרן, אַז ער האָט אויף זיי שטענדיק געמאַכט ניט קיין אָנגענעמען איינדרוק: עפּעס האָט אינסטינקטיוו אָפּגעשטויסן פון אים. אָבער זיין רעוואָלוציאָנערער ברען איז געווען אַזוי גרויס, אַז מ'האָט גובר געווען די אינסטינקטיווע אַנטיפּאַטיע און מ'האָט אים צוגעלאָזן צו די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטן, צו די ריזיקאַלישסטע אונטערנעמונגען.

דעם 9-טן פעברואַר 1879 האָט גאָלדענבערג דערשאָסן דעם כאַרקאָווער גובערנאַטאָר, פירשט קראָפּאָטקין, אַלס נקמה דערפאַר, וואָס צוליב זיין שולד איז מען זיך אין כאַרקאָווער צענטראַלער טורמע באַגאַנגען גרויזאַם מיט די פּאָליטישע אַרעסטירטע, און די קאָזאַקן האָבן געמיתט די כאַרקאָווער סטודענטן. גאָלדענבערג איז געווען געוואַלדיק אויפגעבראַכט אויף קראָפּאָטקינען; און דאָך איז אים געגאַנגען ניט אַזוי אין דעם, אַז קראָפּאָטקין זאָל דערשאָסן ווערן, ווי אין דעם, אַז ער, גאָלדענבערג, זאָל אים שיסן. אויף קראָפּאָטקינען האָט מען אַ פּאָר וואָכן געשפּאַטעוועט, נאָר צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט מען ניט געקענט צוטרעפן דעם געהעריקן מאָמענט און מ'האָט אַלץ געמוזט אָפּלייגן. אין משך פון אָט די פּאָר וואָכן האָט קאָביליאַנסקי, וועלכער האָט צוזאַמען מיט גאָלדענבערגן און זובקאָווסקין געלויערט אויפן גובערנאַטאָר, ניט איינמאָל געבעטן, גאָלדענבערג זאָל אים צולאָזן אויספירן דעם אַקט. אָבער גאָלדענבערג האָט געמאָלדן קאָביליאַנסקין און זובקאָווסקין: נאָר איך דאַרף אים דערהרגענען. יעדן אַנדערן, וואָס וועט עס טאָן, וועל איך לאָזן אַ קויל אין קאָפּ... דעם 9-טן פעברואַר אינדערפרי האָט גאָלדענבערג ביי זיך באַשלאָסן: אויב דאָס מאָל וועט זיך ניט איינגעבן, וועל איך באַגיין זעלבסטמאָרד.

נאָך דעם דאָזיקן אַקט איז גאָלדענבערג ניט אַרעסטירט געוואָרן. אים האָט זיך איינגעגעבן אַנטרונען צו ווערן פון כאַרקאָוו. פון דעמאָלט אָן איז ער אינגאַנצן באַהערשט פונם געדאַנק צו טויטן דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. און ווידער גייט עס אים שטאַרק אין דעם, אַז ער, גאָלדענבערג, זאָל דעם דאָזיקן אַקט אויספירן. אין מערץ 1879 קומט ער אין פעטערבורג און נעמט דאָרטן אָנטייל אין די באַראַטונגען פון די טעראָריסטן וועגן טויטן דעם צאַר. אַז דער אַקט איז באַשלאָסן געוואָרן און מ'האָט געדאַרפט באַשטימען דעם אויספירער, האָט גאָלדענבערג דער ערשטער פאָרגעלייגט זיך. די חברים האָבן אָבער געפונען, אַז „ער, ווי אַ ייד, דאַרף אויף זיך אַזאַ זאַך ניט נעמען, ווייל דעמאָלט וועט עס פאַר דער געזעלשאַפט און דער עיקר פאַרן פאָלק ניט האָבן די געהעריקע באַדייטונג". מ'האָט אָנערקענט, אַז אויספירן דעם אַקט דאַרף דווקא אַ רוס און נאָר אין דעם פאַל וועט עס באַקומען די געהעריקע באַדייטונג און באַפאַרבונג. דער צווייטער האָט זיך פאָרגעלייגט אויף אויסצופירן דעם אַקט דער אויבנדערמאָנטער קאָביליאַנסקי. און ווידער האָט מען אָנערקענט, אַז ער טויג ניט, ווי אַ פאָליאַק, כדי מען זאָל ניט צוגעבן דער גאַנצער זאַך אַזאַ באַדייטונג, אַז זי איז אָפּגעטאָן געוואָרן צוליב די פוילישע אינטערעסן. דעמאָלט האָט דער רוס סאָלאָוויאָוו זיך פאָרגעלייגט און זיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. אָבער גאָלדענבערג האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן און ער האָט דערקלערט, אַז עס וואָלט געווען בעסער, עס זאָלן זיין גרייט צוויי אויספירער, און אויב סאָלאָוויאָווס פרווו וועט זיך ניט איינגעבן, זאָל ער, גאָלדענבערג, אויספירן דעם אַקט. אין אָט דער פאָרם איז זיין פאָרשלאָג לכתחילה אָנגענומען געוואָרן, אָבער מ'האָט אים שפּעטער ניט אָנגעווענדט, ווייל סאָלאָוויאָוו האָט פאַרזיכערט, אַז ער קאָן אַליין גוט שיסן. נאָכדעם ווי סאָלאָוויאָווס שאָס האָט דעם צאַר ניט געטראָפן, און די רעוואָלוציאָנערן האָבן באַשלאָסן אויסצושפּירן די צייט און דעם אָרט, ווען און וואו דער צאַר דאַרף פאָרן איבערן אייזנבאַן, און מיט דינאַמיט אויפרייסן זיין צוג, — נעמט גאָלדענבערג אין נאָוועמבער 1879 אָנטייל אין דריי אַזעלכע אַטענטאַטן: אין אָרגאַניזירן דעם אויפרייס פונם צאַרישן צוג לעבן אַלעקסאַנדראָווסק, אין די הכנות אויפצורייסן

דעם אייזנבאַן-פּלאַנט הינטער אָדעס און אין דעם פּרוּוו אויפצורייסן דעם פּלאַנט פון מאָסקווע-קורסקער אייזנבאַן. צוליב דעם לעצטן אַטענטאַט האָט גאָלדענבערג גענומען אויף זיך אַריבערצופירן דינאַמיט פון אָדעס, וואו מ'האָט עס שוין מער ניט געדאַרפט, אויף דעם פּונקט פון מאָסקווע-קורסקער אייזנבאַן, וואו מ'האָט אונטערגעגראָבן דעם פּלאַנט; פירנדיק אָט דעם דינאַמיט, איז ער דעם 14-טן נאָוועמבער אין יעליסאַוועטגראַד אויפן וואָקזאַל אַרעסטירט געוואָרן.

פריער האָט גאָלדענבערג ניט געוואוסט פון קיין ספקות. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך גאָרניט געקענט פאַרטראַכטן, ווי בײַ אים וואָלט געאַרבעט בלויז דער אימפּעט, ניט דער שכל. אָבער זיצנדיק אין טורמע, האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן, איבערשאַצן אַלע ווערטן און ער איז לסוף געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער וועג פון טעראָר און פּאָליטישע מאָרדן איז אַ שעדלעכער און קאָן צו פּאָליטישער פרייהייט ניט פירן: דער רויטער טעראָר פון די רעוואָלוציאָנערן האָט אַרויסגערופן נאָך אַ שטאַרקערן ווייסן טעראָר מצד דער רעגירונג, „און אַ דאַנק דעם האָבן מיר געהאַט דעם אומגליק און די חרפּה צו זען בײַ זיך 20 תליות“; דער טעראָר האָט פאַרשטאַרקט די רעאַקציע און ער שטערט דער אַנדערער רעוואָלוציאָנערער פּראַקציע, די „נאַראָדניקעס“, צו פירן די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אין דאָרף אַפילו אין דעם פאַרנעם, וואָס איז מעגלעך בײַ די איצטיקע באַדינגונגען; די גרויזאַמע מיטלען, מיט וועלכע די רעגירונג ענטפערט אויף די טעראָריסטישע אַקטן, וואַרפן אַ פּחד אויף אַ טייל פון דער יוגנט און עס געפינען זיך אַזעלכע, וואָס צוליב פערזענלעכע צילן באַשליסן זיי זיך אַרויסצוגעבן זייערע חברים, וואָס מיר האָבן געזען אין אַ ריי פּראָצעסן אין 1879.“

די אַלע מאָטיוון קעגן טעראָר זײַנען פריער און שפּעטער ניט איינמאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן. אָבער ווען אַ מענטש בײַט זײַן מיינונג וועגן טעראָר, דאַרף עס אים נאָך ניט פירן דערצו, ער זאָל אַרויסגעבן זײַנע חברים. גאָלדענבערגן האָט עס דערצו יאָ געבראַכט. „איך האָב — שרײַבט ער אין זײַן ווידוי צו דער זשאַנדאַרמעריע — געקענט בלײַבן בײַ אָט די איבערצייגונגען מײַנע, געקאָנט פירן מענטשן צום אונטערגאַנג און אַליין רויִק שטאַרבן אויף דער תליה, ווען איך

זאָל וויסן, אַז איך וועל אין דעם פאַל ווערן אַן אויסלייז־קרבן, און מיט מיין טויט וועט זיך פאַרענדיקן אָט דער טרויעריקער פעריאָד פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג". אָבער ער זעט פאָראויס, אַז די טויט־שטראָפן וועלן זיך מיט אים ניט פאַרענדיקן: די נייע טויט־שטראָפן וועלן אַרויסרופן נייע פּאָליטישע מאָרדן, וועלכע וועלן צווינגען די רעגירונג אָנצונעמען נאָך מער עקסטרעמע מיטלען. די צאָל קרבנות וועט ווערן אַלץ גרעסער און גרעסער, און זיגן אין אָט דעם ניט גלייכן קאַמף וועט פאָרט די רעגירונג, וועלכע וועט ניט נאָכלאָזן, ביז די באַוועגונג וועט אינגאַנצן ניט דערשטיקט ווערן אויף לאַנג. און דעריבער, ווענדיק מאַכן אַ סוף צו אָט דעם בייז און ראַטעווען אַ סך מענטשן פון טויט־שטראָף, "האָב איך זיך אַנטשלאָסן אויף דאָס שרעקלעכסטע — איך האָב באַשלאָסן צו באַנוצן אַזאַ מיטל, וואָס מאַכט דאָס בלוט זיך קלאַפן אין די אָדערן און אַמאָל אַ הייסע טרער זאָל אַרויס אויף די אויגן. איך האָב באַשלאָסן צו דערשטיקן אין זיך יעדעס געפיל פון פאַרביטערונג, פיינטשאַפט (צו דעם רוף איך אויך אַלע מיינע חברים) און צוגעבונדנקייט און אויספירן אַ נייעם אַקט פון זעלבסטאָפּפערונג, צוליב דעם גליק פון דער זעלביקער יוגנט, פון דער זעלביקער געזעלשאַפט אין דעם זעלביקן רוסלאַנד, וואָס איז אונז אַלעמען אַזוי טייער. איך האָב באַשלאָסן אויפדעקן די גאַנצע אָרגאַניזאַציע און אַלץ, וואָס איך ווייס". ער טוט עס ניט, כדי צו פאַרלייכטערן זיין אייגענעם גורל: "איך בין שטענדיק געווען ווייט פון פערזענלעכע אינטערעסן, זייענדיק אויף דער פריי, און איצט בין איך אויך ווייט פון עגאָיסטישע אינסטינקטן". ער איז זיכער, אַז די רעגירונג ווענדט אָן אַזויפיל טויט־שטראָפן נאָר דערפאַר, וואָס זי ווייס ניט די אמתע גרייס פון דער טעראָריסטישער פראַקציע; די רעגירונג גופא ווענדט אָן די עקסטרעמסטע רעפּרעסיעס ניט גערן, וואָרעם עס איז דאָך אוממעגלעך, זי זאָל ניט פאַרשטיין, אַז מיט טויט־שטראָפן קאָן מען קיין שום פּאָליטישע באַוועגונג ניט דערשטיקן; פאַרקערט, מ'קאָן זי נאָר פאַרשאַרפן. ווען מ'זאָל פאָרשטעלן פאַר דער רעגירונג די אמתע גרענעצן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווען מ'זאָל איר ווייזן, אַז די טעראָריסטישע פראַקציע איז גאָרניט אַזוי שרעקלעך,

און כדי זי צו דערשטיקן, פאָדערן זיך גאָרניט אַזעלכע גרויזאַמע מיטלען, וועט זיך די רעגירונג באַרויקן און זי וועט אָננעמען רויקערע מיטלען קעגן די טעראָריסטן. „אָפּשאַצנדיק מיינע גוטע פאַרלאַנגען, וועט זי זיך באַציען רויק צו די, וואָס זיינען געווען מיינע חברים און מיטהעלפער און וועט אָננעמען קעגן זיי צוועקמעסיקערע מיטלען, ווי טויט־שטראָף".

און פאַרפלאָנטערט אין דעם דאָזיקן לאָגישן שפּינוועבס, האָט גאָלדענבערג אויפגעדעקט אַלץ וועגן זיך און וועגן אַנדערע, וועגן דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און וועגן פאַרשיידענע אונטערנעמונגען אירע. ער האָט דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט געוואוסט, מיט אַלע פּרטים, אָנגערופן די נעמען פון אַלע די, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט, די אַדרעסן פון די דירות, וואו ער איז ווען געווען. אויף אַזאַ אופן האָט ער געגעבן דעם צאַריזם אַ מאַסע שולד־באַווייזן קעגן אַ סך גרעסערע און קלענערע רעוואָלוציאָנערן. זיינע באַווייזן זיינען געווען אַ באַזע פאַר אַ ריי פּאָליטישע פּראָצעסן, צווישן אַנדערע אויך פאַר דעם פּראָצעס פון די 16 טעראָריסטן, צו וועלכן מ'האָט צוגעצויגן זונדעלעוויטשן. קעגן זונדעלעוויטשן האָט גאָלדענבערג באַוויזן זיין אָנטייל אין אָרגאַניזירן סאָלאָוויאָווס אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. אַ מערקווירדיקע זאַך: גאָלדענבערג האָט דערציילט אַ סך וויכטיקע און ניט וויכטיקע זאַכן, דערציילט, וואָס איז אין דער אמתן געווען און וואָס אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז געווען. אין דער זעלביקער צייט האָט ער באַהאַלטן פאַקטן און נעמען, וועלכע ער האָט גוט געוואוסט און די זשאַנדאַרן האָבן געווים געוואָלט וויסן.

נאָכן פּראָצעס פון די 16 האָט קוויאַטקאָווסקי — איינער פון די צוויי פאַרמשפּטע, איבער וועלכע דער טויט־שטראָף איז אויסגעפירט געוואָרן — געבעטן איבערגעבן אויף דער פריי, אַז מ'זאָל גאָלדענבערגן ניט רעכענען פאַר אַ ביזוויליקן פאַררעטער: גאָלדענבערג איז געווען ניט נאָרמאַל; די זשאַנדאַרן האָבן אים אָפּגענאַרט, חוץ דעם האָט די פּראָקוראַטור צוגעשריבן גאָלדענבערגן אַזעלכע זאַכן, וועלכע ער האָט אין דער אמתן ניט געזאָגט. — סוף 1879 האָט מען גאָלדענבערגן אַוועקגעזעצט אין איין קאַמער מיט דעם פּראָוואָקאַטאָר קו-

ריצין. מיינענדיק, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ חבר, האָט גאָלדענבערג דערציילט דעם פּראָוואָקאַטאָר אַ סך זאַכן, וואָס זיינען געווען וויכטיק פאַר די זשאַנדאַרן; דערנאָך האָט מען אים איינגערעדט, אַז כּדי צו געבן דער רעגירונג אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט רעפאָרמען, איז נייטיק אַ אידעישער קאַמף מיט די טעראָריסטן. שפּעטער האָט מען גאָלדענבערגן איבערגעגעבן די ידיעות, וואָס ער אַליין האָט דערציילט קוריצינען, און מ׳האָט אים געזאָגט, אַז די זשאַנדאַרן האָבן זיי באַקומען פון אַנדערע קוועלן. גאָלדענבערג האָט אָט די ידיעות דערקלערט און אַנטוויקלט; אין אַזאַ פאָרם האָט זיי דער געהילף-פּראָקוראָר -דאָבראָזשינסקי פאַרשריבן אין אָנהייב מאַי 1880 אַלס גאָלדענבערגס ווידוי.

גאָלדענבערג איז געווען זיכער, אַז מיט זיינע באַוויזן ראַטעוועט ער די חברים פון טויט. אַפּריער האָבן די זשאַנדאַרן מיט אַלע כּוחות אונטערגעהאַלטן ביי אים די דאָזיקע אילוזיע; אָבער בעת זיי האָבן שוין ביי אים אַלץ אַרויסבאַקומען, האָבן זיי אים געוויזן זייער אמתן פּנים. ווען גאָלדענבערג האָט דערמאָנט דעם געהילף-פּראָקוראָר: „אָבער געדענקט: ביי קיינעם פון די טעראָריסטן טאָר ניט פאַלן קיין האָר פון קאָפּ“, האָט אים יענער געענטפערט: קיין האָר וועט ניט פאַלן; עס וועלן פאַלן קעפּ... גאָלדענבערג האָט זיך געכאַפּט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. ער האָט זיך גענומען פילן שלעכט; זיין געוויסן האָט אים שרעקלעך אָנגעהויבן פּלאָגן, און ער האָט געבעטן, מ׳זאָל אים לאָזן זיך זען מיט איינעם פון די אַרעסטירטע חברים, מיט זונדעלעוויטשן. די זשאַנדאַרן זיינען אויף דעם איינגעגאַנגען. אין יוני איז די „זעאונג“ פאָרגעקומען. זונדעלעוויטש האָט אויסגעהערט גאָלדענבערגן, און ווייך און פאַרזיכטיק, ווי מ׳רעדט מיט אַ קראַנקן, האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין, אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכער נעץ ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט. גאָלדענבערג איז נאָכדעם ביי זיך אין קאַמער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. מעגלעך, אַז די זשאַנדאַרן האָבן לכתחילה געגעבן גאָלדענבערגן די זעאונג, ווייל זיי האָבן פאָראויסגעזען דעם ביטערן סוף, און נאָכדעם ווי זיי האָבן פון אים אויסגעזויגן אַלץ, האָט פאַר זיי געלוינט וואָס גיכער און וואָס שטילער פון אים פּטור צו ווערן.

גאָלדענבערג איז קיין בייזוויליקער פאַררעטער ניט געווען. און ער איז ניט געווען דער איינציקער פון דעם מין. די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווייס פון אַנדערע אומגליקלעכע, וואָס זיינען אַזוי פאַרפירט געוואָרן און האָבן ביי ענלעכע באַדינגונגען אָפּגעטאָן ענלעכע מעשים, הגם ניט אין אַזאַ גרויסן פאַרנעם, ווי גאָלדענבערג. און דעם ניט־בייזוויליקן פאַרראַט, וואָס דער ייד גאָלדענבערג איז באַגאַנגען, האָט געקאָנט באַגיין אויך אַ פּאָליאַק, אַ לעט אָדער אַ רוס. אָבער דעם אמת מוז מען זאָגן: אין דעם אופן, ווי גאָלדענבערג האָט עס אָפּגעטאָן, איז געלעגן אַ סך ספּעציפיש־יידישע קרענקלעכע נערוואָזיטעט. זיין גאַנצע טעראָריסטישע אַרבעט אויף דער פריי און זיין שרעקלעכער ווידוי אין טורמע זיינען באַפאַרבט מיט יענער היסטאָריש־אויסגעוואַקסענער יידישער נערוואָזיטעט, וועלכע פאַרשווינדט ביסלעכווייז ביי די יידישע אַרבעטס־מאַסן און איז באַזונדערס שטאַרק ביי אונזערע לופט־ און האַנדלס־עלעמענטן און ביי דער אינטעליגענץ, וואָס קומט פון די דאָזיקע עלעמענטן אַרויס.

אייב זונדעלעוויטש האָט אַריינגעטראָגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג די געזונטע זייטן פֿון דעם היסטאָריש־אויסגעוואַקסענעם יידישן כאַראַקטער, האָט גר. גאָלדענבערג אַריינגעטראָגן זיינע קראַנקע זייטן.

ווי שוין געזאָגט, האָט מען זונדעלעוויטשן געמשפּט אין דעם באַוואוסטן פּראָצעס פון די 16 טעראָריסטן; צו דעם זעלביקן פּראָצעס האָט מען אויך צוגעבונדן לייזער צוקערמאַן, וועלכן מ'האָט אַרעסטירט אין דער געהיימער דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אַלע 16 זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ קריגס־געריכט. דער משפּט איז פאָרגעקומען אין פּעטערבורג דעם 26—30־טן אָקטאָבער 1880. אויף דער פראַגע וועגן זיין רעליגיע, האָט זונדעלעוויטש געענטפערט: קיין שום רעליגיע. צוקערמאַן האָט געענטפערט: פונם יידישן גלויבן. זונדעלעוויטשן האָט מען צוגלייך מיט אַלע 16 באַשולדיקט אין „געהערן צו אַ געהיימער חברה פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי, וועלכע שטרעבט דורך בונטן און גוואַלד־מעשים אַראָפּצוואַרפן דעם מלוכה־רעזשים און די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג און וועלכע האָט אַרויסגעוויזן איר טעטיקייט אין אַ גאַנצער ריי שווערסטע מלוכה־פאַר־

ברעכנס". ביים איסרעכענען די ספעציעלע פאַרברעכנס פון יעדן איי־ נעם אין פון די באַזונדערע גרופעס איז זונדעלעוויטש צוזאַמען מיט קוויאַטקאָווסקין און קאָבילאַנסקין באַשולדיקט געוואָרן אין דעם, אַז אין מערץ 1879 האָבן זיי אין פעטערבורג געהאַט געהיימע באַראַטונגען מיט גאָלדענבערגן און סאָלאָוויאָוון, און אויף יענע באַראַטונגען איז באַהאַנדלט געוואָרן דער פלאַן פון אַן אַטענטאַט אויפן צאַר, וואָס סאָלאָוויאָוו האָט דערנאָך דעם 2־טן אַפּריל אויסגעפירט. צוזאַמען מיט דאָס רוב געמשפטע איז זונדעלעוויטש אויך באַשולדיקט געוואָרן אין וואוינען אויף אַ פאַלשן פּאַספּאָרט.

ווען מ'האָט אים געפרעגט, צי אָנערקענט ער זיך פאַר שולדיק אין די פאַרברעכנס, וואָס מען שרייבט אים צו, האָט זונדעלעוויטש געענטפערט — אויפן ערשטן פונקט: „איך אָנערקען זיך פאַר שולדיק אין געהערן צו דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, אָבער ניט צו יענער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געשטרעבט אָראָפּצוואַרפן די הערשנדיקע אָרדענונג דורך בונט און גוואַלד־מעשים, ווייל לויט אונזער מיינונג קאָן מען אַ געזעלשאַפטלעכע אָרדע־נונג ניט אַראָפּוואַרפן אין 24 שעה"; אויפן צווייטן פונקט האָט ער געענטפערט: „איך אָנערקען זיך פאַר שולדיק אין דעם, אַז איך האָב געוואוסט, אַז סאָלאָוויאָוו וויל מאַכן אַן אַטענטאַט, און אויך אין דעם, אַז איך האָב אָנטייל גענומען אין די באַראַטונגען, אויף וועלכע מ'האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן טויטן דעם צאַר, וואָס עס האָט ניט קיין שום איינפלוס אויף דער לייזונג פון דער פאָלקס־זאַך". (איןביידע ערטער אַ נטערגעשטראָכן פון מיר. א. ל.) דערביי פאַרזיכערט זונדעלעוויטש, אַז די פעטערבורגער באַראַטונגען האָבן געהאַט בלויז אַ טעאָרעטישע באַדייטונג. קיין פּראַק־טישע באַדייטונג האָבן זיי ניט געקאָנט האָבן שוין צוליב דעם, וואָס ביי סאָלאָוויאָוון איז לכתחילה געווען אַ פאַרטיקער באַשלוס, וועלכן ער האָט ניט געוואָלט אומבייטן אַליין איינס, צי די מערהייט וועט זיין פאַר אָדער קעגן. ער, זונדעלעוויטש, האָט ניט געוואוסט, ווען און אויף וואָס פאַר אַן אָרט סאָלאָוויאָוו וועט אויספירן דעם אַטענטאַט. „איך גלויב, אַז אַפילו אַ שעה פאַרן אַטענטאַט האָט סאָלאָוויאָוו אַליין דערפון ניט געוואוסט", זונדעלעוויטש רעכנט דערום,

אַז אין דעם פונקט קאָן מען אים משפטן בלויז פאַר וויסן און ניט מסרן.

אין זיין לעצטן וואָרט האָט זונדעלעוויטש וועגן דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי אַזוי געזאָגט: „אויב איר וועט דורכקוקן אַלע מאָטיוון פון אונזער טעטיקייט וועט איר זען, אַז אַלע אונזערע שטרעבונגען זיינען געווען געווענדט נאָר אויף צו באַקומען פרייהייט פון וואָרט. מיר האָבן געשטרעבט אומצובייטן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג — אָבער אויפן פרידלעכן וועג, דורך פראָפּאַגאַנדע. אַפילו די פאַקטן פון גוואַלד-מעשים זיינען געווען געווענדט נאָר אויף צו דערגרייכן פרייהייט פון וואָרט. אויף אַזאַ אופן האָט אונזער געזעלשאַפט אין איר פּראָגראַם 2 באַזונדערע צילן און 2 באַזונדערע מיטלען: איינער שטרעבט אַראָפּצוּוואַרפן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג—דורך פרידלעכע פראָפּאַגאַנדע; פון דער אַנדערער זייט, אַלס אַ מיטל צו דערגרייכן פרייהייט פון וואָרט, דערלאָזט אונזער געזעלשאַפט גוואַלד-מעשים". ווי מיר זעען, האָט זונדעלעוויטש אויפן משפט געפונען פאַר נייטיק בפירוש צו באַטאָנען זיינע פרידלעכע עוואָלוציאָניסטישע אָנשויונגען. און ער האָט עס געטאָן ניט כדי צו פאַרלייכטערן זיין גורל. ווי ער אַליין זאָגט אין זיין לעצטן וואָרט, איז ער זיכער, אַז ווייבאַלד ער האָט זיך אָנערקענט פאַר שולדיק „אין וויסן און ניט מסרן" וועגן סאָלאָוויאָווס אַטענטאַט, קומט אים לויטן געזעץ סיי-ווי טויט-שטראָף. און דאָס וואָס ער זאָגט איז „ניט צו פאַרטיידיקן זיינע אייגענע אינטערעסן, נאָר צוליב אַ מאָראַלישן חוב." „אויסער באַשטימען די שטראָף, מוז דאָס געריכט נאָך נעמען אין אַכט די מאָראַלישע באַדייטונג פון דעם, וואָס אַ מענטש טוט אָפּ". הייסט עס, אַז זונדעלעוויטשן איז געגאַנגען נאָר אום קלאָר צו מאַכן דעם אמת.

און אויפקלערנדיק די ראָלע פון די באַראַטונגען וועגן סאָלאָוויאָווס אַטענטאַט, איז זונדעלעוויטש אויך פריער פאַר אַלץ אויסן געווען דעם אמת, דעם מאָראַלישן חוב. אָבער אין דעם פונקט איז געווען אויך אַן אַנדער מאָטיוו, אַ ספּעציעל יידישער. ווי מיר האָבן שוין געזען, זיינען די טעראָריסטן געווען קעגן דעם, אַז גאָלדענבערג זאָל אויספירן דעם אַטענטאַט אויפן צאַר—כדי די געזעלשאַפט און דער עיקר דאָס פאָלק זאָלן ניט זאָגן, אַז דאָס איז

אַ נקמה פאַר די ספּעציעלע יידישע ליידן. דעם אַטענטאַט האָט אויך ניט געדאַרפט אויספירן דער פּאָליאַק קאָבילאַנסקי, כּדי מ'זאָל ניט זאָגן, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב די פּוילישע אינטערעסן. דער מאָטיוו איז דאָ די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע. זונדעלעוויטש האָט זיך אָן ספק אויך גערעכנט מיט אָט דעם אַלגעמיינעם מאָטיוו. בײַ אים איז אָבער געווען נאָך איין מאָטיוו: דאָס קאָן פאַרגרעסערן די ליידן פון יידן. אויפן משפּט האָט ער וועגן דעם געזאָגט: „בעת מ'האָט פאָרגעלייגט גאָלדענבערגן, האָב איך זיך ענערגיש אַנטקעגנגעשטעלט, ווײַל בײַ דער אַלגעמיינער נייגונג פון דער קריסטלעכער וועלט צוצושרײַבן דער גאַנצער יידישער נאַציע יעדן פאַרברעכן, וואָס איינער פון אירע מיטגלידער איז באַגאַנגען, וואָלט די באַשולדיקונג אין דעם פאַל לײַכט געקאָנט געווענדט ווערן אויף אַלע יידן". און עס איז גרייליך מעגלעך, אַז צוליב אָט דעם טעם, כּדי די באַשולדיקונג אין אַטענטאַט אויפן צאַר זאָל ניט פאַלן אויף אַלע יידן, האָט זיך זונדעלעוויטש געמיט אויפצוקלערן פאַרן געריכט דעם אמת, אַז זײַן אייגענע ראָלע אין דעם אַטענטאַט איז געווען בלויז אַ טעאָרעטישע, ניט קיין פּראַקטישע. אין זונדעלעוויטשן איז דער ייד שטענדיק געווען וואַכנדיק.

אין ראָמאַן „אַנדריי קאָזשוכאָוו" זײַנען פאַראַן אַ פּאָר געשפּרעכן צווישן אַנדרייען מיט דוד סטערן (זונדעלעוויטש). ריידנדיק וועגן די פּאָליטישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, וואָס וואוינען אין דער שווייץ און לאַנגווײַלן זיך דאָרטן, געפינען פאַר זיך קיין אַרבעט ניט, האָט סטערן אויסגעשריען:

„וואָס פאַר אַן אומזיניק פאָלק אונזערע רעוואָלוציאָנערן זײַנען! זיי וואוינען אין אַ פרייען לאַנד, צווישן אַ גרויסער סאָציאַלער באַוועגונג און זיי פילן זיך, ווי אַ פיש אויף דער יבשה, ניט שוין איז אויסער רוסלאַנד קיין וועלט ניט?"

„מיט זײַן יידישן קאָסמאָפּאָליטיזם האָט ער אָפט דעבאַטירט מיט זײַנע חברים אויף דער דאָזיקער טעמע.

— „דו ביסט גערעכט, האָט אַנדריי געענטפערט: מיר זײַנען די אַמווייניקסטן קאָסמאָפּאָליטישע נאַציע, הגם אַ סך פאַרזיכערן,

אַז די מעשה איז פֿאַרקערט. דו ביסט דער איינציקער צווישן אונז וואָס פֿאַרדינט דעם נאָמען וועלט־בירגער:

דערויף האָט דוד געענטפֿערט: דאָס שמייכלט, עס איז אָבער ניט זייער אָנגענעם".

און שפּעטער אַ ביסל, אין אַ שמועס וועגן די „פּאָליטיקער" און „אין פֿאָלק־גייער", וועגן זשאָרזשעס גלויבן אין רוסישן פּויער און זונדעלעוויטשעס בויען אויף די דייטשע אַרבעטער, זאָגט אַנדריי:

„די גאַנצע זאַך איז אין דעם, וואָס מיר האָבן פֿאַרשיידענע פֿאַרליבעס: מיר זיינען שטאַרק צוגעבונדן צו אונזער פֿאָלק, און דו ניט".

דוד האָט ניט גלייך געענטפֿערט. אַנדרייס ווערטער האָבן אין אים אָנגערירט אַ קראַנקן אָרט.

— יאָ, איך בין ניט צוגעבונדן צו אייער פֿאָלק, האָט ער ענדלעך געזאָגט מיט אַ לאַנגזאַמער ווייטיקער שטים — און ווי וואָלט איך זיך געקאָנט צו אים צובינדן? מיר, יידן, האָבן ליב אונזער פֿאָלק. דאָס איז אַלץ, וואָס איז ביי אונז געבליבן אויף דער ערד. צום ווייניקסטן, איך האָב עס ליב טיף און הייס. פֿאַר וואָס זאָל איך ליב האָבן אייערע פּויערים, בעת זיי האַסן מיין פֿאָלק און באַגייען זיך מיט אים באַרבאַריש? מאָרגן וועלן זיי אפֿשר צע־ראַבעווען דאָס הויז פֿון מיין פֿאָטער — אַן ערלעכער אַרבעטער — ווי זיי האָבן געראַבעוועט טויזנטער אַנדערע יידן, וואָס האָבן גע־האָרעוועט אין שווייס פֿון זייער פּנים. איך קען רחמנות האָבן אויף אייערע פּויערים פֿאַר זייערע ליידן, אַלץ איינס ווי איך וואָלט רחמנות געהאַט אויף אַביסינישע אָדער מאַלאַישע קנעכט, בכלל אויף יעדער אונטערדריקטער באַשעפֿעניש. אָבער זיי זיינען ניט נאָ־ענט צו מיין האַרצן, און איך קאָן ניט טיילן אייערע חלומות און דאָס אומזיניקע בוקן זיך פֿאַרן פֿאָלק. וואָס איז שייך דער אַזוי־גערופֿענער געזעלשאַפֿט, די העכערע קלאַסן — וואָס, א'סער פֿאַר־אַכטונג, קאָן מען פֿילן צו אָט די שרעקעדיקע האָזן, וואָס זיי אַלע זיינען? ניין, אין אייער רוסלאַנד איז נישטאָ וואָס טייער צו האַלטן. אָבער איך קען די רעוואָלוציאָנערן און איך האָב זיי ליב אפֿילו מער פֿאַר מיין אייגענעם פֿאָלק. איך בין צו זיי צוגעשטאַנען,

איך האָב זיי ליב, ווי ברידער, און דאָס איז די איינציקע פאַרבינדונג, וואָס פאַראייניקט מיך מיט אייער לאַנד. ווי נאָר מיר וועלן מאַכן אַ סוף מיטן צאַרישן דעספּאָטיזם, וועל איך אויך שטענדיק אַוועקפאָרן און זיך באַזעצן וואו עס איז אין דייטשלאַנד.

— און דו רעכנסט, האָט אַנדריי געזאָגט מיט ניט קיין זיכערן טאָן — אַז דאָרטן וועט זיין בעסער? דו פאַרגעסט די גראָבקייט פונם דייטשן המון, און צי נאָר פון המון אַליין...

— יאָ, האָט געענטפערט דוד מיט אַן איסדרוק פון ווייטוט אין זיינע גרויסע שיינע אויגן. מיר, יידן, זיינען פרעמדע צווישן אַלע נאַציעס. די דייטשע אַרבעטער זיינען דאָך פונדעסטוועגן ציוויליזירט און זיי פּראָגרעסירן אויך מאָראַליש. דייטשלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו מיר פילן זיך ניט אינגאַנצן, ווי פרעמדע...

„ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און איז אַנטשוויגן געוואָרן".

אָט די געשפּרעכן באַווייזן אין זונדעלעוויטשן אַ שטאַרקן יידיש-נאַציאָנאַלן געפיל. דאָס איז אָבער אַ רחמנות-נאַציאָנאַליזם, אַ זאָאָלאָגישער נאַציאָנאַליזם. פאַר אים עקסיסטירן יידישע ליידן און עס עקסיסטירט ניט קיין יידישע קולטור, קיין יידישע שאַפונג. און דאָס איז אַ נאַציאָנאַלער פּעסימיזם, וועלכער דערגייט ביז יאוש. דאָס רוב יידישע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט האָבן געגלויבט, אַז ווען רוסלאַנד וועט באַפרייט ווערן, וועט זיך דאָרטן פאַר יידן אויך אָנהייבן אַ ליכטיק לעבן. אין זיין בריוו צו ב. פרומקין דריקט זונדעלעוויטש אויך אויס דעם זעלביקן גלויבן. אָבער דער דאָזיקער גלויבן איז ביי אים ניט שטאַרק, בפרט אַז ער, דער מענטש מיט אַ טיפן חוש פאַר דער ווירקלעכקייט, קאָן ניט גלויבן אין דער סאָציאַליסטישער טבע פונם רוסישן פויער און ער איז זיכער, אַז רוסלאַנד שטייט נאָך ניט ערב אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. ביידע, אי דער פּעסימיסטישער, אי דער זאָאָלאָגישער כאַראַקטער פון זיין נאַציאָנאַלן געפיל, נעמען זיך פון די דעמאָלטיקע באַדינגונגען: ניט געווען אין רוסלאַנד דעמאָלט קיין יידישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל מוזן שאַפן אַ יידישע מאַסן-קולטור און קעמפן פאַר די רעכט פון דער דאָזיקער קולטור; ניט געווען נאָך אין רוסלאַנד קיין אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַריאַט בכלל, אויף וועלכן זונדעלעוויטש זאָל קע-

נען בויען, ווי ער האָט געבויט אויף די דייטשע אַרבעטער; און ניט געווען נאָך קיין יידישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל ניט דאַרפן וואַרטן אַז ער וועט זיינע רעכט באַקומען ממילא, נאָר ער זאָל צוזאַמען מיט די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס קעמפן פאַר דער אַלגעמיינער און פאַר זיין ספּעציעל יידישער באַפרייונג. דערפון נעמען זיך אויך די פאַרפרעמדטע „מיר" און „איר", וועלכע רייסן זיך ביי זונדעלעוויטשן אפשר ניט ווילנדיק אַרויס אין די אויבנגעבראַכטע געשפּרעכן.

מ'וועט זאָגן: „אַנדריי קאָזשוכאָוו" איז דאָך ניט מער, ווי אַ ראָמאַן. מען מוז אָבער געדענקען, אַז סטעפּניאַק האָט געבויט זיין ראָמאַן אויף אַוטאָביאָגראַפישע פאַקטן און אויף פאַקטן פונם לעבן פון זיינע חברים. אין די געשפּרעכן מיט דודן קאָנען זיין אַ פּאָר פּרטים צוגעטראַכטע — אַזוי, למשל, אַז מאָרגן וועט מען אפשר צעראַבעווען דאָס הויז פון זיין פאָטער, אַן ערלעכן אַרבעטער: זונדעלעוויטשעס פאָטער איז קיין אַרבעטער ניט געווען. אָבער, אינגאַנצן גענומען, האָט סטעפּניאַק געוויס ריכטיק איבערגעגעבן די שטימונג פון זיין חבר. זונדעלעוויטש איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר די פּאָגראָמען פון די 80-ער יאָרן, אָבער ער האָט גוט געוואוסט פון דעם פּאָגראָם אין אָדעס אין 1870. לעאָ דייטש וויל האָבן, אַז אין דער אמתן איז זונדעלעוויטש געווען ווייט פון די יידישע שטימונגען, וואָס ווערן אים צוגעשריבן אין ראָמאַן, און סטעפּניאַק האָט דאָ שטאַרק איבערגעטריבן. אָבער סטעפּניאַק האָט זונדעלעוויטשן גוט געקענט, ער האָט זיך מיט אים באַגעגנט אָפטער און נענטער, ווי דייטש. ער האָט „מאָישען" שטאַרק ליב געהאַט. פאַרוואָס זאָל ער אים שילדערן ניט ריכטיק? בפרט, אַז זונדעלעוויטשעס יידישע שטימונג איז ניט טיפּיש פאַר אַלע יידישע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט און איז כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר אים אַליין, אַזוי אַז סטעפּניאַק האָט דאָ אויך ניט געקאָנט, ווי עס טרעפט אַמאָל, אומבאַגרינדעט דרינגען פון כלל אויפן פרט; און די אויבנגעבראַכטע ווערטער, וואָס זונדעלעוויטש האָט געזאָגט אויפן געריכט אין 1880, באַווייזן אויך, אַז סטעפּניאַק האָט ניט איבערגעטריבן.

שפּעטער וועלן מיר ברענגען נאָך איין פֿאַקט, וואָס באַווייזט אויך, אַז סטעפּניאַק איז געווען גערעכט אין זיין שילדערונג.

דער קריגס־געריכט האָט געפֿונען, אַז אַלע געמשפּטע פֿאַרדינען טויט־שטראָף; אָבער ביי 11 פֿון זיי זיינען פֿאַראַן פֿאַרלייכטערנדיקע אומשטענדן. ביי זונדעלעוויטשן — דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנערקענט פֿאַר שולדיק, און אויך דאָס, וואָס ער האָט ניט גענומען קיין דירעקטן אָנטייל אין אויספֿירן טעראָריסטישע אַקטן. פֿון אָט די 11 האָט מען זונדעלעוויטשן פֿאַרקלענערט די שטראָף אויף איין מדרגה, די איבעריקע 10—אויף 2 מדרגות. זונדעלעוויטש האָט באַקומען קאַטאָרגע אין שאַכטן אָן אַ טערמין. פֿון די איבעריקע: 6 — צווישן זיי צוקערמאַן, קאַטאָרגע אויף פֿאַרשיידענע טערמינען און 4 — פֿאַרשיקונג אין סיביר. פֿון די 5, וואָס זיינען פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, האָט מען געהאַנגען נאָר צוויי: קוויאַטקאָווסקין און פּרעסניאַקאָוון. די איבעריקע 3 האָט דער צאַר פֿאַרביטן די טויט־שטראָף אויף קאַטאָרגע אָן אַ טערמין.

---

# IV

בעת זונדעלעוויטש איז אַרעסטירט געוואָרן, איז אים ניט געווען קיין פֿולע 28 יאָר. ער איז געווען געזונט און פֿול מיט כּוחות. דער צאַריזם האָט אים באַגראָבן אין טורמע אויף 12 יאָר און האָט אים אַרויסגעריסן פֿון לעבעדיקן לעבן אויף גאַנצע 26 יאָר. זונדעלעוויטש איז אָפּגעקומען קאַטאָרגע אין דער באַרימטער קאַרא ביים באַיקאַל אין די פֿינסטערסטע יאָרן פֿון דער רעאַקציע. אַ סך פֿון זיינע קאַטאָרגע־חברים זיינען געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז, אַנדערע זיינען פֿון זינען אַראָפּ; אייניקע זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב פּראָטעסט. און עס זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פֿאַרראַטן, געבעטן מחילה ביים צאַר, געקושט די רוט ביים הענקער. שווערע פֿיינפֿולע יאָרן. זונדעלעוויטש איז אין טורמע געווען פֿאַר די חברים אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער; ער האָט אומעטום געטראָגן טרייסט און וואַרעמקייט, געדינט מיט וואָס ער האָט געקאָנט. די

קאַטאָרגע האָט ניט געבראָכן ניט זיין געזונט, ניט זיין מוט. אָבער וואו האָט ער געזאָלט אַהינטאָן זיין אַקטיווע ענערגיע, זיינע גרויסע פּראַקטישע כּוחות? אייניקע חברים האָבן זיך אָפּגעגעבן צום בוך, געלערנט, געשטודירט. זונדעלעוויטש האָט געלייענט, אָבער קיין מענטש פון טעאָריע, פון לאַנגער שול־באַנק איז ער ניט געווען. אַנדערע האָבן אויסגעלאָדן זייער ענערגיע אין אומענדלעכע דעבאַטן. זונדעלעוויטש פלעגט אויך אַרויסזאָגן זיין מיינונג, פאַרטיידיקן זי, אָבער פאַרקאָכן זיך אין די אויסזיכטלאָזע דיסקוסיעס האָט ער ניט געקאָנט. און זיך אויסלאָדן אין צערייצונג און קרענקלעכע פּערזענלעכע צאַנקערייען — דאָס איז געווים געווען ניט פאַר זיין רויִקער געזונטער נאַטור. איז די אַקטיווע ענערגיע אַנטשלאָפן געוואָרן, די גרויסע כּוחות פאַראַליזירט געוואָרן. ווער ווייס, וויפל יסורים דאָס האָט געקאָסט, וויפל טיפע באַהאַלטענע ליידן...

אויף דער פריי איז זונדעלעוויטש געווען כּמעט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. און בעת לעאָ דייטש איז אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן געקומען אויף קאַראַ און האָט מיטגעבראַכט די נייע מאַרקסיסטישע אָנשויונג פון פּלעכאַנאָווס גרופּע, האָט ער געהאָפט צו געפינען אין זונדעלעוויטשן אַ אידעיִשן חבר. דייטש האָט אַ טעות געהאַט. ווי אַלע אַנדערע חברים אויף קאַראַ, איז זונדעלעוויטש געווען אַ קעגנער פון מאַרקס פּרינציפּן, אַפילו פון זיין ווערט־טעאָריע. פאַר דייטשלאַנד איז ער געווען אַ ס. ד. פאַר רוסלאַנד אַ נאַראָדניק... שפּעטער, אין אָנהייב פון די ניינהונדערטער יאָרן, איז זונדעלעוויטש געוואָרן אַן אָנהענגער פון דער ס. ד. פאַר רוסלאַנד אויך. דאָס לאָזט זיך דערקלערן נאָר דערמיט, וואָס זיצנדיק אין טורמע, אָפּגעריסן פון לעבן און קאָנצענטרירט אַלע געדאַנקען אויפן קאַמף און ליידן פון זיינע חברים, האָט ער, פאַרהייליקנדיק די גרויסע מעשים און די אומענדלעכע ליידן פון די נאַראָדנאָוואָלצעס, ניט ווילנדיק געמוזט פאַרהייליקן אויך די אידעען, פאַר וועלכע זיי האָבן געקעמפט און געליטן. דאָס האָט פאַרטונקלט זיין געזונטע אָבער טעאָרעטיש ניט אויסגעבילדעטע לאָגיק.

די רעגירונג האָט אויסגעשלאָסן זונדעלעוויטשן פון 2 מאַניפעסטן, וואָס האָבן געגעבן אַ טיילווייזע אַמנעסטיע. אין 1891 איז

ער אַרויס אין דער אַזוי גערופֿענער וואָלנע קאָמאַנדע. דאָס איז געווען אַ באַזונדער צושטאַנד, ווען די קאַטאָרזשניקעס האָבן נאָך געדאַרפֿט גיין אויף דער אַרבעט, זיינען נאָך געבליבן אינגאַנצן רעכטלאָז, אָבער געוואוינט האָבן זיי ניט אין טורמע, נאָר אויף דער פֿריי.

דער מאַניפֿעסט פֿון 1895 — שוין פֿאַר ניקאָלאַי דעם 2־טן — איז אָנגעווענדט געוואָרן אויף זונדעלעוויטשן אויך, און די קאַטאָרגע אָן אַ טערמין איז אים פֿאַרביטן געוואָרן אויף 20־יאָריקע. לויטן געזעץ פֿלעגט זיך פֿון יעדן יאָר אין קאַטאָרזשנער טורמע אַ פּאָר חדשים אַראָפּרעכענען, אַזוי, אַז אַן ערך 10 חדשים האָבן זיך גערעכנט פֿאַר אַ גאַנץ יאָר. אויף אַזאַ אופֿן האָט זונדעלעוויטש געענדיקט זיין קאַטאָרגע־טערמין מיט צוויי יאָר פֿריער און אין 1898 האָט ער זיך באַזעצט אַלס „פֿרייער פֿאַרשיקטער אָן אַלע רעכט" אין טשיטאַ. דאָרטן האָט ער געאַרבעט ביים בויען די אייזנבאַן איין צייט ווי אַ פּשוטער אַרבעטער און דערנאָך אַלס שרייבער און בוך־פֿירער. שפּעטער אַ ביסל איז ער געוואָרן אַן אויפֿזעער איבער אַ לאַגער פֿון רוי־שטאָפֿן. דאָרטן האָט ער איינגעפֿירט אַ גרויסע עקאָנאָמיע און האָט איינגעשפּאָרט פֿאַר דער אייזנבאַן־פֿאַרוואַלטונג אַן ערך פֿון אַ האַלבן מיליאָן רובל. פֿאַרשטייט זיך, אַז צווישן די העכערע אָנגעשטעלטע האָבן זיך באַלד געפֿונען בעלנים אויף דעם אָפּגעשפּאָרטן געלט. זונדעלעוויטש האָט עס ניט געקענט דערלאָזן און האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער שטעלע. דעמאָלט האָט מען אים איבערגעגעבן צוצושטעלן וואַסער אויף אַ סטאַציע לעבן טשיטאַ. ער האָט געדונגען פֿערד, געקויפֿט פֿעסער, געאַרבעט אַליין און מיט אַן „אַרטעל". אין שווערער האָרעוואַניע און אָרעמען לעבן האָט ער אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט, כּדי אויף דער עלטער ניט צו פֿאַלן אויף אַנדערע צו לאַסט. אַזוי האָט ער זיך אַדורכגעשלאָגן ביז אָקטאָבער 1905, ווען ער איז אינגאַנצן באַפֿרייט געוואָרן. אין 1906 קערט ער זיך אום אין אייראָפּעישן רוסלאַנד. באַזוכט ווילנע, וואוינט 6 חדשים אין וואַרשע ביי זיין ברודער מיראָן. אָבער די רעאַקציע ווערט שטאַרקער און ער וויל אין רוסלאַנד ניט פֿאַרבלייבן. אינטערעסאַנט, אַז דער צאַריזם האָט די גאַנצע צייט געהאַט אַן אויג אויף זונדעלעוויטשעס פֿאַמיליע. אויף

זיין ברודער מיראָן, אַ דורכאויס רויִקן מענטשן, האָט מען שטענדיק „השגחה געגעבן", און יעדעס מאָל, ווען מ'פלעגט זיך ריכטן אַז קיין וואַרשע וועט קומען דער צאַר, פלעגט מען מיראָן זונדעלעוויטשן אַרעסטירן, ווי אַ פאַרדעכטיקן מענטשן, וועמען ס'איז גלייכער אין אַזאַ צייט צו האַלטן אונטערן שלאָס. אַהרן זונדעלעוויטשן וואָלט מען נאָך אין 1906 אויך ניט לייכט געגעבן אַן אויסלענדישן פאַספּאָרט. האָט דער ברודער מיראָן אַרויסגענומען אַן אויסלענדישן פאַס פאַר זיך און אין פאַס איז געווען צוגעשריבן, אַז מיט מיראָנען פאָרט זיין ברודער אַהרן. אויף אַזאַ אופן איז זונדעלעוויטש אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד און האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין לאָנדאָן.

אין לאָנדאָן האָט ער געלעבט טיילווייז פון דער קליינער רענטע, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט, דער עיקר אָבער דערפון, וואָס ער האָט געאַרבעט, אַלס קאַסיר און בוך-פירער אינם „דייטשן קאָמוניסטישן קלוב" (דער דאָזיקער קלוב האָט גאָרניט צו טאָן מיטן איצטיקן קאָמוניזם. זיינע מיטגלידער זיינען זייער מעסיקע, אָפט שוין צו מעסיקע סאָציאַליסטן. דער נאָמען פון קלוב שטאַמט נאָך פון מאַרקס צייטן). פאַרשטייט זיך, אַז ביידע קוואַלן האָבן אים געגעבן נאָר אויף אַן אָרעם לעבן. פונדעסטוועגן האָט זונדעלעוויטש געהאַלטן פאַר זיין חוב צו געבן זיין חלק אין אַלע זאַמלונגען פאַר דער באַוועגונג און ער פלעגט זיך חידושן, אַז מען פלעגט אַמאָל פאַרגעסן זיך ווענדן צו אים. אין לאָנדאָן איז זונדעלעוויטש געשטאַנען נאָענט צו די רוסישע ס. ד. אויף וויפל איך געדענק, אי זער אַפילו געווען אַ מיטגליד פון זייער הילפס-גרופּע (פ. אַקסעלראָד שרייבט, אַז ניט). פאַרקערן פלעגט ער מיט די יידישע סאָציאַליסטן, די מיטגלידער פון דער בונדישער הילפס-גרופּע. אָבער זיינע אַמאָליקע כּוחות זיינען שוין געווען אַטראָפירט. ער האָט איצט דערציִיִגן זיינע לעצטע יאָרן ווי אַ פּריוואַט מענטש, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער באַוועגונג און העלפט איר, מיט וואָס ער קאָן, און ניט ווי אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער.

אין די ווינטערס פון 1912 און 13 איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין לאָנדאָן. דאָרטן פלעג איך זיך טרעפן מיט זונדעלעוויטשן—

נאָך מיינע לעקציעס אין אַ קאַפֿע, בײַ מיר אויפֿן קוואַרטיר, איינמאָל
בײַ זיין יינגערן ברודער הינטער דער שטאָט; אַ פּאָר מאָל האָבן מיר
לאַנג געשפּאַצירט איבער די געסלעך פֿון אויטשעפּל, וואו ער האָט
מיך געפֿירט ווייזן דאָס יידישע לעבן און דרך אַגב מכבד געווען מיט
עכטע יידישע מאכלים פֿון דער היימישער ווילנע, וועלכע דער אַל=
טער האָט שטאַרק ליב געהאַט. מיר האָבן גערעדט וועגן אַלץ אין
דער וועלט. איך פֿלעג ציען דעם שמועס צו די זיבעציקער יאָרן
פֿונם פֿאָריקן יאָרהונדערט, צו „זיין“ צייט. ער פֿלעגט זיך ניט לאָזן
האָט געצויגן דווקא צום היינט, צו אַקטועלע פֿראַגן און לעבעדיקע
מענטשן. אין אַלגעמיין=פּאָליטישע פֿראַגן איז ער געווען אַ בערענ=
שטייניאַנער. דער סאָציאַליזם איז בײַ אים געווען אַ זאַך פֿון דער
פֿאַרנעפּלטער ווייט, וואָס וועט אַמאָל קומען נאָך אַ לאַנגער עוואָ=
לוציע; דערווייל איז דער עיקר די רעפֿאָרם=אַרבעט. ער האָט זיך
שטאַרק אינטערעסירט מיט דער יידישער ליטעראַטור, געלייענט יידי=
שע ביכער, געגאַנגען אויף יידישע לעקציעס. ער האָט מיר אָנגע=
וויזן די פֿעלערן, צוליב וועלכע פּינעסעס „געשיכטע פֿון דער יידישער
ליטעראַטור“ שטעלט אים ניט צופֿרידן. אָבער כּדי איך זאָל קיין
טעות ניט האָבן, אַז ער איז אינגאַנצן מיט מיר, פֿלעגט ער אין
דער אָדער יענער פֿאָרם מיר געבן צו פֿאַרשטיין, אַז צו דער צו=
קונפֿט פֿון דער יידישער ליטעראַטור באַציט ער זיך סקעפּטיש...
ער האָט זיך ניט געקענט אינגאַנצן באַפֿרייען פֿון זיינע יוגנט=שטי=
מונגען. בפֿרט אַז ער איז געווען אָפּגעריסן פֿון די גרויסע יידישע
מאַסן אין רוסלאַנד און אין אַמעריקע און ער האָט געוואוינט אין
לאָנדאָן, וואו דער יידישער שאַפֿונגס=קוואַל שלאָגט שוואַך, ווייל
דער יידישער ישוב איז דאָרטן אָרעם מאַטעריעל און גייסטיק און
טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פֿון אַן עטאַפּ אויפֿן וועג קיין
אַמעריקע.

דעם לעצטן מאָל האָב איך זיך מיט זונדעלעוויטשן געטראָפֿן
שוין אין דער צייט פֿונם וועלט=קריג אין יאַנואַר 1915. זונדעלעוויטש
האָט געהאַלטן פֿאַר דער אַנטאַנט און ממילא פֿאַרן נצחון פֿון רוס=
לאַנד. ער האָט אַ סך גערעדט וועגן די דעמאָלטיקע גרושים און
רדיפֿות אויף יידן אין רוסלאַנד און לסוף האָט ער מיר געזאָגט:

„איך קלער שוין לאַנג וועגן דעם. פֿאַר ייִדן אין רוסלאַנד איז פֿאַראַן איין אויסוועג — עמיגראַציע...“ איך האָב פֿאַרחידושט געפֿרעגט: נו, און רעוואָלוציע, סאָציאַליזם? ער האָט ווייטיק געענטפֿערט: „ווען וועט עס נאָך זיין... און אַז עס וועט שוין זיין... רוסלאַנד איז אַזאַ מדינה, וואו 30 יאָר נאָכדעם, ווי עס וועט איינגעפֿירט ווערן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג, וועט מען נאָך מאַכן פּאָגראָמען אויף ייִדן“... איך האָב געפּרוּווט אָפּפֿרעגן דעם פֿינסטערן פּראָגנאָז, כ'האָב אָנגעוויזן, אַז עמיגרירן קאָן נאָר אַ קליינער פּראָצענט — ניט די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון רוסלאַנד. ער האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע: איין אויסוועג — עמיגראַציע... די דאָזיקע ווערטער זונדעלעוויטשעס ברענגען אונז ווידער צו דעם אויבנגעבראַכטן שטרייט צווישן לעאָ דייטש מיט סטעפּניאַקן וועגן זונדעלעוויטשעס ייִדישקייט; זיי ווייזן אונז, אַז סטעפּניאַק האָט אַריינגעלייגט דורך אין מייל אַזעלכע ווערטער, וואָס ער האָט באמת געהערט פֿון זונדעלעוויטשן.

אַ מערקווערדיקע זאַך: די מענטשן פֿון אונזער דור האָבן געזען מער אין ניט אין אַן ערך גרעסערע פּאָגראָמען, ווי די מענטשן פֿון זונדעלעוויטשעס דור; און דאָך האָבן די פּאָגראָמען ביי אונז ניט אַרויסגערופֿן אַזויפֿיל יאוש, ניט געשאַפֿן קיין פּאָגראָם־מאַניע, ווי ביי זיי. זונדעלעוויטש איז דאָך ניט איינער. דער זיידע ווינטשעווסקי איז אַ מענטש גאָר פֿון אַן אַנדער שניט און דאָך ליידט ער אויך פֿון דער דאָזיקער פּאָגראָם־מאַניע, און ניט בלויז בנוגע רוסלאַנד אַליין. זייענדיק אין ניו־יאָרק, האָב איך אים ניט איינמאָל געהערט עפֿנטלעך זאָגן: אין אַמעריקע דאַרף מען האָבן אַ בונד, כדי עס זאָל זיין, ווער ס'זאָל אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ, בעת דאָ וועלן אויסברעכן פּאָגראָמען... דעם ראָמאַנטישן ווינטשעווסקין האָט די דאָזיקע שטימונג דערפֿירט ביזן שוועל פֿון ציוניזם און געשאַפֿן ביי אים אין מוח אַ מישמאַש פֿון פּאַלעסטינע, העברעיש און ראַטן־מאַכט. דער לאָגישער אַהרן זונדעלעוויטש איז דערגאַנגען נאָר ביז עמיגראַציע פֿון רוסלאַנד, אַלס איינציקער אויסוועג — ביז אַ ייִדישער מדינה איז ער ניט דערגאַנגען. מיר דאַכט זיך, אַז אונז האָבן די פּאָגראָמען ניט אַריינגעוואָרפֿן

אין אַזאַ יאוש, ווי די אַלטע, ווייל מיר האָבן געזען ניט בלויז פּאָגראָמען. מיר האָבן געזען אויך דעם שאַפנדיקן כּוח פון דעם אָרגאַניזירטן רוסישן פּראָלעטאַריאַט; מיר האָבן דורכגעמאַכט די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האָבן אין דער יוגנט דאָס ניט געזען, זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן אַפילו; און אויף די עלטערע יאָרן איז שוין ביי זיי דער יידישער יאוש געזעסן צו טיף, מ׳זאָל אים קאָנען אינגאַנצן אויסרייסן.

וועגן די לעצטע יאָרן פון זונדעלעוויטשעס לעבן ווייס איך ווייניק. פון ווינטשעווסקיס אַן אַרטיקל אין נױ־יאָרקער „פרייהייט" האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זונדעלעוויטש איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון באָלשעוויזם און ער האָט וועגן דער קאָמוניסטישער מאַכט אין רוסלאַנד ניט געקאָנט ריידן רויק. דאָס שטימט מיטן גאַנצן כאַראַקטער פון זיין לעבן און דענקען.

זונדעלעוויטש איז געווען געזונט און מונטער ביז זיין לעצטער לעבנס־שעה. דעם 29־טן אַווגוסט 1923 שפּעט אין אָוונט איז ער געווען ביי זיין ברודער, געזעסן און גערעדט. פּלוצלונג איז אים ניט גוט געוואָרן און אין 5 מינוט אַרום איז ער געשטאָרבן. דער פּלוצלונגער טויט איז געווען אַ פּאַסיקע פאַרענדיקונג פון זיין לעבן. עס איז אַזוי שווער געווען זיך פאָרצושטעלן דעם רירעוודיקן זונדעלעוויטשן ווי אַ זקן, אַ חלוש, וואָס גייט ניט אַראָפּ פון בעט. זונדעלעוויטשעס קערפּער האָט מען פאַרברענט. דאָס אַש ליגט אין קרעמאַטאָריום אין אַן אורנע, אין איין נישע מיט דעם אַש פון אַ באַוואוסטן פירער פון דער ענגלישער לייבור־פּאַרטיי. מען קלערט איבערצופירן דעם אַש קיין ווילנע און ביי בעסערע צייטן אין אַ רעוואָלוציאָנערן פאַנטעאָן פון רוסלאַנד.

זונדעלעוויטש האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן פּראַקטישן שכל און אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלענט. ער האָט זיי אָפּגעגעבן דער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג, וואו זיי האָבן זיך שטאַרק און פרוכטבאַר אַרויסגעוויזן. אינגאַנצן פונאַנדערוויקלען וואָלטן זיי זיך געקאָנט נאָר ביי פרייע לעגאַלע באַדינגונגען, וועלכע האָבן אין די יאָרן 1875—79 אינגאַנצן געפעלט. מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר שפּעטער, בעת די באַדינגונגען זיינען געוואָרן פרייער און פאַר אָרגאַניזאַטאָרישע

מאַלענטן האָט זיך געשאַפֿן וועלכע ס'איז לעגאַלע אַרענע, זיינען שוין זונדערלעווישעס כּוחות געווען פּאַראַליזירט. עס האָט זיי אויפֿ־געגעסן די צאַרישע קאַטאָרגע, זייערע רעשטלעך האָט אויסגעזויגן דאָס שלעפּן די יאָרן אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם העק פֿון מזרח־סיביר, אָן יעדער געזעלשאַפֿטלעכער אַטמאָספֿערע.

---

# מיין ערשטער שריט

דאָס איז געווען העכער 30 יאָר צוריק, פּסח־צייט.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ האַלבער ישיבה־בחור, אַ האַלבער אַפּיקורס. אָפּגעקנעלט דעם ווינטער אין אַ דאָרף, בין איך ראש־חודש ניסן געקומען קיין ווילנע אויסבערענגען דאָס ביסל געלט, וואָס איך האָב פאַר דעם זמן פאַרדינט, און אָנשעפּן זיך קולטור אין דער גרויסער שטאָט.

מיינע חברים פון הדר, פון ישיבה זיינען זיך שוין לאַנג פונאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשיידענע וועגן. זונדל איז אַ שוחט אין אַ קליין שטעטל, האָט שוין חתונה געהאַט. מענדל בייסער האָט סמיכה אויף רבנות, ער שטייט אין שדוכים. אַברהם־אליהו איז געוואָרן אַ קאָמאַשן־שטעפּער, איציק — אַ סטאָלער. ביידע געהערן זיי צו די יעניקעס, וואָס לייענען „ביכלעך" און רופן זיך „באַקאַנטע", „מענטשן", „פילאָזאָפן" און דער רוח וויס זיי, ווי נאָך. פּסח איזעניצער (דאַמסקי) גרייט זיך צו עפּעס אַן עקזאַמען און לערנט זיך שלאָסעריי; איז שוין אויך פון דער נייער חבֿרה, נאָר איך איינער בין געבליבן הענגען אין דער לופטן, ניט אַהין, ניט אַהער.

מיין טאַטנס באַקאַנטע, עלטערע יידן, ווען זיי באַגעגענען מיך, פרעגן זיי: ווען וועסטו ווערן אַ רבֿ? אַברהם־אליה און איציק, מיינע נאָענטע חברים, פרעגן: ווען וועסטו שוין אויפהערן צו קוועטשן די באַנק? צייט צו ווערן אַן אונזעריקער... זיי גיבן מיר אַ בענדל פיסאַרעוו און זאָגן אָן, איך זאָל עס היטן, ווי מיין אויג אין קאָפּ: אַנדערע צאָלן אַ רובל בלויז פאַרן איבערלייענען און דאָס איז נאָך אויך שווער צו קריגן; ס'איז פאַרבאָטן איבערצוזוקן... איך פיל אַ גרויס יראת־הכבוד פאַר אַזאַ טייער בוך. און דאָך ווילט זיך מיר זיי זאָלן מיר בעסער געבן איינס פון יענע קליינע „ביכלעך", וועלכע

מע טאָר ניט לייענען, פאַר וועלכע מע פירט אַוועק אין אַ שוואַרצער קאַראָט און מע פאַרזעצט אין „פערצנטן נומער" *). אָבער בעטן בעט איך ניט. אַז זיי ווילן מיר ניט געטרויען, איז ווי זיי ווילן זיך; איך וועל זיך דער ערשטער ניט אָנשלאָגן.

פון טאָטנס-וועגן גיי איך אַלע טאָג אַריין אויף אַ שעה אין חברה תורה איבערכאַפּן אַ בלאַט גמרא. פון מיינע חברים-וועגן קריך איך דורך פיסאַרעוון און ברעך מיר די ציין איבער דער ר'-פישער עברי, וועלכע איז מיר נאָך דעמאָלט געווען ניט גאָר לייכט איינצובייסן.

אַ פּאָר שעה אין טאָג זיץ איך אָפּ ביים ראש-ישיבה. אייגנטלעך ניט ביי אים גופא, נאָר ביי זיינע קינדער.

דער ראש-ישיבה פון ר' מיילעס קלויז ר' בן-ציון וועלטמאַן — ר' בענצל חריף — איז געווען אַ מערקווירדיקע פיגור. אַ זשאַמעטער, אַ מענטש מיט אַ שאַרפן קאָפּ. אַפילו אויסערלעך האָט ביי אים דער קאָפּ אויסגעזען ווי שפּיציק. אין דער יוגנט איז ער אין זיין שטעטל שאַט קאָוונער גובערניע געווען אַ תבואה-הענדלער און ווי מ'דערציילט, פלעגט ער אַרומפאָרן רייטנדיק איבער די דערפער. ניט קיין הייכער, אַ דאַרער, מיט אַ שיטער, שפּיציק בערדל, וואָס ער האַלט נאָכאַנאַנד אין ביסן; באַוועגט זיך גיך, לערנט מיט אַ בייזער, רעדט געשווינדט און שטעכעדיק. זיין באַליבט זידלוואָרט איז: טראַנטע! מיט אַ שאַרפן ר. ער באַגייט זיך מיט מענטשן פון אויבן אַראָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט: ווי קום איך צווישן אייך? דאָס דריקט, און מ'האָט אים ניט ליב, הגם ער איז בטבע ניט קיין שלעכטער. ער פאַרמאָגט ניט דעם הדרת פנים פון אַ ייד אַ למדן. און דאָך, בעת ער זיצט פאַרנאַכט אין אַ ווינקל איבער דער אָפענער גמרא, פילט יעדער איינער פון די הונדערט בחורים, וואָס חזרן איבער דעם שיעור אין קלויז, אויף זיך זיין שאַרפן קוק; הגם דער ראש-ישיבה האָט גאָר אין זינען ניט צו קוקן אויף עמעצן באַזונדער. מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו זיין דערביי, ווי אַ בעל-מלאָכה האָט זיך מיטן ראש-ישיבה געקריגט צוליב געלט,

---

*) געוועזענע טורמע פאַר פּאָליטישע אין ווילנע.

וואָס אים איז אַרויסגעקומען פון דער ישיבה. האָט ער אינגאַנצן געציטערט אונטער ר' בן־ציונס קוק און ער האָט כסדר איבערגע־חזרט: איך ווייס, אַז איך פאַרזינדיק מיינע יאָרן, אָבער איך מוז אייך זאָגן: איר טוט אַן עוולה.

ר' בן־ציון האָט ליב צו באַווייזן, אַז דער מהרש״א האָט ניט פאַרשטאַנען דעם פשט פון גמרא אָדער פון תוספות און ער זאָגט מיט אַ בייזער הנאה: אויסרייסן וואָלט איך אים! אָדער אויסקנייפן וואָלט איך אים! — דעם מהרש״א הייסט עס. אַ באַזונדער פאַר־גענינגן איז ביי אים צו געפינען גרייזן אין רש״י און תוספות, צו באַווייזן מיט סברות און השערות, ווי אַזוי דער אָדער יענער גרייז איז אַריינגעפאַלן.

מע מורמלט אויף אים, אַז ער איז אַן אַפּיקורס, רויכערט שטילערהייט פּאַפּיראָסן אום שבת. מיר איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו באַמערקן קיין שפור דערפון אויסער דעם, וואָס ער שטייט ניט לאַנג שמונה־עשרה און האַלט בכלל פון לערנען מער ווי פון דאַווענען. ער באַציט זיך צו אונזערע ביכלעך מיט אַ מין ביטול און האָך יעדעס העברעיש בוך, וואָס זיין זון ברענגט אין שטוב אַריין, לייענט ער דורך. ער לייענט יידישע ביכלעך אויך. קיין פאַ־נאַטיקער איז ער ניט, אָבער ער וויל ניט ליידן, ווען מ׳דערלויבט זיך פאַר אים אין די אויגן צו זיין אָפן ניט רעליגיעז: ער זעט אין דעם אַ העדר הכבוד פאַר זיך. ער האַלט אונז פאַר יינגלעך, טראַנטעס, און האָך האָט ער ליב מיט אונז צו דיסקוטירן. אָבער ווען מיר זיינען מיט אים ניט מסכים, פילט ער זיך ווי באַליידיקט; און יעדעס מאָל נאָך אַזאַ מין שטרייט איז ער, דוכט זיך, אין כעס אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט מיט אונז אָנגעהויבן. אפשר דערפאַר, וואָס ער טראָגט בכלל ניט איבער קיין קעגנערשאַפט; און אפשר פילט ער, אַז סוף־כל־סוף האָבן מיר אים ניט פאַרשטאַנען, אַז מיר ריידן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אין אַזעלכע מאָמענטן מאַכט ער אַן איינדרוק פון אַ מענטשן, וואָס פילט, אַז זיין לעבן האָט זיך ניט איינגעגעבן, און פון זיין געזיכט קאָן מען אַראָפּלייענען: ווען איך וואָלט געלערנט דאָס אַליץ, וואָס איר — וואָס וואָלט איך דעמאָלט ניט אויפגעטאָן...

ער האָט ניט געהאַלטן ניט פון די ווילנער מורי־הוראהס, ניט פון אַ סך באַוואוסטע רבנים און ער פלעגט פון זיי ריידן אין אַ טאָן פון חוזק. ער איז געווען אַ גרויסער בריה אויף טיילן ירושה, אויף שווערע דין־תורהס, ברירות און ענלעכע ענינים, וואָס זיינען פאַר־בונדן מיט מסחר. דאָס פסק־געלט איז געווען אַ קליינער צוגאָב צו זיין אָרעמע שכירות, אָבער דער עיקר האָט אים אינטערעסירט דער ענין גופא, וואָס איז געווען אַ גימנאַסטיק פאַר זיין שכל. צוליב די דאָזיקע דין־תורהס איז ער געווען פאַרבונדן מיט דעם ווילנער מורה־הוראה ר' אליה־לייזער, מיט זיין איידעם ר' חיים־עוזר גראָדזענסקי, מיטן דיין ר' שמואל לופּצער — די רבנים, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען שלישים און בוררים, אַזוי צו זאָגן יוריסקאָנסולטן פון די ווילנער יידישע געשעפטס־לייט.

ר' בן־ציון האָט געהאַט זיין אייגנס זעקס טעכטער. עס איז אומגעגאַנגען אַן אַנעקדאָט: ווען מ'פרעגט דעם ראש־ישיבה, וויפל מיידלעך האָט איר? ענטפערט ער: ציילט אויס — איך מיט אַ מיידל, מיין ווייב מיט אַ מיידל, מיין יינגל מיט אַ מיידל, אַ מיידל מיט אַ מיידל און נאָך אַ מיידל.

זיין זון, מיין חבר לייזער ר' בן־ציונס — אַ טיף אָרנטלעכע, אָבער שוואַכע נאַטור, אַ געוועזענער ישיבה־בחור, גרייט זיך צו האַלטן עקזאַמען פאַר אַכט קלאַסן גימנאַזיע, עקסטערן; לערנט, לייענט, גיט שטונדן. שווערער איז מיט די טעכטער. ר' בן־ציון איז כל־ימיו געווען אַן אָרעמאַן, איז ער ניט געווען אימשטאַנד ניט צו געבן די טעכטער געהעריג בילדונג, ניט זיי חתונה צו מאַכן. „בעטן אויף חתונה", ווי עס פלעגן טאָן אַנדערע כלי־קודש — האָט ר' בן־ציון געהאַלטן נידעריקער פאַר זיין כבוד; האָבן די טעכטער גע־מוזט זיך נעמען צו אַן „איידעלע" מלאָכה, וועלכע מ'קאָן זיך לייכט אויסלערנען.

אַזאַ מלאָכה איז דעמאָלט געווען — זאָקן. אַ מאַשין האָט מען גענומען אויף אויסצאָלן; מ'האָט נאָר געדאַרפט געבן אַ קליינעם אַדערויף. אַרבעטן האָט מען געקאָנט אין דער היים: צו־שרייבן די מאַשין צו אַ פענסטער און גענוג. אויסלערנען זיך איז געווען לייכט. מיטן באַלעבאָס — קאָמיסיאָנער האָט מען אים גע־

רופֿן, אַפּנים דערפֿאַר, וואָס ער איז דאָס רוב געווען אַ באַפֿול־
מעכטיקטער פֿון אַ גרעסערער פֿירמע אין טיף־ראָסיי — האָט מען
זיך באַגעגנט נאָר ביים נעמען באַוול און ביים אָפּגעבן פֿאַרטיקע
זאָקן. אין שטוב ביים קאָמיסיאָנער האָבן געאַרבעט בלויז עטלעכע
מיידלעך, וועלכע פֿלעגן אָפּוועגן אַפֿריער די באַוול און דערנאָך
די פֿאַרטיקע סחורה, איבערקוקן די אָפּגעבראַכטע זאָקן, צי זיי זיינען
גוט געאַרבעט, און אויב מ'דאַרף — זיי גלייך אויפֿן אָרט אַ ביסל
צופּאַררייכטן. כּדי זיינע טעכטער זאָל אין דער אַרבעט ניט אויסקו־
מען צו האָבן צו טאָן מיט פֿרעמדע באַלעבאַטים, איז ר' בן־ציון
אַליין געוואָרן אַ קליינער קאָמיסיאָנער. ביי אים האָבן געאַרבעט נאָר
זיינע דריי טעכטער און 2—3 חברטעס זייערע און קיין גליקן האָט
ער דערפֿון ניט געמאַכט. דאָס געשעפֿט האָט ניט געקאָנט וואַקסן
שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דעם ראש־ישיבה האָט עס ווייניק אינ־
טערעסירט. ר' בן־ציון איז ניט געווען דער איינציקער זאָקן־קאָמי־
סיאָנער צווישן די לומדים. אַ קאָמיסיאָנער פֿון גרויסן שניט איז
געווען ר' בן־ציון אַלפּס — אַ ייד, וואָס האָט עטלעכע צענדליק יאָר
געזאָגט מוסר אין די ווילנער קלויזן, האָט אָנגעשריבן אַ ריי גאָטס־
פֿאָרכטיקע מעשיות אין יידיש; די זאָקנמאַכערקעס פֿלעגן זיך אויף
אים קלאָגן, אַז ער דרייט זיי אַראָפּ דעם קאָפּ מיט אַ שטיק האַלז;
און זיין געשעפֿט איז טאַקע נאָכאַנאַנד געוואַקסן. אויף וויפֿל איך
געדענק, האָבן דער רעדאַקטאָר פֿון „הכרם“ אליעזר אַטלאַס און
דער יידישער שוואַרץ־מאַהניק יעקב ליפּשיץ פֿון קאָוונע אויך גע־
האַנדלט מיט זאָקן. ביידן האָב איך אַ פּאָר מאָל געזען ביי דעם
ראש־ישיבה אין שטוב. מיט אַטלאַסן איז דער ראש־ישיבה געווען
באַפֿריינדעט.

זאָקנמאַכעריי איז דעמאָלט געווען די פֿאַרשפּרייטסטע באַשעפֿ־
טיקונג פֿאַר יידישע מיידלעך אין ווילנער געגנט. קיין גרויסע פֿאַ־
בריקן זיינען נאָך ניט געווען. עס איז געווען אַ היים־אינדוסטריע.
אין די שטעט, קליינשטעטלעך און אַפֿילו אין דערפֿער פֿלעגן זיצן
מיידלעך איבער מאַשינען און אַרבעטן פֿאַר ווילנער קאָמיסיאָנערן.
פֿאַרשטייט זיך, אַז די שטעטלשע און דאָרפֿישע מיידלעך, וועלכע
פֿלעגן נעמען באַוול און אָפּשיקן פֿאַרטיקע זאָקן דורך בעלי־עגלות,

זיינען שטאַרקער עקספּלואַטירט געוואָרן, ווי די שטאָטישע, וועלכע זיינען געווען אויף אַן אָרט, האָבן געהאַט גרעסערע באַדערפֿעניש, פֿאַרמאָגט מער מוט. די זאָקן זיינען געגאַנגען אויפֿן אינערלעכן רוסישן מאַרק. געווען אין ווילנע אונטערנעמער, אויף וועלכע ס'האָבן געאַרבעט אַ פּאָר הונדערט מאַשינען. די גרויסע פֿלעגן אָפּקויפֿן די סחורה אויך פֿון די קלענערע קאָמיסיאָנערן, וועלכע האָבן אַליין מיט „ראַסיי“ קיין פֿאַרבינדונג ניט געהאַט. אינם זאָקן־פֿאַך האָט איר געקאָנט טרעפֿן פֿאַרגרעבטע מיידלעך, דינסטן, וואָס גאָט האָט זיי געהאָלפֿן אַרויפֿצושלאָגן זיך אויף אַ מאַשין, און האַלב־אינטעליגענטע מיידלעך פֿון באַלעבאַטישע הייזער, וואָס זיינען פֿאַראָרעמט געוואָרן. פֿאַר די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן איז אָט דער פֿאַך געווען זייער גינסטיק. אַ סך אַרבעטערינס, הגם צעוואָרפֿן איבער פֿאַרשיידענע ווינקעלעך; אַ שטאַרקע עקספּלואַטאַציע; און דער עיקר: אַ היבש ביסל מיידלעך, וואָס קאָנען מער אָדער ווייניקער רוסיש, זיינען געוויינט צו לייענען אַ ביכל, פֿאַרמאָגן אַ ביסל אַנטוויקלונג, און אַ אינטעליגענט קאָן זיך מיט זיי צונויפֿריידן — אַ גוטער עלעמענט פֿאַר די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך. דעריבער איז די ערשטע עקאָנאָמישע קאַסע — אַ מין אומלעגאַלער פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין — אין ווילנע געגרינדעט געוואָרן ביי די זאָקנמאַכערקעס; ביי זיי איז געווען איינער פֿון די ערשטע שטרייקן; פֿון זיי זיינען אַרויסגעקומען עטלעכע גוטע אַגיטאַטאָרינס, למשל, ליזע אַלטערס — אַ זאָקנמאַכערין פֿון קאָוונע, וועלכע איז געווען אויפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון בונד, העלענע די זאָקנמאַכערין וכדומה.

דעם ראש־ישיבהס טעכטער, ווי האַלב־אינטעליגענטע קולטורעלע מיידלעך, וואָס האָבן געהאַט באַקאַנטע עקסטערנס און סטודענטן, זיינען געווען פֿון די ערשטע, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די סאָציאַליסטישע קרייזלעך. איינע פֿון זיי — פֿייגע דעם ראש־ישיבהס, אַן אַקטיווע לעבעדיקע נאַטור — האָט זיך אַפֿילו איין צייט אַרויסגערוקט. די חברטעס, וואָס האָבן מיט זיי צוזאַמען געאַרבעט, זיינען אויך געווען סאָציאַליסטקעס: חנה, פֿייגע „ראַבאָטשי נאַראָד“, ליבע, איין צייט „פֿייגע די געשאָרענע“. און אַזוי ווי דער ברודער זייערער לייזער איז אויך געווען אַ סאָציאַליסט, איז דעם ראש־ישיבהס הויז

געוואָרן אַ שטיקל צענטער. אַהין פֿלעגן אַריינגיין מיטגלידער אין
טוער פֿון די קאַסעס, יונגע סאָציאַליסטן, געוועזענע ישיבה־בחורים.
דאָרטן זיינען שטענדיק געווען ביכער און בראָשורן. ביים ראש־ישיבה
האָט איין צייט געוואוינט דער איבערדערמאָנטער דאַמסקי. דאָרטן האָב
איך זיך געטראָפֿן מיט אַברהם ליעסין (וואַלט). בכלל איז דעם ראש־
ישיבהס הויז, דעם ראש־ישיבהס טעכטער געווען אַ שם דבר ביי
די דעמאָקראַטיקע יידישע סאָציאַליסטן פֿון ווילנע. ווי האָט אויף דעם
אַלעם געקוקט דער ראש־ישיבה אַליין — ווייס איך ניט. עס איז
דאָך אוממעגלעך, ער זאָל ניט האָבן עפּעס באַמערקט. קיין אָפֿענע
קריג, קיין סקאַנדאַלן זיינען צוליב דעם אין שטוב ניט פֿאָרגעקומען.
זיין ווייב מאַטליע — אַ גוטהאַרציקע אָבער נערוועזע יידענע, וואָס
איז שטענדיק געווען פֿאַרזאָרגט און האָט זיך פֿאַר באַקאַנטע נאָכאַנאַנד
געקלאָגט, פֿאַרוואָס דער מאַן מאַכט ניט קיין לעבן, דער זון איז
ניט קיין רב און ניט קיין דאָקטאָר און די טעכטער ווערן פֿאַרזעסן —
די „משוגענע מאַטליע", ווי באַקאַנטע האָבן זי גערופֿן — פֿלעגט
זיך אַפֿילו אַמאָל אַריינלאָזן מיט מיר און מיט וואַלטן אין אַ וויכוח,
פֿאַרוואָס מיר בלייבן יידן, צו וואָס מיר טראָגן אויף זיך די יידישע
צרות, וויבאַלד מיר גלויבן ניט אין יידישן גאָט; אָדער פֿאַרוואָס
ווילן מיר איבערמאַכן די וועלט און קאָנען זיך אַליין אין לעבן קיין
עצה ניט געבן.

פֿון דעם עולם, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם ראש־
ישיבהס שטוב, בין איך צו יענער צייט געווען דער איינציקער,
וואָס איז נאָך אין דער באַוועגונג ניט אַריינגעצויגן געוואָרן. איך
פֿלעג אַהין אַריינקומען, נעמען ראַדיקאַלע רוסישע ביכער, זיך צו־
הערן צו די שמועסן, ווי ווייט מ'האָט זיך פֿון מיר ניט באַהאַלטן.
איך האָב אַלעמען געקאָנט. איך האָב פֿון אַ סך זאַכן געוואוסט
און האָב גאָרנישט געוואוסט. איך בין געווען ווי אַ פֿרעמדער צווישן
מענטשן, וואָס זיינען פֿאַרבונדן דורך אַ הייליקן סוד. דאָס האָט
געפּייניקט און געצויגן. לאַנג אָנהאַלטן וואָלט עס ניט געקאָנט. איך
האָב געמוזט ענטווידער אַריין אין סוד אָדער אינגאַנצן איפּהערן
צו באַזוכן דעם ראש־ישיבהס הויז.

דער ראש־ישיבה מיט זיין ווייב זיינען שוין אַ יאָר צוואַנציק

טויט. זיינע קינדער זיינען שוין לאַנג אין אַמעריקע. דער זון לייזער איז אַ שניידער-אַרבעטער אין סיראַקוז. אַ דענקענדיקער, טיף-אויסריכטיקער מענטש, אָבער ניט צוגעפּאַסט צום לעבן. ער האָט איינגעהאַלטן אַ גרויסן אינטערעס פֿאַרן סאָציאַליזם, הגם אַקטיוו איז ער ניט.

איך האָב אָנגעכאַפּט ביי מיינע באַקאַנטע אַ סך רוסישע ביכער אָבער מיר ווילט זיך ניט לייענען. פֿאַר די לאַנגע ווינטער-אָוונטן אין דאָרף האָב איך מיך אָנגעלייענט, ווי אַ פּויק. עס איז פֿרי-יאָר און דער דרויסן ציט צו זיך. אָבער נאָך מער ציט מיך די מצה-בעקעריי אויפֿן סטעפּן-גאַס. איציק דער סטאָליער איז אַ גאַנץ ווינטער אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, האָט ער זיך פֿאַר יום-טוב געשטעלט ביי מצה. גיי איך צו אים אַריין, ווי נאָר אַ טאָג ביי גאָט, און זיץ אָפּ אין בעקעריי גאַנצע אָוונטן. איך שעם זיך אויסצוזאָגן, אָבער פֿונם אמת קאָן מען ניט אַוועקגיין: איך האָב ליב צו רעדלען מצה. דאָס הייסט קענען רעדלען קאָן איך ניט; אַז איך נעם אַ מצה אין האַנט, גייט זי אַרויס פֿון אונטער מיין רעדל אַ צעשניטענע. אַ באַלעבאָסטע, ווען זי דערזעט עס, מאַכט זי גוואַלדן: איך פֿיר איר איבער דעם טייג... נאָר גראָד ווייל איך קען ניט, גלוסט זיך מיר און איך בין קאַפּאַבל צו צאָלן צען קאָפּיקעס פֿאַר אָפּרעדלען אַ האַלבע מצה. ביי די רעדלער בין איך אַן אָנגעלייגטער גאַסט. הענט, זאָגן זיי, האָב איך ליימענע, דערפֿאַר אַ צונג אַ געשליפֿענע, קען דערציילן מעשיות און אַנעקדאָטן. שיט מיט וויצן און גלייכווערטלעך, ווייס אויף אויסווייניק אַ סך יידישע לידלעך. דערפֿאַר, ווען אַ באַלעבאָסטע פֿאַרקוקט זיך אַ ווײַלע, רוקט מען מיר אונטער אַ מצה: נאַ, רעדל אָפּ! און איך בין אויפֿן זיבעטן הימל.

די לעצטע וואָך פֿאַר פּסח. די בעקעריי איז פֿאַרוואָרפֿן מיט זעקמעל. מ'אַרבעט פֿון זעקס באַגינען ביז עלף ביינאַכט. אַמאָל נאָך שפּעטער. ביי די אַרבעטער זיינען געשוואָלן די הענט. פֿינסטערע, פֿאַרחושכטע, האַלטן זיך קוים אויף די פֿיס. דאָנערשטאָג פֿאַר שבת הגדול האָט מען געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט. איך בין געבליבן נעכטיקן אין דער בעקעריי. די רעדלער זיינען געשטאַנען מיט פֿאַרלאָפֿענע אויגן. מ'האָט געפּרוווט זינגען, עס גייט ניט. האָט מען זיך געקריגט.

געשאָלטן, שיר ניט געשלאָגן. אַלע זיינען געווען צערייצט, ווי הונ־געריקע וועלף. אַלע ווילע האָט מען מיר צוגעוואָרפן דאָס רעדל: נאַ, האָב הנאה! און איך האָב געשניטן מצה, אויף וואָס די וועלט שטייט. צווישן איין זאַק מעל און דעם אַנדערן איז געווען אַ ווילע רו. די וועלגערקעס האָבן געכאַפּט אַ דרעמל, צוגעשפּאַרט די קעפּ צום לאַנגן אַרבעטס־טיש. די רעדלער האָבן פּאַראומערטע גערוי־כערט.

— ווייסטו, וואָס, זאָג איך צו איציקן: מ'האָט עס אַלץ באַ־דאַרפט באַשרייבן אין „המליץ“.

— וואָס באַשרייבן?

— אָט ווי איר מאַטערט זיך דאָ און ווערט פאַרשוואַרצט ביי די מצה.

— באַשרייבן זאָגסטו? אַוודאי וואָלט עס געווען אַ שכל. אָבער אין „המליץ“, אויף לשון־קודש, פאַר מלמדים און באַלעבאַטישע פּעמפּיקעס... אָט אויף יידיש — פאַר אַרבעטער, פאַר אָרעמע־לייט. אָבער ווי מאַכט מען עס?

— ווייסטו, וואָס? האָב איך מיך אָנגערופן: מ'קען אָנקלעפּן צעטלעך אויפן שול־הויף, וועלן אַלע לייענען.

— צעטלעך אויפן שול־הויף, זאָגסטו? ווי איך בין אַ מענטש, אַ שכל. אַדרבה, זעץ זיך דאָ אין ווינקל, נעם אַ בלייפעדער און פּרוּוו צוזאַמענשטעלן אַזאַ מין צעטל.

אין אַ שעה אַרום איז עס געווען פאַרטיק. וואָס איך האָב דאָרטן געשריבן, קאָן איך איצט גענוי ניט זאָגן. איך געדענק נאָר, אַז איך האָב געגוואַלדעוועט אויף די רבנים, וואָס שיקן אין די בעקערייען משגיחים אַכטונג געבן אויף כשרות, און זיי גיבן ניט אַכטונג אויף דעם געזונט פון די אַרבעטער. די מצה, האָב איך געפּילדערט, איז טריף: זי איז געבאַקט אויף יידיש בלוט, אויפן בלוט פון די וועלגערקעס און רעדלער. איך האָב אָנגעשריבן אַ גאַנצע מגילה; געשריבן גיך, ווי עמעצער וואָלט מיך געיאָגט. די הענט האָבן מיר געברענט. דער בלייפעדער האָט ניט געקאָנט נאָכהאַלטן דעם געדאַנק, און עס זיינען אַרויס האַלבע, ניט דער־

שרײַבענע ווערטער. מיר האָט זיך געדוכט, ס'איז צו לאַנג. איציקן איז געפֿעלן: וואָס לענגער, זאָגט ער, איז בעסער.

— איצט, זאָג איך, וועל איך עס איבערשרײַבן מיט טינט און אָנקלעפּן אויפֿן שול־הויף.

— אײַל זיך ניט, — זאָגט איציק, — פֿון אײַלעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס. ערשטנס מוז מען עס איבערשרײַבן מיט סידור־אותיות; ווען ניט, וועט עס קיינער ניט לייענען. און ניט איין צעטל, נאָר גאַנצע צען, עס זאָל זײַן אָנצוקלעפּן אין עטלעכע ערטער. ווייסט, בערקע מיכאַלישקער, דער אונטערשמש פֿון קוימענקערשן קלויזל שרײַבט גוט כּתיבֿה. גיב אים צו דרײַ קאָפּיקעס אַ צעטל, וועט ער עס איבערשרײַבן. אָבער זאָג אים אָן, ער זאָל זיך פֿאַר קיינעם ניט אויסריידן. אַניט — וועט ער האָבן מיט מיר צו טאָן, פֿאַרשטייסט?

פֿאַרן טאָג האָט בערקע באַוויזן איבערצושרײַבן נאָר זיבן צעטלעך.

דאָס אָנקלעפּן איז אָנגעקומען ניט אַזוי לײַכט, ווי איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט. מ'האָט עס געמוזט טאָן נאָך קבלת־שבת, דער שמש זאָל עס ניט טאָרן אַראָפּרײַסן. און קיינער האָט ניט געטאָרט זען, ווי מע טוט עס: ווילנע איז נאָך דעמאָלט געווען זייער אַ פֿרומע שטאָט און פֿאַר קלעפּן צעטלעך אום שבת האָט מען געקאָנט כאַפּן קלעפּ.

ייִדן זײַנען געזעסן בײַם שבת־טיש, בײַ פֿיש און זמירות. אויפֿן גאַס איז געווען שטיל, מ'האָט קיין לעבעדיק נפֿש ניט געזען, בעת מיר ביידע, איך מיט איציקן האָבן זיך צוגעגנבֿעט צום שול־הויף. איציק האָט אָנגעגרייט גוטן פּאַפּ. אַראָפּרײַסן, האָט ער געזאָגט — אַ מכּה! סײַדן, זיי וועלן אָפּשאָבן מיט אַ מעסער... שטילערהייט איז ער צוגעגאַנגען צו קבֿרנישער שול און אָנגעקלעפּט איין צעטל. קיינער האָט ניט געזען. דערנאָך אויף דער גרויסער שול. נאָך אַלץ שטיל. אַז ער איז צוגעגאַנגען צום טויער, וואָס פֿירט צום אַלטן קלויז, האָט זיך פֿון דער ווײַטן דערזען אַ ייִד. איך בין אים געלאָפֿן אַנטקעגן, אָפּגעשטעלט, דערציילט אַ לאַנגע מעשׂה: איך בין דעם ערשטן מאָל אין ווילנע, ערשט הײַנט געקומען פֿון אַ קליין שטעטל, האָב קיין שבת ניט, האָב ניט, וואו צו נעכטיקן. דער ייִד האָט מיך אויסגעהערט, געזיפֿצט, געגעבן צו פֿאַרשטיין, וואו הכנסת־אורחים

געפינט זיך. דערווייל איז צוגעגאַנגען איציק. — קום, — זאָגט ער,—וואָס טענהסטו דאָ מיט דעם יאָלד? איך האָב זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן.

אין זאַוואלס שול, ביי די קצבים, אין שניידערשער שול און ביי די בעלי-עגלות האָבן מיר עס געמאַכט גיך. און מיר זיינען אַוועק שלאָפן.

אויף מאָרגן האָב איך זיך אויפגעכאַפּט — שוין גרויסער טאָג. האָב איך זיך דערשראָקן. אַזוי שפּעט. מע מוז לויפן אויפן שול-הויף זען, וואָס הערט זיך. דער שול-הויף איז דעמאָלט געווען אַן אָרט, וואו אַרבעטער פלעגן זיך צוזאַמענקומען; אַלערליי אַרבעטער, אַלטע און יונגע; אייניקע זיינען געקומען דאַווענען, אַנדערע זיך טרעפן מיט באַקאַנטע און נאָך אַנדערע—שוין אַגיטירן.

איך לויף צו צו דער קבֿרנישער שול. ביים טיר איז אַן עולם. איציק שטייט אויף די טרעפּלעך און לייענט הויך דעם צעטל. דער עולם הערט אויס. אמת! אמת! זאָגן איינע. שקצים! גאָר פּאַסקווילן שרייבן... בייזערן זיך אַנדערע. איינע גייען אַוועק, אַנדערע קומען, און איציק לייענט איינמאָל און נאָכאַמאָל און אַ דריטן מאָל. פּלוצלונג קומט דער שמש מיט אַ שבת-גוי. דער גוי וויל אַראָפּרייסן דעם צעטל—עס גייט ניט. האָט ער אָנגעהויבן אָפּשאָבן מיט אַ מעסער. דער עולם בייזערט זיך, וואָס מ'איז מחלל שבת. — אַפילו דורך אַ גוי טאָר מען אויך ניט... זאָגט איינער. — וואָס דען?—רופט זיך אָן אַן אַנדערער:—אַז זיי האָבן מורא פאַרן אמת... דער עולם ווערט גרעסער. עס קומען צו נייע מענטשן און פרעגן, וואָס איז דאָ געשען. מ'דערציילט זיי. זיי הערן אויס און וואונדערן זיך.

פון דער גרויסער שול איז שוין דער צעטל אַראָפּגעריסן שטיקלעכווייז, און קיינער ווייס אַפּנים גאָרניט, אַז דאָ איז עפּעס אַזוינס געווען. ביים טויער, וואָס פירט צום אַלטן קלויז, שטייט אַברהם-אליה לעבן אַ צעשאָבענעם צעטל; ער בייזערט זיך און דערציילט איבער דעם עולם, וואָס אין צעטל איז געשטאַנען. גיט צו אַ סך אייגענע. דערזען אונז, איז ער צוגעגאַנגען און זאָגט מיר שטיל:

— דיין שטיקל אַרבעט!

— פֿאַרוואָס מיינסטו?

— מאַך זיך ניט כּלא־ידע! איך קען דיך, פֿעטער. און וואָס האָסטו מורא, איך וועל וועמען דערציילן? נישקשה, אברהם־אליה ווייס שוין לאַנג, וואָס קאָנספּיראַציע איז.

איך אַליין האָב נאָך ניט געוואוסט, וואָס איז אַזוינס קאָנספּיראַציע; נאָר פֿרעגן האָב איך זיך געשעמט.

זאַוולס שול און די קצבישע זיינען שוין געווען פֿאַרמאַכט נאָכן דאַוונען. איך בין געקומען אַהיים. מיין טאַטע דאַוונט ביי די בעלי־עגלות. איך מאַך מיט אים אַ רייד, פֿרעג, וואָס פֿאַר אַ צעטלעך זיינען ביי זיי היינט געווען אָנגעקלעפּט. ער ווייס פֿון גאָרניט און מיר פֿאַרדריסט עס.

* * *

איך מאָרגן בין איך געווען ביים ראש־ישיבה. איינע פֿון די מיידלעך, וואָס האָבן דאָרטן געאַרבעט, חנה, איז מיר זייער געפֿעלן געווען; און דעריבער האָב איך מורא געהאַט אויף איר אַ קוק טאָן; אַז זי פֿלעגט מיט מיר אָנהייבן ריידן, בין איך געוואָרן רויט אין פּנים און ס'האָט מיך געוואָרפֿן אין היץ און אין קעלט.

אַז איך האָב געהאַלטן ביים אַוועקגיין, רופֿט זיך צו מיר אָן חנה:

— איר גייט שוין? איך גיי אויך. קומט, וועט איר מיך אַ ביסל באַגלייטן.

איך האָב זיך דערפֿרייט און דערשראָקן און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. מיר זיינען אַרויס פֿון שטוב שווייגנדיק. אויפֿן גאַס זאָגט חנה צו מיר:

— איך ווייס שוין פֿון אַלץ. מיין אינטעליגענט ווייס אויך. ער זאָגט, אַז אייער צעטל רופֿט זיך פּראָקלאַמאַציע. ער וויל זיך מיט אייך באַקענען, מיין אינטעליגענט.

— ווער איז ער? ווי רופֿט מען אים?

— דאָס איז קאָנספּיראַציע.

ווידער דאָס אייגענע וואָרט, און ווידער האָב איך זיך געשעמט פֿרעגן, וואָס דאָס באַדייט.

— איך וויל בײַ אײַך עפּעס בעטן, האָט חנה אָנגעהויבן עטוואָס שטילער און אַחומקוקנדיק זיך. איצט זייט איר דאָך שוין אַ אונזע־ריקער, איז דאָך ניטאָ פֿאַר אײַך, וואָס מורא צו האָבן: איר ווייסט, וואָס איז אַ קאַסע?

— ניין!

זי האָט מיר דערציילט פֿון זייער אַרבעט און נויט, פֿון זייער אָרעמקייט און דעם באַלעבאָס עשירות, אַז אַלע אַרבעטערקעס זיינען שוועסטער, און דער באַלעבאָס איז אַ בלוטזויגער.

איך האָב זיך דערוואוסט, אַז עטלעכע און זיבעציק מיידלעך צאָלן צו 20 קאָפּיקעס אַ חודש. זיי גרייטן זיך צו וואַרפֿן די אַרבעט און זאָגן די קאָמיסיאָנערן: ווילט איר העכערן, איז גוט, ווען ניט — אַרבעט אַליין זאָקן!... דערצו דאַרף מען האָבן געלט. נו, איז דאָס די קאַסע. און דערציילן טאָר מען עס קיינעם ניט. שבת חול־המועד וועט זיין אַ פֿאַרזאַמלונג — אַ סאָבראַניע האָט זי עס גערופֿן — דאַרף מען האַלטן פֿאַר די מיידלעך אַ רעדע, עס זאָל זיי אַ נעם מאָן. בכן וויל זי, אַז איך זאָל פֿאַר איר אַזאַ רעדע אָנשרייבן.

— וואָס זאָל איך שרייבן?

— אָט דאָס, וואָס איר האָט דאָ געהערט. קומט אַריין צו אונז. מיין מאַמע איז אין דער היים ניטאָ. וועט איר קאָנען רויק אָנשרייבן.

אין אַ קליין טונקל חדר, — ביים טיר איז געשטאַנען אַ רינעוודיקער עמער מיט אַ גרויסן לאַנגן בעזים, זיצנדיק אויף אַ צעבראָכענעם שטול, האָב איך די רעדע געשריבן. איך האָב אָנ־געשריבן איין מאָל. מיר איז ניט געפֿעלן. אַ צווייטן מאָל — ווידער ניט געפֿעלן. איך האָב שוין כמעט געענדיקט שרייבן דעם דריטן מאָל, ווען חנה האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס עפּעס אַזוי גרויס?

— איך שרייב שוין איבער דעם דריטן מאָל.

— דעם דריטן מאָל? לייענט אַקאָרשט, וואָס איר האָט דאָרטן אָנגעשריבן.

איך האָב איר איבערגעלייענט אַלע דריי. איר איז בעסער גע־פֿעלן געוואָרן די ערשטע.

— איר זעט, — זאָגט זי — איבערמאַכן טאָר מען ניט. גוט, זייער גוט. איר האָט נאָר געדאַרפט אַריינשטעלן אַ פּאָר מאָל דאָס וואָרט עקספּלואַטאַטאָר.

— וואָס איז דאָס?

— דאָס איז אַ בלוטזויגער, אַ שיין וואָרט. די מיידלעך האָבן עס ליב. עקס—פּלו—אַ—טאַטאָר!—האָט זי אַרויסגעשריען. די אויגן האָבן ביי איר אַ גלאַנץ געטאָן. די ציין געקריצט און די הענט זיך צונויפגעדריקט אין פויסטן.

איך האָב פאַרשטאַנען, און אַריינגעשטעלט דאָס שיינע וואָרט אין מיין רעדע אַמאָל פינף.

אויף מאָרגן האָט מיר חנה געזאָגט, אַז דער אינטעליגענט איז צופרידן. ער זאָגט, עס וועט מאַכן אַן איינדרוק, איך וועל „צוניק קומען". איך בין געווען גליקלעך.

זונטאָג נאָך יענעם שבת חול־המועד בין איך אין דער פרי געקומען צום ראש־ישיבה. די מיידלעך האָבן גערעדט פון דער נעכ־טיקער סאָבראַניע. פאַר מיר האָט מען שוין קיין מורא ניט געהאַט. אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז איך בין אַ „באַקאַנטער". מ'האָט זיך געוואונדערט, ווי קומט צו חנהן אַזאַ שיינע רעדע. זאָל עס האָבן אָנגעשריבן איר אינטעליגענט, קענען דאָך די אינטעליגענטן שלעכט יידיש. מ'האָט דערציילט, אַז ביי די מיידלעך זיינען גע־שטאַנען טרערן אין די אויגן.

מיר אַליין איז די רעדע אַפּריער ניט געפעלן געווען; אָבער איצט בין איך געווען שטאָלץ מיט מיין אַרבעט און איך האָב מיט דער גרעסטער אומגעדולד געוואַרט אויף חנהן.

זי איז געקומען אַ ביסל שפּעטער, ווי געוויינלעך, האָט גע־אַרבעט ביז מיטאָג און די גאַנצע צייט ניט גערעדט מיט מיר. איך בין געווען אומרויק, כ'האָב געוואַרט. צו מיטאָג איז חנה אַוועק און איך מיט איר. אויפן גאַס האָט זי מיר געזאָגט:

— איך בין נעכטן געווען גליקלעך. וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר אַ סאָבראַניע דאָס איז געווען?... גוט, זאָג איך אייך, אויסגעצייכנט. די מיידלעך וועלן האָבן צו געדענקען. איך האָב נעכטן אַ גאַנצן

אָונט געווײנט פאַר שמחה. די מאַמע האָט געזאָגט, איך בין משוגע געוואָרן.

— און קײנער װײס טאַקע ניט, װעמעס די רעדע איז?

— אַוודאי ניט. אויסער דעם אינטעליגענט קײנער ניט. קײנער טאָר ניט װיסן. ס׳איז קאָנספּיראַציע.

— גיט מיר די רעדע, איך װעל עס איבערלײענען.

— װאָס רעדט איר? איפן גאַס?... קומט צו אונז, װעל איך אײך געבן.

בײ חנהן אין שטיבל האָב איך איבערגעלײענט מײן רעדע װאָרט פאַר װאָרט. איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן, װאָלט זי מיר געװיס אויסגעקומען קינדיש, אָבער אין יענעם ליכטיקן חול־המועד־טאָג בײ חנהן דער זאָקנמאַכערין אין טונקעלן חדר האָב איך פון איר שטאַרק הנאה געהאַט, געקליבן נחת פון יעדן װאָרט. בײ מיר אַלײן האָבן זיך אין די אויגן טרערן געשטעלט, װי נעכטן בײ די מײדלעך אויף דער סאָבראַניע.

— איר װײסט, חנה, איך װעל עס באַהאַלטן.

— באַהאַלטן... און אַז מ׳װעט געפינען און אײך אַרײנזעצן?

זי האָט גענומען דעם גרויסן בויגן פּאַפּיר, צעריסן אויף שטיקלעך, אַרײנגעװאָרפן אין אײװעלע, אָנגעריבן אַ שװעבעלע און אָנגעצונדן. איך האָב זיך שיר ניט צעװײנט פאַר װײטאָג. דאָך האָב איך געפילט אַ אינעװײניקסטן שטאָלץ, אַז דאָס, װאָס איך האָב געשריבן, מוז מען פאַרברענען, אַז איך קען שוין אויך מאַכן עפּעס אַזעלכעס, װאָס איז געפערלעך, װי יענע ביכלעך.

צענדליקער יאָרן זײנען אַריבער און עס איז נאָך אַזוי פריש אין מײן זכרון, װי עס װאָלט נעכטן געשען.

---

# די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן"

אויף ימים־טובים תרנ"ד (1893) בין איך געקומען קיין ווילנע פונם ישוב, וואו איך בין געווען אַ לערער דעם זומער־זמן. דער קרייז, אין וועלכן איך האָב זיך געדרייט, איז באַשטאַנען פון געוועזענע וואָלאָזשינער ישיבה־לייט און איישישקער פּרושים, וואָס האָבן געוואָרפן דעם תלמוד און האָבן זיך „געגרייט" צו פאַרשיידענע עקזאַמענס. מיינע נאָענטסטע חברים זיינען דעמאָלט געווען: אַן עקסטערן באַבראָוו — אַ זון פון רייכע באַלעבאַטים אין לוצין, אַ לערער פון אַלע למודים — לעווינסקי פון אָסטראָליענקאָ און אַ זון פון אַ רייכן ווילנער וואַלד־סוחר — אַ שיין אויסגעפוצט בחורל, וואָס האָט אַ ביסל געאַרבעט ביים פאָטער אין געשעפט און אַ ביסל געזשבערעוועט לאַטיין, ב. קלעצקין. מיר האָבן אַלע געוואוסט, אַז אין ווילנע טוט זיך עפּעס בסוד־סודות צווישן אַרבעטער און יונגע אינטעליגענטן: מען לייענט פאַרבאָטענע ביכלעך, מען וויל איבערקערן די וועלט; אָבער קלאָר, וואָס דאָס איז אַזוינס, האָבן מיר ניט געוואוסט. אונז אַלעמען האָט געצויגן צו דעם, וואָס איז פאַרבאָרגן. יעדער איינער האָט חושד געווען איינער דעם אַנדערן אַז אים האָט מען שוין „אַריינגענומען", נאָר ער טאָר עס ניט אויסזאָגן. ווער נעמט אַריין און וואו נעמט מען אַריין, דאָס איז געווען דער זיסער און גרויליקער סוד. איך און לעווינסקי האָבן געהאַט עטלעכע באַקאַנטע אַרבעטער, קרובים און שכנים. דאָס זיינען געווען פּשוטע מענטשן, מיט זייער אַ קליי־נער אַנטוויקלונג, אָבער אַ פּאָר פון זיי האָבן זיך געלערנט „גראַמאָטע", לייענען און שרייבן רוסיש, און פון זייער האַלטן זיך, פון זייער באַזונדער מין שמייכל און איבערקוקעניש האָבן מיר געמערקט, אַז זיי ווייסן פונם סוד — האָט אונז געצויגן צו די אַרבעטער, ווי צו אויסדערוויילטע, און מיר האָבן געזוכט צו ווערן מיט זיי נאָענט.

מיר אַלע פיר חברים זיינען געווען גרויסע ליבהאָבער פון יידי־שע ביכלעך, איבערהויפּט איך און לעווינסקי. איך האָב געהאַט מיין אייגנס אַ צענדליק דערציילונגען פון מענדעלע, ספּעקטאָר און אַנדערע, די זאַמלביכער „הויז־פריינד" און די „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק". באַקאַנטע אַרבעטער פלעגן אַמאָל נעמען ביי מיר אַ יידיש ביכל אויף שבת. איך האָב ליב געהאַט פאַרצולייענען פאַר זיי יהל״לס „ווער קריגט עולם־הבא?" (יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק) און זיי פלעגט עס שטאַרק געפעלן. איז מיר איינגעפאַלן צו עפענען אַ יידישע ביבליאָטעק פאַר אַרבעטער.

אין ווילנע זיינען דעמאָלט געווען עטלעכע העברעיִשע ביבליאָטעקן: ביי דעם העברעיִשן לערער און שרייבער ניסן גאָלאָמב, ביי דעם בלינדן זייגער־מייסטער ניסן גרעקנזאָן. דער לעצטער איז גע־ווען אַן אַגענט פון העברעיִשע ציטונגען. זיין דירה איז געווען אַ מין קלוב, וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען העברעיִשע לערער, מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל געדרוקט אַ מאמר, צי אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" אָדער „הצפירה", און גלאַט יידענע יונגעלייט, וואָס האָבן געלייענט אַ בלאַט, זיך איבערגעשמועסט וועגן ראָטשילדס פּאַלע־סטינע און דעם באַראָן הירשס אַרגענטינע. שפּעטער האָט גרעקנזאָן צוליב פּרנסה אָנגעהויבן האַלטן יידישע ביכער אויך, און די גזועלשאַפט אין זיין קלוב איז געוואָרן וואָכעדיקער. צו יענער צייט, פון וועלכער איך הויב אָן מיינע זכרונות, איז נאָך זיין ביבליאָטעק, ווי זיין דירה, געווען דורכאויס פאַרנעם לשון־קודשדיק. אין סטראַשונס ביבליאָ־טעק זיינען געווען יידישע ביכער און אַלטע יידישע ציטונגען. אָבער אויף וויפל איך געדענק, איז דעמאָלט די ביבליאָטעק ניט געווען אָפן פאַר אַלעמען, זי האָט זיך געפונען אויף אַ פּריוואַטער דירה ביי אַ קרוב פונם פאַרשטאָרבענעם מתתיהו סטראַשון, און צולאָזן אַהין פלעגט מען נאָר יחידי סגולה, ניט אַזוי אויף לייענען, ווי אויף אַרבעטן. יחידי סגולה פלעגן אויך קריגן העברעיִשע ביכער ביי חיים־לייב מאַרקאָן, שמואל־יוסף פינס אַ יינגערער חבר און אַמאָל זיין מיטרעדאַקטאָר אין „הכרמל".

יידישע ביכער פלעגט מען נעמען אויף פּראָקאַט ביי די פּאַקן־טרעגער און אין די בוכהאַנדלונגען פון יצחק פונק, קאַצענעלנבויגן

אין נאַפּטאָלין; מער ווי אַלץ בײַ פונקען. פרײַטאָג פאַרנאַכט פלעגט זיך בײַ אים אין קראָם, בײַ די יאַטקעס, צונויפקלײַבן אַ היפּש ביסל מענטשן: אַרבעטער, דינסט־מיידלעך, הויז־פרויען, משרתים פון קלייטן. זיי פלעגן נעמען אַ ביכל אויף שבת. דער משכּון איז געווען פון 50 קאָפּיקעס ביז אַ רובל. אַמאָל אַ חומש צי אַ מחזור. פּראָקאַט — 5 קאָפּיקעס פון ביכל. ווען אַ בוך איז געווען אין עטלעכע טיילן, האָט מען פאַר יעדער טייל געצאָלט צו 5 קאָפּיקעס. שטייענדיק אין קראָם, פלעגט דער עולם שליסן באַקאַנטשאַפט, זיך דורכריידן. איינער פרעגט בײַם אַנדערן, צי לוינט נעמען דאָס בוך, וואָס יענער האָט איצט אָפּגעבראַכט, צי איז עס געווען אינטערעסאַנט; מען בײַט זיך מיט אײַנדרוקן; מען פרעגט בײַ פונקען, צי איז ניטאָ עפּעס אַ נײַס פון שמ"ר אָדער בלאָשטיין. שמ"ר און בלאָשטיין זײַנען דעמאָלט געווען די באַליבטסטע שרײַבער, הגם מען האָט שוין אָנגעהויבן לייענען די גרויסע פילבענדיקע אַמעריקאַנער ראָמאַנען, ווי טענענבוימס „שטומער בעטלער" און „שוואַרצע דימענטן". איבערהויפּט האָט מען זיך געיאָגט נאָך איינעם אַן אַמעריקאַנער ראָמאַן אין 18 טיילן, „אויף אַ האַלב יאָר שבתים", ווי פונק פלעגט זאָגן. יעדערער האָט זיך געאײַלט צו פאַרענדיקן זײַן טייל פונקט אין אַ וואָך, ווײַל ער האָט געוואוסט, אַז מען וואַרט שוין אויף אים, און טאָמער האָט איינער אָפּגעבראַכט דעם דריטן טייל און דער פערטער האָט זיך פאַרהאַלטן נאָך אויף אַ וואָך, האָט ער געהאַט גרויס עגמת־נפש דערפון, וואָס ער דאַרף איבעררײַסן דעם ראָמאַן „פונקט אויף דעם שפּאַנענדיקסטן אָרט".

בעת מיר איז אײַנגעפאַלן צו מאַכן אַ ביבליאָטעק, האָב איך דער עיקר געהאַט אין זינען צו ראַטעווען דעם לעזער פון שמ"רן, וואָס איך האָב שוין דעמאָלט אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ שמאַטע, הגם איך האָב אים נאָך גאַנץ געשמאַק געלייענט. אונזערע פיר חברים האָבן צונויפגעלייגט די ייִדישע ביכער, וואָס מיר האָבן אַליין פאַרמאָגט, סך־הכּל אַ שטיק 25; צווישן באַקאַנטע האָבן מיר צונויפגעקליבן 15 רובל און געקויפט בײַ פונקען עטלעכע צענדליק געניצטע ביכער, און די ביבליאָטעק איז געווען פאַרטיק. דאָס געלט האָבן מיר געקראָגן מיט צרות. מיר האָבן עס געדאַרפט „צונויפ־

מאַכן פאַר אַ קראַנקן“ ; זאָגן, אַז מיר קלייבן אויף אַ „זשאַרגאָנישער“ ביבליאָטעק, האָבן מיר זיך געשעמט, און מען וואָלט אונז טאַקע אויסגעלאַכט אויך.

די ביבליאָטעק האָבן מיר אַוועקגעשטעלט ביי אַ באַקאַנטער פריילין לאָנדאָן. איר פאָטער האָט געהאַלטן אַ שפייז־קראָם אויף גרויס־סטעפּן־גאַס, און צו זיי פלעגן אַריינקומען יונגעלייט, לערער און עקסטערניקעס, קאַנדידאַטן אויף חתנים. די ביבליאָטעק איז דאָרטן געשטאַנען העכער אַ האַלב יאָר. ביכער פלעגט מען אַרויסגעבן צוויי מאָל אַ וואָך, דינסטאָג און פרייטאָג. מיט דעם האָט זיך פאַרנומען עמעצער פון אונזערע פיר חברים, די פריילין לאָנדאָן און אירער אַ נאָענטער באַקאַנטער טויבקין. די לעזער זיינען געווען עטלעכע סטאָליאַרעס, אַ פאָר קאָנווערטן־מאַכערקעס און זאָקנשטריקערקעס, איין שניידער און איין שניצער, סך־הכל אַ מענטשן 12—15. זיי האָבן כמעט אַלע געלערנט גראַמאָטע, ביי וועמען — האָבן זיי ניט אויסגעזאָגט. זיי פלעגן באַקומען רוסישע ביכער פון עפּעס אַ קוואַל, וועלכן זיי פלעגן ניט אָנרופן; אָבער זיי איז געווען שווער צו לייע־נען רוסיש, פלעגן מיר ביי זיי די רוסישע ביכער אָפּט אַנטלייען פאַר זיך. איינער אַ סטאָליער פלעגט נעמען דריי יידישע ביכלעך מיט אַמאָל. „פאַר זיך, — האָט ער געזאָגט, — דאַרף איך עס ניט, איך קאָן שוין, ברוך־השם, רוסיש. אָבער ביי אונז אין וואַר־שטאַט זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס קאָנען קיין גראַמאָטע ניט, נעם איך עס פאַר זיי“. איך האָב געבעטן איינע פון די קאָנווערטנמאַכערקעס, זי זאָל אויך נעמען עטלעכע ביכלעך פאַר אַנדערע מיידלעך ביי זיי אין פאַבריק. האָט זי מיר געענטפערט: „ביי אונז איז ניטאָ פאַר וועמען. אַ פאָר בעסערע מיידלעך לייענען רוסיש. די איבעריקע קאָ־נען קיין זשאַרגאָן אויך ניט. חוץ דעם האָבן זיי קיין צייט ניט. זיי לערנען זיך טאַנצן“...

אויף וויפיל איך קאָן מיך איצט דערמאָנען, איז דער באַשטאַנד פון דער ביבליאָטעק געווען אַזוי:

בעלעטריסטיק: מענדעלע מו“ס — דאָס קליין מענטשעלע, מסעות בנימין השלישי, די קליאַטשע; לינעצקי — דאָס פוילישע יינגל, די בלוטיקע נקמה אָדער יעקב טיראַדאָ, לוח און כסף; מאָניע

דלוגאַטש — די וועלט־מסורה; דינעזאָן — הנאהבים והנעימים אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַן, אבן נגף אָדער דער שטיין אין וועג; א. מ. דיק — שמעיה דער גוט יום טוב ביטער, חייציקל אַליין, דער שאַצמייסטער, די שקלאַפעריי (איבערגעמאַכט פון ביטשער סטאָו „דעם פעטער טאָמס הייזל"), דער שבעים מאָלצייט, דער פאָר־טעפיאַניסט; יעווגעניע אָדער די געהיימניסע פון פראַנצויזישן הויף — אַ ראָמאַן אין פיר טיילן איבערגעז. פון באָרנס אַ דייטשן ראָמאַן; המרמ"ז (שאַצקעס) — דער יידישער ערב פסח; י. טרובניק — „די אומגליקלעכע מרים" אַ היסטאָרישער ראָמאַן איבערגעזעצט פון פרידבערגס „עמק הארזים"; טוביע סעגאַל — גאָלדעטשקע אונזער ליבע מלוהטע, אַ נאָכמאַכונג פון טשערנישעווסקיס „טשטאָ דעלאַט" (אַ פובליציסטישער ראָמאַן, וואו די שפראַך איז געווען מיט אַ שטאַרקן צומיש פון רוסישע ווערטער ווי מען פלעגט דעמאָלט געוויינלעך ריידן אין יידיש וועגן העכערע ענינים. די צווייטע אויפלאַגע האָט זיך שוין גערופן „די שיינע נייטערין", אַפנים כדי עס זאָל מער צוציען דעם עולם. אונטער דעם דאָזיקן נאָמען ווערט דער ראָמאַן נאָך היינט אויך אַמאָל געלייענט פון אַרבעטער, וואָס הייבן ערשט אָן צו זוכן „אַנטוויקלונג"; מרדכי ספעקטאָר — דער שטומער גוטער ייד, אַ ראָמאַן אָן אַ נאָמען, דער יידישער מוזשיק, העניים והאביונים, רבי טרייטל, די יודישע טעכטער; שלום־עליכם — די וועלט־רייזע, דאָס מעסערל, קינדער־שפיל, סענדער בלאַנק, אַ בינטל בלומען, נאַטאַשע, העכער־נידעריקער, סטעמפעניו און יוסעלע סאָלאָוויי. אַזוי ווי דאָס איז געווען ווייניק, און די לעזער האָבן אָפט געפאָדערט „גיט עפעס לעבעדיקס, אינטערעסאַנטס", האָבן מיר געפונען פאַר נייטיק צו האַלטן ביי אַ צענדליק ראָמאַנען פון שמ"ר און בלאָשטיין. שמ"רס — אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ היסטאָרישן סיוזשעט, ווי „דער יידישער מיניסטער" (ר' יהודה הלוי און אברהם אבן עזרא), בלאָשטיינס ראָמאַנען מיט אַ געזעלשאַפטלעכער טענדענץ, ווי „די גוואַלד־שדוכים", „דער בעל־טובה". געווען נאָך זאַביעזשענסקיס אַ פאַרפלאָנטערטער ראָמאַן פון דער צייט פון די ערשטע פאָגראָמען „די שווערע צייטן". ער איז געווען נאָך ערגער פון שמ"רס שמאַטעס, אָבער די פאָגראָמען האָבן אים געבשרט.

פּאָעזיע: מיכל גאָרדאָן — לידער; י. ל. גאָרדאָן — שיחת חולין; ש. י. אַבראַמאָוויטש — יודל; אברהם גאָלדפאַדען — יודעלע; אליקום צונזער — 10 לידער (די סאָכע, דער ניינצנטער יאָרהונדערט און אַז. וו.).

זאַמלביכער: ספּעקטאָרס — 1־טער און 2־טער הויז־פריינד, פאַמיליען־פריינד, שלום־עליכמס 1־טע און 2־טע יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, פּרצס יידישע ביבליאָטעק, צוויי חובבי־ציוניסטישע זאַמל־ביכער „דער יידישער וועקער", רעדאַגירט פון מ. ל. ליליענבלום און „דאָס הייליקע לאַנד", אַרויסגעגעבן פון בערטע פלעקסער אַ שוועסטער פון דעם באַקאַנטן רוסישן קריטיקער וואָלינסקי; עטלעכע קאַלענדאַרן פון מענדעלע־מוכר־ספרים, לינעצקי און עפּלבערג. פון יידישער געשיכטע האָבן מיר געהאַט נאָר איין באַנד גרעץ (פאָלקסטימ־לעכע געשיכטע), איבערגעזעצט פון י. לינעצקי.

דראַמען: מענדעלע מוכר־ספרים—די טאַקסע, דער פּריזיוו. לע־סינגס „נתן החכם", איבערגעזעצט פון לינעצקי. גוצקאָוו — אוריאל אַקאָסטע, איבערגעזעצט פון י. לערנער, מ. ל. ליליענבלום—„זרובבל". איבער קריטיק איין ביכל—„סוד פּריסיאַזשניך אָדער שמ"רס משפּט" פון שלום־עליכם. איבער נאַטורוויסנשאַפט איין בוך — דער סוף פון דער וועלט אָדער דער „קאָמעט" פון מיכל וועבער, אַ פרייע באַאַרבעטונג פון פלאַמאַריאָנס פּאָפּולערע אַסטראָנאָמיע. איבער גע־זעלשאַפטלעכע פראַגן געדענק איך נאָר 2 בראָשורן פון איינעם מינדלין פון אָדעס: „אַרטעלן" און „אם אין אני לי, מי לי", — ביידע איבער פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיוון. דאָס איז געווען כמעט אַלץ, וואָס אַ יידישע ביבליאָטעק, וועלכע האָט געוואָלט אויסקומען אָן שמ"ר און בלאָשטיין, האָט דעמאָלט געקאָנט האָבן. און נאָך לאַנגע יאָרן שפּעטער איז ניט געווען קיין מאַטעריאַל, פון וואָס צונויפצו־שטעלן אַ יידישע ביבליאָטעק.

חול־המועד־סוכות דעם זעלבן יאָר בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט יצחק גוידא, פון לידע. אין וואַרשע איז דעמאָלט אַרויסגע־גאַנגען בן אַביגדורס בעלעטריסטישע ביבליאָטעק „ספרי אגורה", קליי־נע ביכלעך אין פּעטיט, צו 5 קאָפּיקעס אַ ביכל. גוידאָ האָט מיר ביי דער ערשטער באַגעגעניש גלייך דערציילט, אַז אין בן אַביגדורס

ביבליאָטעק איז אָפּגעדרוקט זיינע אַן ערציילונג אין 2 טיילן, אונטערן נאָמען „הנגר הנאור" (דער אויפגעקלערטער סטאָליער), אונטערגעשריבן י. ג—אָ. דאָרטן שילדערט ער אַ ישיבה־בחור אַן עלוי, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן דעם תלמוד און האָט זיך אויסגעלערנט סטאָלעריי; איצט לעבט ער פון אַרבעט און זוכט אויפצוקלערן זיינע חברים, די פשוטע סטאָליאַרעס. צווישן די ישיבה־בחורים, וואָס זיינען געוואָרן משכילים, איז עס דעמאָלט געווען אַ גאַנגבאַרע אידעע. און איך אַליין האָב געהאַט נאָענטע חברים ווי ישראל־מיכל קאַפּלינסקי, יעקב וויינער, פסח דאַמסקי און אַנדערע, וואָס נאָכדעם, ווי זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן דעם תלמוד, האָבן זיי זיך גענומען ניט פאַר לאַטיין און גריכיש, נאָר פאַרן האַמער און נאָדל. גורדאָ האָט מיר געזאָגט, אַז פאַרן העלד פון זיין ערציילונג האָט ער גענומען אונזער געמיינזאַמען באַקאַנטן אַברהם וואַלט (דער איצטיקער דיכטער א. ליעסין), אַ בחור אַן עלוי, וואָס דרייט זיך צווישן אַרבעטער און קלייבט זיך אַליין אויך ווערן אַן אַרבעטער.

ער האָט מיר אויך פאַרטרויט, אַז עס זיינען פאַראַן אינטעליגענטן, לערער און סטודענטן, וואָס זוכן באַקאַנט צו ווערן מיט אַזעלכע יונגעלייט, וועלכע קאָנען זשאַרגאָן. כאַפּן זיי אַזאַ יונגנמאַן (זיי רופן אים האַלבער אינטעליגענט), ווערן זיי מיט אים נאָענט, גיבן אים ביכער צום לייענען, ריידן מיט אים, פאַרגיבן טעמעס, וועגן וואָס צו שרייבן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער גופא טראָגט זיך איצט אַרום מיט אַ געדאַנק צו שאַפן אין זשאַרגאָן אַזאַ ביבליאָטעק פון פינף קאָפּיקענע דערציילונגען, ווי בן־אַביגדורס העברעישע. ער האָט שוין אַפילו אַ פאַרלעגער אויך, דאָס איז יוסף שריפטזעצער, דער פאַרוואַלטער איבער דער יידישער דרוקעריי פון „ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער". יענע דרוקעריי גיט סיי־ווי אַרויס קליינע זשאַרגאָנישע ביכלעך, אויף וועלכע עס שטייט אויפגעשריבן „האַרצרייסנדער ראָמאַן", מיט קליינע אותיותלעך „אַזוי ווי די ראָמאַנען" און מיט גרויסע אותיות „פון שמ"ר". אַזאַ ביכל האַלט איין דרוקבויגן. דער פאַרפאַסער נעמט פאַר אים דריי רובל און פאַרקויפט דעם זכות אויף אייביק — לצמיתות. דאָס ביכל ווערט געדרוקט אין 10 טויזנט עקזעמפּלאַרן און ווערט פאַרשפרייט דורך פאַקטרעגער.

וועלכע צאָלן צו איינע אָדער אָנדערהאַלבן קאָפּיקעס און פאַרקויפן צו דריי קאָפּיקעס אַ שטיק. ווײל איצט שריפטזעצער, אַ מענטש שוין אַ ביסל אַ היינטיקער, אויף דעם זעלביקן אופן אַרויסגעבן בעסערע ביכלעך, וועלכע ער וועט אויך פאַרשפּרייטן דורך פאַקנטרעגער, נאָר דער פאַרפאַסער וועט נעמען פאַר אַזאַ ביכל 10 רובל און אין איינצלפאַרקויף וועט עס קאָסטן 5 קאָפּיקעס.

די ביבליאָטעק „קליינע דערציילונגען‟ האָט טאַקע באַלד אָנגעהויבן אַרויסצוגיין און אין משך פונם ווינטער און זומער זיינען אַרויס פאָלגנדיקע נומערן: 1) גוידאָ — פון זאַוואָד אין באָד. אַ מעשה מיט אַן אַרבעטער, וואָס פאַרלירט די האַנט ביי אַ מאַשין פון סאָדעוואַסער, און אַז ער גייט אַרויס פון שפּיטאָל האָט ער קיין אַנדער ברירה ניט, ווי צו ווערן אַ היטער פון די קליידער אין באָד. אַלע פרייטאָג גיט אים יעדער ייד, וואָס גייט אין באָד, אַ קאָפּיקע פאַר היטן די זאַכן, און דער באַלעבאָס פון זעלצער־זאַוואָד, וואו ער האָט די האַנט פאַרלאָרן, גיט אים גאַנצע 2 קאָפּיקעס *). 2—3) גוידאָ — די נייע ליבע. אַ מעשה מיט אַ היינטיקע פּאָר־פאָלק פון דער באַלעבאַטישער וועלט, וועלכע האָבן אין דער יוגנט אַ סך גערעדט וועגן בילדונג און נייעם גייסט, און אַז זיי האָבן חתונה געהאַט, זיינען זיי ביסלעכווייז, פאַר זיך אַליין ניט באַמערקט, געוואָרן פּראָצענטניקעס מיט אַלע פּישטשעווקעס, ווי זייערע טאַטעס. 4) גוידאָ — דער פאַרפאַלענער סאָוויעסט. שטשעדרינס באַקאַנטע סאַטירע, צוגעפּאַסט צו דעם יידישן לעבן. 5) ד. פּינסקי — דער

---

*) זיינע באַקאַנטע אינטעליגענטן האָבן גוידאָן געבעטן אָנשרייבן אַ דערציילונג וועגן אַ זאָקנמאַכערקע, אַן אַרבעטערין, וועלכע האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר אַ טיפּישע פאָרשטייערין פונם אָקאָרשט געבוירענעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער גוידאָ האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט: ער איז געווען ניט גענוג באַקאַנט מיטן לעבן פון די זאָקנמאַכערקעס. „פון זאַוואָד אין באָד‟ איז אַ רעאַליסטישע דערציילונג. עס פילט זיך באַאָבאַכטונג. אָבער דער אַרבעטער פונם זעלצער־„זאַוואָד‟ איז אַרויסגעקומען ניט טיפּיש. און דער עיקר — דער טאָן איז פון מענדעלע מוכר ספרים, בעת ער באַשרייבט דעם אָרימען שוסטער, וועלכן מ׳פירט אוועק אויף אַ וועגעלע אין הקדש שטאַרבן. עס איז די אַלטע רחמנות צום ליידנדיקן אָרעמאַן און ניט דער נייער האָפערדיקער פּראָטעסט פונם לוין־אַרבעטער.

גרויסער מענטשן־פֿרײַנד, פֿריִער געדרוקט אין דריטן באַנד „הויז־פֿרײַנד". 6) י. ל. פּרץ — „יאָסל ישיבה בחור" און „דער קראַנקער ייִנגל".

ווינטער 1893—1894 האָט זיך בכלל אָנגעהויבן אַ שטיקל אויפֿלעבונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין וואַרשע איז נאָך אַ הפֿסקה פֿון עטלעכע יאָר אַרויס דער דריטער באַנד „הויז־פֿרײַנד". אויסער דעם ערשטן קאַפּיטל פֿון מענדעלעס „פֿישקע דער קרומער", וועלכער איז געווען אַ בשורה פֿאַר דער ייִדישער שיינער ליטעראַטור, איז דאָרטן געווען דוד פּינסקיס „דער גרויסער מענטשן־פֿרײַנד" — אַ סאַטירע אויף אונזערע ליבעראַלע כּלל־טוער, און זײַנער אַ פֿעליעטאָן „אויף מלחמה מיט הינטער־פּוסלעך־טאַנץ", אַ שאַרפֿע אַרויסטרעטונג קעגן חיבת־ציון און קעגן דער רעאַקציע אין דער העברעישער ליטעראַטור פֿון יענער צײַט. אין עפּלבערגס האַנדלס־קאַלענדאַר איז געווען געדרוקט פּינסקיס „אַראָפּ דער יאָך", וואו עס האָט צום ערשטן מאָל אין דער ייִדישער ליטעראַטור געקלונגען דער האָפֿערדיקער פּראָטעסטירנדיקער קול פֿונם ייִדישן אַרבעטער. זומער 1894 איז אין פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ אַרויס פּינסקיס „רבי שלמה", — אַ מעשה מיט אַ שיינעם ייִדישן באַלעבאָס, אַ למדן און אַ יחסן, וואָס אויף דער עלטער אונטערן אײַנפֿלוס פֿון זײַן אייניקלס אַ לערער קומט אין זײַן מוח פֿאָר אַ איבערקערעניש; ער ווערט דורכגעדרונגען מיט מאָדערנע שטרעבונגען, ווערט נאָענט מיט פּשוטע אַרבעטער, זוכט זיי אויפֿצוקלערן. ער שטאַרבט ניט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרפֿרעמדט פֿון זײַן אייגענער פֿאַמיליע און פֿון דער פּני פֿון שטאָט, וואָס קוקן אויף אים, ווי אויף אַ משוגענעם, דערפֿאַר אָנגעוואַרעמט דורכן מיטגעפֿיל פֿון די אַרבעטער, וועלכע קומען אים מבקר־חולה זײַן און הערן אויס זײַנע גלײַענדיקע רייד וועגן אַ נײַעם לעבן, וואָס ער שטאַמלט אַרויס שוין כּמעט אַ גוססער אויפֿן טויטן־בעט. די פֿיגור פֿונם אַלטן ר' שלמה איז אַרויסגעקומען ניט איבערצײַגנדיק, אומגלויבלעך אַפֿילו. אָבער די דערציילונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג צוליב איר טענדענץ און דער עיקר צוליב איר נײַעם מונטערן טאָן.

קיין לאַנגע יאָר האָבן די „קליינע ביכלעך" ניט געהאַט. גוידאָ האָט געמוזט אויפֿגעבן זײַן „ביבליאָטעק" צוליב מאַנגל אין מיטאַרבעטער.

מרדכי ספעקטאָר האָט גאָרניט צוגעשיקט. שלום-עליכם האָט אַפילו ניט געענטפערט. פרץ און פינבקן האָבן געפּלאַנעוועט אַן אייגענע אויסגאַבע. און אויספילן די גאַנצע אויסגאַבע מיט זיינע אייגענע שריפטן האָט גורדאָ ניט געוואָלט און ניט געקאָנט.

פאַר פסח איז אין ווילנע אַרויס אַ ביכל פון איינעם בן אַריה (קרייער, — אַ לערער אין ווילנער תלמוד-תורה). דאָס ביכל האָט געהאַלטן 4—5 דרוק-בויגן און האָט געהייסן „אַ וועלט מיט וועלטע-לעך". דאָס איז געווען אַ האַלב-בעלעטריסטישע פּאָפּולאַריזאַציע פון די ערשטע באַגריפן אין אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטישער געאָגראַ-פיע, נאָכגעמאַכט אַ רוסישן ביכל פון איוואַנאָוו (ראַסקאַזי אָ זעמליע אי נעבע), אָבער איינגעפּאַסט אין אַ יידישער מעשה מיט משלים פונם יידישן לעבן. דאָס ביכל האָט געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג און האָט אויסגעהאַלטן 5—6 אויסגאַבן. בן אריה האָט געקראָגן אַ שטיקל נאָמען. אַ סימן האָט איר, אַז דער בוכהענדלער און פאַרלעגער מ. קאַצענעלנבויגן האָט אין אַ האַלב יאָר אַרום באַשטעלט ביי דעם זעלביקן בן אריה אַ ביכל, וואָס זאָל הייסן „אַ מענטש מיט מענטשעלעך". „שרייבט, — האָט ער געזאָגט, — וואָס איר ווילט, אַבי דער נאָמען זאָל פאַרבאַפן. דער עיקר איז דער נאָמען. פאַרוואָס, מיינט איר, איז אייער ערשטער ביכל געגאַנגען? אַז אַ ייד זעט אין פענסטער אַ „וועלט מיט וועלטעלעך" דערלאַנגט עס אים אַ שלעפּ און ער מוז אַריינגיין קויפן" *).

*) דער דאָזיקער קאַצענעלנבויגן האָט אַרויסגעגעבן בלאָשטיינס ראָמאַנען און י. ל. גאָרדאָנס בריוו. ער איז געווען דער פאַרלעגער פון פרץ סמאָלענסקיס געזאַמלטע ווערק און דער איינציקער אַגענט פאַר גאַנץ רוסלאַנד פון די אַמע-ריקאַנע- גרויסע ראָמאַנען. אָבער מער ווי אַלץ האָט ער געהאַלטן פון אויסטער-לישע נעמען און פאַרפלאָנטערטע טעמעס. ער האָט אַמאָל באַשטעלט ביי בן א-יהן אַ ראָמאַן אין איין דרוק-בויגן, וואָס די טעמע זאָל זיין — צוויי ווייבער אין איין קאָרסעט. „איר וועט זען" — האָט ער געטענהט, — דאָס גאַנצע יידישע פאָלק וועט זיך האַלטן ביי די זייטן פאַר געלעכטער. עס וועט גיין מער, ווי „ויכבע דוואָשע פאָרט אין אַמעריקע"... בן אריה האָט די באַשטעלונג ניט אָנ-גענומען, אָבער קאַצענעלנבויגן האָט דערווייל ברייט צעקלונגען צווישן אַלע באַקאַנטע, אַז פאַר אים שרייבט זיך „אַזאַ צאַצקע". האָט גענומען דער דרוקער מ"ץ און שטילערהייט אַוועקגעשריבן אַ בריוול צו עוזר בלאָשטיין אין דווינסק,

אויף פסח 1894 איז אין ווילנע אָנגעקומען דאָס ערשטע יום־טוב־בלעטל פון פרץ־ספּעקטאָר „לכבוד פסח“. די סאָציאַליסטישע טענדענץ האָט זיך נאָך אין יענעם בלעטל כמעט ניט אַרויסגעזען. מען האָט נאָר באַמערקט, אַז דאָס בלעטל ווערט פאַרשפּרייט ניט ווי געוויינלעך דורך פאַקנטרעגער און ביכהענדלער, נאָר דורך עפּעס יונגעלייט, וועלכע האָבן מיט דעם ספרים־האַנדל גאָר ניט צו טאָן. אינם ערשטן בלעטל איז געווען אָפּגעדרוקט פּרצעס „די רויז“, אַ זאַך, וועלכע קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, און יעדערער האָט אין איר אַריינגעלייגט זיין אייגענע כוונה. שוין פון דעמאָלט אָן זיינען מיר געוויינט געוואָרן צו ברעכן דעם קאָפּ איבער אַ שטיקל פּרץ, ווי איבער אַ שווערער סוגיא אין גמרא, אָדער ווי איבער אַ האַרבן שטעל פון מאַרקס. פרישמאַן האָט שפּעטער אין זיין פּאַמפלעט געמאַכט חוזק, אַז צוויי ענגלישע לאָרדן האָבן זיך פאַרוועט איבער דעם פּשט פון פּרצעס „רויז“. איך בין ניט פיל געווען אויפן פּען און האָב אין אַ פּאָסטקאַרטל אָנגעפרעגט פּרצן אַליין, וואָס האָט ער געמיינט מיט זיין „רויז“. פּרץ האָט מיר געענטפערט אין העברעיש. אין די יאָרן 1894—95 האָב איך פּרצן עטלעכע מאָל געשריבן, און יעדער מאָל האָט זיך איבערגעחזרט דאָס אייגענע: איך שרייב יידיש, און ער ענטפערט העברעיש. פּרץ האָט מיר אין זיין ערשטן פּאָסטקאַרטל געשריבן: „השושנה היא עלמה נופלת תחת עול החיים“ (די רויז איז אַ מיידל, וואָס פאַלט אונטערן יאָך פון לעבן). מיט דעם דאָזיקן קליינעם שליסל האָב איך גענומען שטודירן „די רויז“ שורה נאָך שורה — פאַרשטאַנען האָב איך זי אַליין ניט, אָבער איך בין געווען

יענער זאָל אים וואָס גיכער אָנשרייבן אַ ראָמאַן אין אַ דרוק־בויגן אויף דער טעמע: „צוויי ווייבער אין איין קאָרסעט“. בלאָשטיין איז דעמאָלט געווען שטאַרק באַרימט; אַנדערע האָבן אפילו פון אים געהאַלטן מער ווי פון שמר'ן. פאַר דער עקסטרע שטיקל אַרבעט האָט ער גענומען גאַנצע 25 רובל — אַ גוואַלדיקער האָנאָראַר פאַר יענער צייט. — אין אַ חודש אַרום איז ביי מ"צן פון דרוק אַרויס אַ פּאַרטיקער „קאָרסעט“. אַזאַ רושם ווי „וויכנע דוואָשע“ האָט דער „קאָרסעט“ ניט געמאַכט, אָבער קאַצענעלנבויגן איז געווען מוראדיק אין כעס: „אָט אַ זשוליק דער מ"ץ, ער זאָל מיר אַרויסנעמען טויזנט רובל פון קעשענע, וואָלט מיר ניט אַזוי פאַרדראָסן. אוועקגעגנבעט אַזאַ גאָלדענע אידעע“...

גרויס בײַ זיך, וואָס איך האָב געהאַט די זכיה צו באַקומען אַ פּאָסט־קאַרטל פֿון אַן אמתן שרײַבער.

אין צווייטן בלעטל „פּיל און בויגן" אויף ל"ג־בעומר איז שוין דער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער געווען בולטער. דאָס בלעטל איז אַרויס פֿון פּרצן אַליין אָן ספּעקטאָרן. צווישן מײַנע נאָענטע באַקאַנטע האָט מען עס אויסגעטײַטשט: ספּעקטאָר האָט זיך דערשראָקן. אין ל"ג־בעומר־בלעטל איז געווען אָפּגעדרוקט פּרצעס ליד, „די נאַכט־וועכטער, אַ פֿרום רבניש לידל". דאָס איז געווען אַן איבערזעצונג פֿון שאַמיסאָס „יעזויטן", נאָר אין בלעטל איז עס ניט אָנגעוויזן. דאָס ליד איז שטאַרק געפֿעלן געוואָרן די אַרבעטער, און זיי פֿלעגן עס מיט חשק דעקלאַמירן:

„אַ נאַכט אַ מחיה, דאָס נעכטל איז טײַער,
נאָר היט אײַך פֿאַר פֿײַער, היט אײַך פֿאַר פֿײַער!
נאָר נישט געקאָכט און געזאָטן!
פֿאַרשליסט נאָר די פֿענסטער און טירן און טויערן!
פֿאַרמאַכט אײַך די אויגן, פֿאַרשטאָפּט אײַך די אויערן,
און כראָפּעט, ווי גאָט האָט געבאָטן!
פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן, ווער ס׳רירט זיך און גייט
און צינדט אָן אַ פֿײַער, צי רירט דעם טראָמפּייט
צום בלאָזן, צום וועקן בײַנאַכט!
מען וועט אין גיהנם די לײַבער זיי דרעשן
און דאָ וועלן מיר לעשן און לעשן, און לעשן,
געטרײַ וועלן מיר דינען דער נאַכט!"

אויפֿן שבועות־בלעטל האָבן מיר שוין געוואַרט, ווי אויף אַ טײַערן גאַסט. די „עשרת הדברות פֿון אַ קליינעם באַלעבעסל" האָבן אויף אונדז געמאַכט אַ רושם: „ער איז אינגאַנצן אונזערער"... אין דעם פֿעלעטאָן „אין עולם התהו" האָבן מיר זיך געגריבלט און גע־לערנט פּשט. אויף שבעה עשר בתמוז איז אַרויס „דער תענית". אונדז זײַנען געפֿעלן געוואָרן די אַפֿאָריזמען וועגן תעניתים, אין ראַ־דיקאַלן גייסט. אין זעלביקן בלעטל איז געווען פּרצעס ערשטע חסידישע זאַך „די מקובלים". דאָס רוב פֿון מײַנע באַקאַנטע האָבן עס אַפֿילו

ניט באַמערקט. מיר איז די זאַך שטאַרק געפעלן, אָבער זי האָט מיך פאַרחידושט: וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט דעם איבעריקן? מיט דריטהאַלבן יאָר שפּעטער האָב איך זיך אין ווילנער פּאָליטישער טורמע (פערצנטער נומער) צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם פאַרשטאָרבענעם אַמסטערדאַם. עס רעדט זיך נאָר אַזוי צוזאַמענגעטראָפן, — געזען האָבן מיר זיך ניט. מיר זיינען געזעסן פאַרשלאָסן אין צוויי שכנישע קאַמערן; נאָר אין דער וואַנט, וואָס האָט אונז צעטיילט, איז אונטן לעבן דיל געווען אַ לעכל, געמאַכט פון מייז און פאַרברייטערט פון אונז — פלעגן מיר אין די אָוונטן ליגן אויסגעצויגן אויפן דיל, יעדערער פון זיין זייט, צוגעשפּאַרט מויל און אויער צום לעכל און זיך איבערשמועסן. געווען יאָרן... וויפל מענטשן האָב איך דורך אַזעלכע לעכלעך קענען געלערנט, וויפל הייסע וויכוחים געפירט, וויפל אינטימע סודות אויסגעהערט... איז אין איינעם פון אַזעלכע לעכל-שמועסן געקומען צו רייד וועגן פּרצן, און אַמסטערדאַם האָט מיר געזאָגט: „נאָר דאָ אין טורמע, וואו עס איז פאַראַנען אַזויפיל צייט אויף טראַכטן, האָב איך געכאַפּט דעם טיפן זינען פון פּרצעס „מקובלים". דער הונגער ברענגט מענטשן און פעלקער צו האַלוצינאַציעס, צו חזיונות, צו נבואה. פון יסורים ווערט מען אַ מקובל. אַז עס איז ניטאָ די וועלט, שאַפט מען זיך אַ שיינע י ע נ ע וועלט.

אין די זומער-בלעטלעך זיינען געווען פּרצעס פעליעטאָנען קעגן די רבנים און דעם מנהג פון חליצה — אַ פאָרשפּיל צום „שטריימל"; קעגן די העברעיסטן און חובבי-ציון, וואָס ווערן פאַרציטערטע יעדער מאָל, ווען אינטעליגענטע מענטשן הייבן אָן שרייבן גוטע זאַכן אין זשאַרגאָן; קעגן די דאָזיקע ירושלימער אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן מורא, דער פּשוטער המון זאָל זיך ניט צופיל דערוויסן, ניט ווערן צופיל אויפגעקלערט. די פעליעטאָנען האָבן אונז צוגעטראָפן: אָט: דאָס דאַרף מען טאַקע! שוין לאַנג צייט געווען... אָבער דעם גרעסטן רושם האָט אויף אונז געמאַכט דער פעליעטאָן „וואָס זאָל איך וועלן", אין סוכות-בלעטל. ער איז געווען זייער שיין געשריבן אין מאַניר פון היינע, און די קאַמפּס-שטימונג און די בולטע רעוואָלוציאָנערע טענדענץ האָבן אויף אונז געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק.

מען האָט געלייענט און איבערגעלייענט דעם אָפּזאַץ וועגן שלום, און מען האָט באַזונדערס באַטאָנט די פאָלגנדיקע שורות:

„פאַר שלום האָב איך מורא, פאַר שטילקייט ציטער איך אימת־מות!

שלום איז צווישן גנבים, ווען זיי גרייטן זיך צו דער פינגער־מלאכה... זיי מאַכן שלום מיט דער פינסטערער נאַכט און צינדן קיין שטרייכהעלצל ניט אָן... שלום־מאַכן זיי מיט יעדן וואָלקן, וואָס ציט איבער דער לבנה... שלום מאַכן זיי אַפילו מיטן בריטאַן אויפן הויף און וואַרפן אים צו אַ שטיק „לא יחרץ" פלייש, צו פאַרשטאָפּן דאָס מויל...

נאָר פרווו און וויל שטילערהייט און בשלום פאַריאָגן די אומגע־בעטענע געסט? מוזטו ליכט אָנצינדן, הויז־לייט וועקן, קולות מאַכן...

שלום און שטיל איז אויפן בית־הקברות... אָן געוויש פרעסן זיך די ווערים אַריין אין די מתימס לייבער, שטיל האַלט אַרום דער מעך די אַלטע מצבה און ציט זי אין דער ערד אַריין... שטיל רוישט דאָס אָרעמע ביימל, וואָס ציט אַריין אין זיך דעם קברים־זאַפט... נאָר פרווו גיב תחית המתים!... מוזטו פריער בלאָזן אויפן שופר של משיח!

שטיל איז נאַכט און טויט"!

אָבער זיך מיט אונזער גאַנצער שטימונג האָבן מיר מער ווי אַלץ געפונען אין די לעצטע שורות פון פעליעטאָן. נאָכדעם ווי פרץ האָט איבערגעקליבן אַלע בקשות, מיט וועלכע ער וואָלט געקאָנט זיך ווענדן צום רבונו־של־עולם אין האַלבער נאַכט פון הושענא רבה, — אין דער קורצער רגע, ווען דער הימל שפּאַלט זיך, און יעדעס וואָרט, מיט וועלכן אַ מענטש כאַפּט זיך דעמאָלט אַרויס, ווערט מקוים. איבערגעקליבן אַלע און זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף קיין איינ־ציקער, ענדיקט ער:

„איך האָב נאָך אַנדערע, אפשר בעסערע און וויכטיקערע בקשות, און זיי וואָלטן זיך דווקא געלאָזט איינפאַסן אין איין וואָרט, אין איין איינציק וואָרט, — שאַרף ווי דער בליץ, שטאַרק, ווי דער דונער... נאָר צום הימל איז ווייט, מען מוז שרייען הויך, און

שמיוול האָבן איערן, אָקסן — לאַנגע צונגען און איך — איך האָב שטאַרק, שטאַרק מורא...״

ווען איך האָב עס פֿאָרגעלייענט פֿאַר אַרבעטער, האָב איך די ניט געדאַרפֿט פֿאַרטייטשן, וואָס מיינט פּרץ. בײַ אַלעמען האָבן זיך באַוויזן פּיערלעך אין די אויגן. און איינער האָט מיט אַ באַגייסטערטן שמייכל באַמערקט:

— אַ מענטש, וואָס דערוועקט זיך אַזוי צו שרײַבן — האָט שוין גאָר קיין מורא ניט...

די הויפּט-שרײַבער אין די בלעטלעך זײַנען געווען פּ״ץ און פּינסקי. און אויב עס פֿלעגן אַרײַנפֿאַלן אַנדערע אויך, האָבן מיר די ניט באַמערקט. פּרץ האָט געשריבן פֿעליעטאָנען, ערציילונגען, לידער, אַפֿילו פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען. און טאָמער איז אין איינעם פֿון די בלעטלעך געווען אָפּגעדרוקט אַן איבערזעצונג פֿון קנוט האַמסון, האָבן מיר, האַלבע אינטעליגענטן, אין אונזער נאַיִווקייט עס אויך אָנגענומען פֿאַר פּרצעס אַ פּסעוודאָנים. פּינסקי האָט געגעבן זײַנע אַרבעטער-דערציילונגען, וועלכע האָבן געאָטעמט מיט לעבנס-פֿרייד, געשפּריצט מיט באַהאַלטענעם כּוח, — די ערשטע אַרבעטער-דערציילונגען אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס ערשטע מאָל, ווען דער נייער פּראָלעטאַריער האָט פֿאַרביטן מענדעלעס אַלטן קבצן. די יום-טוב בלעטלעך האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אין ווילנע אין אַן עקזעמפּלאַרן 200, אָבער געלייענט געוואָרן זײַנען זיי אַ סך מער. זיי זײַנען געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט. מען האָט זיי געלייענט און פֿאַרטייטשט אין אַרבעטער-קרײַזלעך, געלייענט מער צווישן די שורות, ווי אין די שורות. זיי זײַנען געוואָרן אַ מאַטעריאַל פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע.

איך ווייס ניט, ווי עס האָבן אויף דעם געקוקט די עלטערע, די אינטעליגענטן, וועלכע זײַנען געשטאַנען מיט פּרצן אין פֿאַרבינדונג און האָבן אים באַאײַנפֿלוסט. בײַ זיי איז עס מסתּמא געווען איינס פֿון די מיטלען, וועלכע זיי האָבן אויסגענוצט פֿאַר זייער גרויסן ציל. בײַ אונז יונגע האַלב-אינטעליגענטן, דורכגעווייקטע אין יידישקייט, זײַנען די נעמען פּרץ און פּינסקי געווען הייליק; די יום-טוב-בלעטלעך זײַנען געווען „אונזערע בלעטלעך״, צעגליאַנע 1 —

אונזער גייסטיקער צענטער... פֿאַרשפּרייטן די בלעטלעך איז געווען אונזער שׂמחה, באַקומען אַ בריוו פֿון פּרצן — אונזער גליק, און דאָס איז געווען ניט אין ווילנע אַליין.

אין אלול 1894 איז מיר אויסגעקומען צו פֿאַרברענגען אַ טאָג צייט אין דעווענישאָק, ווילנער גובערניע, האָב איך זיך דאָרטן געטראָפֿן מיט אַ פּאָר חברים פֿון דער ישיבה, און מיט זייערע שוועסטער, שוין „היינטיקע". האָבן זיי מיר פֿאַרטרויט, אַז בײַ זיי איז פֿאַראַנען אַ קליינער קרייזל, וואָס שרייבט אים און פֿאַרשפּרייט די בלעטלעך. דער פֿירער איז אַ יונגער לערער, אַ אידעאַלער מענטש. „איר ווייסט? ער שרייבט זיך איבער מיט פּרצן אַליין. — נאָך דעם שבת־נחמו־בלעטל האָט ער אים געשריבן: קאָך, יל"פּ (פּרץ פֿלעגט זיך אַמאָל אַזוי חתמענען), דיין געקעכטס קרעפּטיקט! ווי געפֿעלט עס אייך",

און אַ בלעטל האָט דעם ערשטן יאָר אינגאַנצן געהאַלטן נאָר איין דרוק־בויגן, און פֿון איין בלעטל ביז אַנדערן פֿלעגט דאָס רוב אויסקומען וואַרטן אַ חודש און מער.

דער קלאַנג וועגן די בלעטלעך איז דערגאַנגען צו דעם ווילנער שטאָט־מגיד, ר' הירש ראַבינאָוויטש, אַ זון פֿונעם דעמאָלט באַרימטן קאָוונער רב ר' יצחק אלהנן. אין איינער פֿון זיינע דרשות אין דער גרויסער שול איז ער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די געפֿערלעכע נייע טרייף־פּסולן, וואָס פֿירן אַראָפּ יידישע יונגע־לייט פֿונעם גלייכן וועג. דאָס, וואָס פּרץ האָט אָנגערירט דעם חיבת־ציון, און בכלל זיין קעכלען דעם זשאַרגאָן האָט שטאַרק אויפֿגעבראַכט די העברעיִשע פֿאַרלעגערישע חברה „אַחיאָסף". האָט זי געלאָזט פֿרישמאַנען, שוין דעמאָלט פּרצעס אַ שאַרפֿער געגנער, אָפּדרוקן אָן די נעמען פֿון מחבר און פֿאַרלעגער 2 פּאַמפֿלעטן „לאָקשן" און „פּלוי אויף תשעה באב". די דאָזיקע פּאַמפֿלעטן זיינען געווען אַ גראָבע אומגעלומפּערטע אַטאַקע אויף פּרצן, פֿול מיט מיאוסע, אַפֿילו ניט דרוקבאַרע אויסדרוקן; העכער 20 יאָר פֿלעגט דער עסטעט פֿרישמאַן שטענדיק פֿאַרלירן דעם פֿיינעם געשמאַק, ווי נאָר עס האָט זיך געהאַנדלט אים פּרצן. אונז האָבן די פּאַמפֿלעטן געוואַלדיק אויפֿגערעגט. פֿון גרעקנזאָנס קלוב האָבן מיר זיך דערוואוסט, ווער זייער מחבר איז,

און אונזער שנאה צו פרישמאַנס „ציניזם“ הייבט זיך אָן נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער האָט אַזוי טאַקטלאָז באַשפּיגן אונזער הייליקייט.

ווינטער 1895 איז אַרויס דאָס זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן“, וואו עס זיינען געווען געדרוקט פּרצעס „דאָס שטריימל“ און „באָנציע שווייג“ און פּינסקים „חיים משרת“, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די נייע יידישע אַרבעטער און האָבן שטאַרק געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישע שטימונגען.

אַ ביסל פריער איז אַרויס פּרצעס אַ קליינער זאַמלבוך אין העברעיש, „החץ“. אונזערע האַלבע אינטעליגענטן זיינען אַלע געווען שאַרפע קעגנער פון העברעיש, דאָך האָבן מיר נאָך געלייענט אַלץ, וואָס פלעגט אין יענער שפּראַך אַרויס נייס. אויף פּרצעס „החץ“ האָבן מיר זיך גלייך אַרויפגעוואָרפן; געווען דאָרטן אַ שאַרפער אַרטיקל קעגן דעם פּאַלעסטינישן געדאַנק, אונטערן נאָמען „יוצרי תוהו“, געחתמעט אמיתי. אין גרעקנזאָנס קלוב האָט מען געזאָגט, אַז דער אַרטיקל איז געשריבן פון נחום סאָקאָלאָוו, וועלכער איז נאָך דעמאָלט קיין ציוניסט ניט געווען און פלעגט אין „הצפירה“ און אין „האסיף“ אָפט געבן דעם חיבת-ציון אַ שטילן שטאָך, הגם אויף קיין אָפענער אַטאַקע האָט ער קיין מוט ניט געהאַט. שפּעטער האָט מען מיר געזאָגט, אַז דער אַרטיקל איז געשריבן פון פּרצן אַליין. פונם טעמפּעראַמענט, וואָס שפּריצט אַרויס פון יעדער שורה, איז קענטיק, אַז דאָס איז אַזוי. ווי דאָס איז, דער אַרטיקל האָט אונז געגעבן אַ שאַרף געווער קעגן חיבת-ציון. אינם זעלביקן זאַמל-ביכל זיינען געווען פּרצעס צוויי שיינע רעוואָלוציאָנערע מעשהלעך „המחשבה והכנור“. אַ סך שפּעטער האָט מ. פרומקין פון לאָנדאָן זיי איבערגעזעצט אין יידיש, אונטערן נאָמען „דער געדאַנק און די האַרפע“ און אָפּגעדרוקט אין אַ זאַמלונג איבערזעצונגען פון פּרצן: „די אַכטע אָפּטיילונג אין גיהנום“. כמעט אַלץ, וואָס איז געווען אין יענער זאַמלונג, האָט פּרץ שפּעטער אַליין איבערגעשאַפן אין יידיש. די צוויי שיינע מעשהלעך זיינען לײדער ביי אונז געבליבן נאָר אין פרומקינס הילצערנער איבערזעצונג. איך פלעג זיי מיט אייגענע ווערטער דערציילן אין אַרבעטער-קרייזלעך און זיי האָבן שטענדיק געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג.

איך האָב דערמאָנט מיין באַציִונג צו די אַרבעטער־קרייזלעך און כוז מיך אומקערן אַ ביסל צוריק. אין פרילינג 1894 בין איך „אַריינגענומען" געוואָרן אין קרייז פון די סאָציאַליסטן און איין מאָל אַ פאַרנאַכט האָט מיך אַ באַקאַנטער האַלבער אינטעליגענט צעמאַכאָוויטש געפירט באַקאַנט מאַכן מיטן „לערער" (גאָזשאַנסקי, לנו). ער האָט דעמאָלט געוואוינט אויפן האָלץ־מאַרק, ראָג נאָוויגאָראָד און די וועגרעס, אין יאַנאָווסקיס הויז אויף אַ סאַלקע. ביים ראָג איז צעמאַכאָוויטש אַוועק אַ ביסל גיכער פאָראויס. איך בין אים נאָכגעגאַנגען פון ווייטן, כדי ניט אַריינצוגיין אין טויער זאַלבעצווייט. ביים „לערער" אין פאָדער־צימער האָבן מיר זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן. פון אַ צווייטן צימער האָבן מיר געהערט שטיל ריידן, אָבער אונז האָט מען אַהין ניט אַריינגעלאָזן. צעמאַכאָוויטש האָט אָנגעקלאַפט. די טיר האָט זיך עטוואָס אָפגעעפנט אַזוי, אַז סע האָט זיך באַוויזן נאָר אַ קליין שפעלטעלע, וואוהין צעמאַכאָוויטש האָט עפעס אַריינגערעדט. דאָס שפעלטעלע האָט זיך באַלד ווידער פאַרמאַכט, און צעמאַכאָוויטש האָט מיר אַריינגערוימט אַ סוד, אַז ביים „לערער" קומט איצט פאָר אַ „קרוזשאָק", דאַרפן מיר ניט זען יענע, און יענע דאַרפן אונז ניט זען. ווען דער קרוזשאָק וועט זיך ענדיקן, וועלן זיי אַרויס דורך אַן אַנדער טיר אין קיך און אונז וועט מען אַריינלאָזן דורך דער פאָדערשטער טיר. איך פלעג שפעטער אָפט אַריינקומען צום „לערער". פאַקטיש האָב איך געקענט כמעט אַלע זיינע באַזוכער, און זיי האָבן כמעט אַלע מיך געקענט. אָבער ביי אים אין שטוב האָט מען שטענדיק אָפגעהיט די איבנבאַשריבענע פראָצעדור, און דאָרטן האָב איך זיך קיינמאָל ניט געטראָפן פנים אל פנים ניט מיט די, וואָס זיינען געקומען פאַר מיר, ניט מיט די, וואָס האָבן געוואַרט אויף מיין אַוועקגיין. אין אַ פאָר מינוט נאָך מיין ערשטן אַריבערטרעטן דעם סודותדיקן שוועל, איז צעמאַכאָוויטש פאַרשוואונדן דורך דער קיך־טיר און איך בין געבליבן אַליין מיטן „לערער". וואָס וועט איצטער זיין? האָב איך אַ טראַכט געטאָן מיט אַ זיסער האַרצקלאַפעניש. אָבער דער „לערער" האָט גלייך גענומען אַ טרוקענעם טאָן און האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן אַרבעט. ער האָט מיר דערקלערט, אַז כדי סאָציאַליסטיש צו באַנעמען די געשיכטע

פון דער נייער צייט, מוז מען גוט פאַרשטיין דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן אונטערשלאַק פון דער עפּאָכע ווען דער הייַנטיקער קאַפּיטאַליזם איז געבוירן געוואָרן, איבערהויפּט דעם 16-טן יאָרהונדערט. פאַר אַ סאָציאַליסט, האָט ער געזאָגט, איז עס פּונקט אַזוי נייטיק, ווי די געשיכטע פון דעם פאַרצייטיקן מענטשן, אפשר נאָך נייטיקער. אין די רייד האָט ער אַרויסגענומען פון אַלמער דריי ביכער פונם רוסישן זשורנאַל „סיעווערני וועסטניק" און האָט מיר דאָרטן אָנגעוויזן אויף קאַרל קאַוטסקיס אַ גרויסן אַרטיקל (ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז עס געווען דער אַריינפיר צו זיין בוך „טאָמאַס מאָר"): „וויעק גומאַניזמאַ אי רעפאָרמאַציאי" („די עפּאָכע פון הומאַניזם און רעפאָרמאַציע"), איבערגעזעצט אין רוסיש פון לוואָוו. דער „לערער" האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל לייענען דעם דאָזיקן אַרטיקל אין זיינעם אַן אַרבעטער-קרייזל: „איך האָב געהערט, אַז איר קענט זשאַרגאָן, וועט איר עס איבערזעצן פאַר מיר אַלע וואָך 5—4 זייטן: קומט אַלע דינסטאָג. ברענגט מיט די איבערזעצונג, וועלן מיר צוזאַמען איבערלייענען, און איך וועל אייך אָנווייזן, וויפל איך דאַרף האָבן פאַר מיין קרייזל אויף דעם קומענדיקן מאָל". דער „לערער" האָט ניט געפרעגט, צי געפעלט מיר די אַרבעט, צי האָב איך צייט, ער האָט געהייסן — און גענוג. מיר איז אַפילו ניט איינגעפאַלן זיך אָפּצוזאָגן. ער האָט מיר אָנגעוויזן, וויפל איך דאַרף איבערזעצן אויפן ערשטן מאָל, און די אודיענץ איז געווען געענדיקט. איך האָב נאָך עפּעס געוואָלט פרעגן, הערן, ריידן; אָבער איך האָב געפילט, אַז איך טאָר דאָ מער קיין איין מינוט ניט בלייבן, און ווי געטריבן, האָב איך געגעבן דעם „לערער" די האַנט און בין אַרויס דורך דער קיך-טיר. איך בין געווען ניט אינגאַנצן צופרידן; איך האָב געוואַרט אויף עפּעס אַ סוד, וואָס זאָל מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּן. אָבער איך בין געווען שטאָלץ, וואָס מען גיט מיר אַרבעט, וואָס אָן מיר וואָלט דער „לערער" אַליין ניט געקאָנט אויסקומען אין זיין „קרוזשאָק".

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. פאַר וויסנשאַפטלעכע טערמינען איז נאָך דעמאָלט אין יידיש ניט געווען קיין טערמינאָלאָגיע, ניט קיין אויסגעאַרבעטע פּראָזע. מיר איז אויסגעקומען נעמען צו

הילף אַ רוסיש־דייטשישן ווערטער־בוך. דעם אמת מוז איך זאָגן, איך האָב נאָך דעמאָלט בײדע שפּראַכן געקאָנט זייער שוואַך: דעם טייטש פון אַ סך געווײנלעכע ווערטער האָב איך געוואוסט נאָר אומגעפער, ניט גענוי, אָבער איך פלעג מיך שוין ווי עס איז אָנשטויסן. די געשיכטע פון דער עפּאָכע האָב איך אויך ניט גוט געוואוסט. איך פלעג אָפט דאַרפן דורכלייענען צענדליקער ווייטן געשיכטע, איידער איך האָב געקאָנט ווי געהעריק פאַרשטיין און איבערזעצן איין זייטל פון קאַאוטסקי. די אַרבעט האָט בײ מיר געדויערט בערך אַ האַלב יאָר צייט. צי האָט זי עמעם געגעבן דעם „לערערס" קרייז, ווייס איך ניט. מיר האָט זי אַ סך געגעבן. אויסער דעם, וואָס איך בין מער באַקאַנט געוואָרן מיט דער געשיכטע פון דער עפּאָכע, האָב איך זיך אויסגעלערנט אַ ביסל שרייבן יידיש וועגן העכערע ענינים. אין יענער צייט, און לאַנג נאָכדעם, האָט יעדער איבערזעצונג, וואָס מיר איז אויסגעקומען מאַכן, געווירקט צו פאַרבעסערן מיין אייגענע שפּראַך. איידער איך האָב געענדיקט די איבערזעצונג, איז דער „לערער" צייטווייליק אָפּגעפאָרן פון ווילנע און די לעצטע פּאָר קאַפּיטלעך איז מיר אויסגעקומען איבערצולייענען פאַר אַלעקסאַנדער קרעמער, וועלכער האָט איבערגענומען דעם „לערערס" קרייזל.

אַמאָל קעגן סוכּות האָט מיר דער „לערער" געזאָגט: עס וואָלט געווען גוט, אין זשאַרגאָן זאָלן זיין גרעסערע בעלעטריסטישע ביכער פון אַרבעטער־לעבן. אַ ראָמאַן איז אַ גוטע שטיקל אַגיטאַציע. אוודאי וואָלט גוט געווען אַן אָריגינעלע זאַך. אָבער אַן איבערזעצונג מאַכט אויך ניט אויס. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין אַן אַלטן יאָרגאַנג „וואָסכאָד" (דוכט זיך, 1886) האָב איך געלייענט אַ גרויסע דערציילונג „די געשיכטע פון אַ פאַמיליע". אונטערגעשריבן „פּסעוודאָנים". ווער דער פּסעוודאָנים איז, האָב איך ניט געוואוסט, נאָר די דערציילונג איז געווען פונם לעבן פון דער יידישער מאַסע און האָט באַרירט די פראַגע וועגן אַרבעט און קאַפּיטאַל. עס איז אַפילו געווען געשריבן שטאַרק סאַנטימענטאַל, אָבער די פאַבולע איז געווען אינטערעסאַנט און אין דער גאַנצער זאַך האָט זיך געפילט עפּעס אַ נייער גייסט. די סאַנטימענטאַליטעט האָט נאָך אויסגעזען צו זיין אַ מעלה: דאָס האָט געמאַכט די דערציילונג צוטריטלעכער

פאַר די לעזער פון שמ"ר און בלאָשטיין. דער „לערער" האָט איבערגעליינט די דערציילונג און ער האָט מסכים געווען, איך זאָל זי איבערזעצן. ווינטער 1894—1895 בין איך געווען אַ לערער אויף אַ ישוב, און די לאַנגע־ווינטער־אָוונטן, נאָכן לערנען מיט דעם ישובניקס קינדער, פלעג איך אָפּזיצן איבער דער איבערזעצונג.

אָבער מיין נאָמען אין דרוק האָב איך נאָך פריער זוכה געווען צו זען. נאָכדעם ווי ספּעקטאָר איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט פּרצן, האָט ער פאַרנעמען אַליין אַרויסצוגעבן בלעטלעך. אויף וויפל איך געדענק, זיינען פון ספּעקטאָרס בלעטלעך אַרויס נאָר צוויי, דאָס ערשטע האָט געהייסן „לאַמטערן". זי איז געווען די זעלביקע גרייס, ווי פּרצעס, און איז אויך באַשטאַנען פון דערציילונגען, לידער און קליינע אַרטיקלען. אָבער קיין שום נייער גייסט איז דאָרטן ניט געווען, קיין צענטראַלע אידעע, פּשוט אַ זאַמלונג פון מיטעלע און שלעכטע זאַכן, לייען־שטאָף און גענוג. אין „לאַמטערן" זומער 1894 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן מיין ערשטע זאַך, אַ לעגענדע וועגן אַברהם אָבינו און אַ געצן־דינער, וועמען ער האָט מכניס אורח געווען, — באַאַרבעט נאָכן מדרש. איך האָב עס אַ נאָמען געגעבן „טאָלעראַנץ". ספּעקטאָר האָט איבערגעמאַכט דאָס קעפּל אויף „הערט און ווייסט". איסערן נאָמען האָט ער גאָרניט איבערגעביטן, ניט אין דער שפּראַך, ניט אינם אינהאַלט. ער האָט נאָר צוגעגעבן, פאַר אַ מאָטאָ, דאָס פאָלקס־ווערטל: „זיי ניט גאָט סטראַפּטשע, ער קאָן אַליין זיין שטעטל באַשטיין".

פאַרוואָס האָב איך ניט געשיקט מיין ערשטע זאַך צו פּרצן? ווייל איך האָב זי געהאַלטן פאַר צו שוואַך, און פּרצעס בלעטלעך פאַר צו וויכטיק, מען זאָל אַהין קאָנען קומען מיט אבי וואָס. אויב ניט רעכענען אַ פּאָר איבערזעצונגען, געמאַכט פון א. הורוויטש, געדענק איך בכלל ניט, אין די בלעטלעך זאָל זיין עפּעס געדרוקט פון עמעצן פון ווילנע אָדער מינסק, די ערטער, וואו זיי האָבן זיך מער, ווי אומעטום, פאַרשפּרייט. כמעט אַלץ, וואָס דאָרטן איז געווען געדרוקט, איז געווען געשריבן פון פּוילישע יידן, איבערהויפּט פון וואַרשעווער.

דער „לאַמטערן" האָט זיך אין ווילנע כמעט ניט פאַרשפּרייט.

מיר האָט עס פאַרדראָסן: דאָרטן איז דאָך צום ערשטן מאָל געווען געדרוקט מיין נאָמען. און אין דער זעלביקער צייט האָט עס מיר הנאה געטאָן: זאָלן באַקאַנטע ניט וויסן, אַז אין אַ צייט, ווען עס גייען אַרויס פּרצעס בלעטלעך, דרוק איך זיך גאָר ביי ספּעקטאָרן. כדי צו רעאַביליטירן זיך אין מיינע אייגענע אויגן, האָב איך דעם פעליעטאָן, וואָס איך האָב גלייך נאָך דעם אָנגעשריבן, אַוועקגעשיקט פּרצן. עס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דריי מעשהלעך“ און האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי: עסן ווילט איר, קינדערלעך, ברויט — האָב איך פאַר אייך ניט. אָט אַ מעשה, אויב איר ווילט, קאָן איך אייך יאָ דערציילן. הערט אויס: אַמאָל איז געווען אַ רב מיט אַ רביצין... דערנאָך איז געגאַנגען: אַמאָל איז געווען אַ פריץ מיט אַ פריצטע, און צום סוף: אַמאָל איז געווען אַ גביר מיט אַ גבירטע. דער לעזער שטויסט זיך שוין אָן, אַז די דריי מעשהלעך זיינען געווען קעגן רעליגיע, פעאָדאַליזם און קאַפּיטאַליזם. געענדיקט האָט זיך דער פעליעטאָן אומגעפער אַזוי: וואָס, קינדערלעך, איר זייט ניט צופרידן מיט מיינע מעשהלעך? איר ווילט שענערע, אינטערעסאַנטערע... פון שדים און ניט דאָ דערמאָניקע? נאַרישע קינדער, איך האָב דאָך אייך דערציילט פון שדים... איר ווילט בכלל קיין מעשהלעך ניט? זיי קריכן אייך אין קאָפּ ניט? ברויט ווילט איר... עסן... אומגליקלעכע קינדער, צוליב אָט די שדים האָט איר דאָך קיין ברויט ניט... זיי רייסן דאָך אייך דעם ביסן פון מויל אַרויס...

און אַ וואָך אַרום האָב איך באַקומען פון פּרצן אַ העברעישן בריוו, וואו ער שרייבט מיר: „אייערע מעשהלעך (ריכטיקער פעליעטאָנען) זיינען זייער גוט. ליידער, קאָן עס ניט געדרוקט ווערן איבער צענזור“. איך בין געווען אויבן זיבעטן הימל פאַר שמחה, מער ווי אַלץ האָט מיך געפרייט דאָס, וואָס מיין פעליעטאָן קאָן ניט איבערהאַלטן די צענזור. ערשטנס, איז עס דאָך אַ סימן, אַז ער איז שאַרף רעוואָלוציאָנער. צווייטנס, האָט עס מיך געמאַכט פאַר אַ שטיקל מאַרטירער, פאַר אַ קרבן... איך האָב פּרצעס בריוו געוויזן אַלע באַקאַנטע און האָב מיט אים שטאָלצירט ניט דער ערך מער, ווי מיט מיין געדרוקטן נאָמען אין ספּעקטאָרס „לאַמטערן“. פאַר פּסח 1895 האָב איך פּרצן אַוועקגעשיקט אַ פעליעטאָן „וועגן חמץ ומצה“,

אַ שטיקל אַגיטאַציע. דעם אינהאַלט האָב איך שוין אינגאַנצן פֿאַרגעסן. אויף דעם האָב איך באַקומען אַ קורצן בריוול אין רוסיש, געחתמעט פֿון דוד פינסקי: „דער פֿעליעטאָן קאָן ניט געדרוקט ווערן איבער זיין שוואַכקייט“. מסתמא, איז ער געווען גערעכט. מער האָב איך אין די יום־טוב בלעטלעך קיין זאַך ניט געשיקט.

אויף פּסח 1895 בין איך געקומען פֿון ישוב קיין ווילנע און האָב מיטגעבראַכט מיין איבערזעצונג, וועגן וועלכער איך האָב שוין פֿריער דערמאָנט. איך האָב זי געוויזן דעם „לערער“, און ער האָט מיר געזאָגט: „איך אַליין בין אַ קנאַפּער מבין. טראָגט עס אַוועק צו קרייערן (בן־אריה). זאָל ער עס איבערלייענען און, אויב מען דאַרף, פֿאַרריכטן“. איך האָב זיך געזען מיט קרייערן. ער האָט איבערגעקוקט די איבערזעצונג און האָט צוגעזאָגט זי אויסצובעסערן און פֿאַרקויפֿן אַ פֿאַרלעגער — דערביי האָט ער געשטעלט צוויי תנאים: ערשטנס — אַ העלפֿט פֿונם האָנאָראַר קומט אים; צווייטנס — מיין נאָמען זאָל אויף דער איבערזעצונג ניט דערמאָנט ווערן, עס זאָל נאָר שטיין: איבערגעזעצט אונטער דער רעדאַקציע פֿון בן־אריה. איך בין געווען אַן אָנפֿאַנגער, האָב ניט געהאַט קיינע פֿאַרבינדונגען מיט פֿאַרלעגער. בן־אריה ווידער איז דעמאָלט געווען חשוב און אָנגענומען ביי זיי צוליב זיין „וועלט מיט וועלטעלעך“. האָב איך קיין ברירה ניט געהאַט און האָב מסכים געווען אויף זיינע תנאים. מיט זיינע אויסבעסערונגען בין איך ניט שטענדיק געווען צופֿרידן. מיר האָט זיך אָפֿט געדוכט, אַז ער מאַכט ערגער, ניט בעסער. אָבער ער האָט געטענהט, אַז ער ווייסט שוין, ווי מען דאַרף שרייבן פֿאַר דער יידישער מאַסע, והראיה — זיין „וועלט מיט וועלטעלעך“. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיטן פֿאַרקויפֿן. אין יענער צייט איז אַ קליין ביכל פֿון איין דרוק־בויגן געווען אַ סך לייכטער צו פֿאַרקויפֿן, ווי אַ בוך פֿון 5—6 בויגן. אַ קליין ביכל האָט ניט געפֿאָדערט פֿון פֿאַרלעגער קיין גרויסע הוצאות. פֿאַרשפּרייטן עס איז אויך געווען לייכט. אַ בוך פֿון 5—6 בויגן פֿאָדערט שוין קאַפּיטאַל, און עס קאָן אַמאָל אָפּליגן יאָרן לאַנג אויף די פּאָליצעס. דאָס איז שוין אַ ריזיקע. און פֿאַר אַ גרעסערן ראָמאַן, וואָס אויף אים איז ניט געשטאַנען דער נאָמען שמר אָדער בלאָשטיין, איז געווען שווער צו

קריגן אַ פֿאַרלעגער. איך פֿאַר אַ מעשה־ביכל פֿון איין בויגן האָט דער מחבר גענומען ניט ווייניקער פֿון 3 רובל, פֿלעגט מען פֿאַר אַ ראָמאַן פֿון 10 בויגן נעמען ניט מער ווי 10—15 רובל האָנאָ־ראַר; דער מחבר איז געווען צופֿרידן אָפּצוגעבן זיין בוך אומזיסט, אַבי זען עס אין דרוק. מיינער אַ באַקאַנטער, הוד גילדענבלאַט, איז געקומען פֿון ליבאַוויטש קיין ווילנע מיט אַ גאַנצן פּאַק קליינע דערציילונגען און מיט אַ גרויסן ראָמאַן „ביי דעם שטן אין האַנט“. די דערציילונגען („אַברהמל בעל עגלה“ און אַנדערע) האָט ער אין אַ האַלב יאָר צייט פֿאַרקויפֿט ווילנער יידישע דרוקער. יענע האָבן זיי אָפּגעדרוקט און באַשטעלט ביים מחבר נייע בויגנדיקע אַנטיקן. דער ראָמאַן אָבער איז ביי אים אָפּגעלעגן גאַנצע צוויי יאָר. צום סוף האָט ער אים פֿאַרקויפֿט אויף אייביק פֿאַר 10 רובל.

צו מיין גליק האָט יוסף שריפֿטזועצער זומער 1895 אויפֿגעהערט אַרויסצוגעבן גוידאס „קליינע ביכלעך“ און האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן גרעסערע איבערגעזעצטע ראָמאַנען, אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „פֿאַרלאַג בן חיים“. אין דעם דאָזיקן פֿאַרלאַג זיינען אַרויס 4 ביכער, צו 10—15 הדוקבויגן: 1) קאַרל עמיל פֿראַנצאָז—יהודית טראַכטענבערג, איבערגעזעצט פֿון מישאל. 2) פֿאַרן גלויבן און פֿאַרן פֿאָטערלאַנד— אַ ראָמאַן אין דריי טיילן פֿון דער צייט פֿון חורבן בית־שני, איבער־געזעצט פֿון מישאל. 3) הוד בן דוד (די ערשטע העלפֿט פֿון ט. דיקענס הוד קאָפּערפֿילד, איבערזעצט פֿון גוידא*). דער פֿערטער נומער איז געווען מיין איבערזעצונג, אונטערן נאָמען „די מלחמה פֿאַרן לעבן“. איך האָב געהאַלטן וואָרט און האָב אָפּגעגעבן קרייערן אַ העלפֿט פֿונם האָנאָראַר, גאַנצע 25 רובל. שריפֿטזועצער האָט פֿאַר די גרעסערע זאַכן איך באַצאָלט טייערער, ווי די איבעריקע פֿאַרלעגער. מ״ין אָדער קאַצענעלנבויגן וואָלט פֿאַר דער „מלחמה“ מער ווי אַ צענערל ניט געגעבן.

---

*) דוד בן דוד איז געווען גוידאס לעצטע ארבעט אין רוסלאנד. אין הארבסט 1894 איז ער אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, וואו ער האָט אונטערן פסעוודאָנים ב. גאָרין געשריבן דערציילונגען, דראמען און טעאטער־רעצענזיעס. זיין וויכטיקסטע ווערק איז די צוויי־בענדיקע „געשיכטע פון יידישן טעאטער“. גוידא איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין הארבסט 1924.

די „מלחמה פאַרן לעבן“ איז אַרויס אָנהייב ווינטער 1895. שפּעטער איז זי עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און איז געווען שטאַרק פּאָפּולער ביי די אַרבעטער-לעזער פון יענער צייט. די ערשטע העלפט פון דער דערציילונג האָט ישראל-מיכל קאַפּל נבֿקי (דער, וואָס איז דערנאָך געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר) איבערגעמאַכט אין אַ דראַמע, וועלכע איז אומלעגאַל געשטעלט געוואָרן אין איניקע שטעט פון ליטע און פּוילן. איינער אַזאַ אומלעגאַלער ספּעקטאַקל אין ווילנער פאָרשטאָט „רוזעלע“ איז אום פּסח 1897 דורכגעפאַלן. אַלע אָנטיילנעמער און צושויער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. צום גליק, האָט עס די ווילנער זשאַנדאַרמעריע אָנגענומען פאַר אַ פּשוטן יידישן טעאַטער אָן אַן ערלויבעניש, און אַלע אַרעסטירטע זיינען אין דריי טאָג אַרום באַפרייט געוואָרן.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז אין יענע יאָרן האָב איך קיין שום באַגריף ניט געהאַט וועגן דעם מחבר פון דער ערציילונג, וואָס איך האָב איבערגעזעצט. ווינטער 1909 איז מיר אויסגעקומען זיך צונויפצוטרעפן מיט ש. אַנ-סקי, אין ריגע. מיר האָבן זיך צערעדט וועגן די ערשטע טריט פון דער יידישער ליטעראַטור פאַר אַרבעטער, און איך האָב אים דערציילט וועגן דער „מלחמה פאַרן לעבן“. אַנ-סקי האָט זיך צעלאַכט: „גזלן, דאָס איז דאָך מיין אייגנס!... איך האָב די דערציילונג לכתחילה אָנגעשריבן אין יידיש, נאָר ווייל איך האָב די ניט געהאַט, וואו צו דרוקן, האָב איך זי איבערגעזעצט אין רוסיש פאַרן „וואָסכאָד“. שוין אַ מעשה פון העכער 20 יאָר. איצט דערוויס איך זיך, אַז איר האָט זיך איף מיין „געשיכטע“ מרחם געווען און האָט זי אומגעקערט צום יידישן מקור. אַ גלגול פון אַ יידישער דערציילונג“...

אין 1895 האָט זיך קרייער אַרומגעטראָגן מיט פּלענער פון נייע ביכלעך, אָבער פון די אַלע פּלענער איז גאָרניט געוואָרן. אין 1896 האָט ער צונויפגעשטעלט פאַר קאַצענעלנבויגנס פאַרלאַג אַ קליין יידיש נאָטיץ-ביכל מיט אַ קאַלענדאַר, מיט נייטיקע ידיעות, וויצן און אַפאָריזמען. מיר דוכט, אַז דאָס דאָזיקע נאָטיץ-ביכל איז אַרויס עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד. אויף וויפל איך געדענק, האָט ער מער קיין זאַך ניט אַרויסגעגעבן. אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך. אינם

צווייטן יאָרגאַנג פון די „יום־טוב־בלעטלעך" האָט י. ל. פּרץ אינטערן פּסעוודאָנים בן־תמר אָנגעשריבן אַ שאַרפע קריטיק אויף די „וועלט מיט וועלטעלעך". קרייער איז געווען מוראדיק אין כעס. אַ צערייצטער ביז לעצט, האָט ער צו מיר געשריען: ווי שרייבט מען עס קריטיק אויף אַ ושאַרגאָניש ביכל? וואָס פאָדערט ער פון מיר? אַ טאָלסטאָי בין איך, וואָס?...

דרך אַגב וויל איך דאָ איבערגעבן אַ אינטערעסאַנטע מעשה, וואָס איך האָב געהערט פון קרייערן. דאָס איז געווען דער ערשטער האַלב־יאָר פון ניקאָלאַי דעם צווייטנס ממשלה. ווי באַקאַנט האָבן די רוסישע ליבעראַלן די ערשטע צייט אויך געלייגט גרויסע האָפענונגען אויפן יונגן צאַר. מ'האָט דערציילט, אַז זייענדיק אַ פּרינץ איז ער געווען ניט צופרידן מיטן פאָטערס רעאַקציאָנערער פּאָליטיק און איצט, אַליין אַ צאַר, וועט ער בייטן דעם פּאָליטישן קורס. די רוסישע ליבעראַלן האָבן זיך גאָר גיך אויסגעניכטערט פון זייערע זיסע האָפענונגען, נאָכדעם ווי ניקאָלאַי האָט אין זיין באַקאַנטער רעדע אָנגעשריען אויף די טווערער ליבעראַלע זעמצעס: „קיין אומזיניקע חלומות וועל איך ניט דולדן! איך וועל גיין אינם וועג פון דעם טאַטן!" די יידישע פּני האָט אַ לענגערע צייט געהאָפט אויף ישועות פון דעם נייעם מלך חסד. מ'האָט דערציילט מעשיות, אַז ער האָט אַ יידישע געליבטע און זי קערט איבער זיין האַרץ צו גוטן אויף יידן. די פּאָליאַקן האָבן דערציילט, אַז דער נייער צאַר האָט אַ פּוילישע געליבטע און אין די פּוילישע קרייזן אין ווילנע האָט מען אויך געהאָפט. בנוגע דער געליבטער זיינען אפשר ביידע נוסחאות געווען ניט ווייט פונם אמת: אין דעם פּרט איז דער יונגער צאַר געווען אינטערנאַציאָנאַל. פאַר פּסח 1895 בין איך אַמאָל געקומען צו קרייערן און איך האָב אים געפונען אַן אויפגערעגטן. גוט, זאָגט ער, וואָס איר זייט געקומען. נעכטן אין אָוונט איז אין תלמוד־תורה געווען אַן אסיפה פון די שטאָט־גבאים (ער האָט אָנגערופן אַ ריי נעמען, סאָליץ, גאָרדאָן און אַנדערע). מ'האָט גערעדט וועגן דעם מצב פון יידן און וועגן די יידישע סאָציאַליסטן. מ'הייסט: דער נייער מלכות וואָלט וועלן טאָן טובות יידן. ווי וועט אָבער זיין, אַז ער וועט זיך דערוויסן, אַז ביי יידן זיינען פאַראַן

סאָציאַליסטן, בונטאָווטשטשיקעס, מורדי במלכות? וועט ער ניט אין כעס ווערן און אָפּקערן זיין האַרץ פון אונז? האָט איינער פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן ניט וואַרטן ביז די מלוכה וועט זיך דערוויסן פון אונזערע שעדלעכע עלעמענטן, נאָר מיר זאָלן זיי אַליין איבערגעבן, וועט די רעגירונג זען, אַז מיר זיינען לאָיאַלע כשרע בירגער. אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט: וואָס דאַרפן מיר אַליין אָנווייזן אויף אונזערע חטאים? אָן אונז וועט זיך אפשר די רעגירונג גאָר ניט דערוויסן פון אונזערע סאָציאַליסטן. און אַז מיר וועלן איר עפענען די אויגן, וועט זי אפשר אין כעס ווערן אויף אַלע יידן. איר ווייסט דאָך: כל ישראל ערבים זה בזה... מ'האָט לאַנג גערעדט און עס איז געבליבן זיך צונויפקלייבן נאָך אַמאָל. איך האַלט, האָט מיר קרייער געזאָגט אומרויק, אַז פאַר אייערע לייט קאָן דערפון אַרויסקומען אַ גרויסע סכנה. גייט אַריין צו גאָזשאַנסקין און דערציילט אים די גאַנצע מעשה. זאָל ער זיין גרייט! איך בין גלייך אַוועק צום לערער און האָב אים אַלץ דערציילט. ער האָט מיך אויסגעהערט גאַנץ רויק: „ס'איז גאָרנישט! יידישע גזלנים! זיי וועלן זיך ניט דערוועגן"!... און ווי עס ווייזט אויס האָבן זיי זיך טאַקע ניט דערוועגט. מער האָב איך פון דער דאָזיקער מעשה קיינמאָל גאָר ניט געהערט.

מיט קרייערן האָב איך זיך פון 1896 קיינמאָל ניט באַגעגנט. ער האָט זיך אינגאַנצן דערווייטערט פון די סאָציאַליסטישע קרייזן צו וועלכע ער איז אייגנטלעך קיינמאָל גאָר נאָענט ניט געשטאַנען. ער איז געבליבן אַ געוויינלעכער תלמוד־תורה־לערער ניט מער. קרייער איז געשטאָרבן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין אַ קליין שטעטל לעבן ווילנע, דוכט זיך, אין מיישאַגאָלע.

פאַר פסח 1895 האָט פּרץ אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם צווייטן יאָרגאַנג יום־טוב־בלעטלעך. די בלעטלעך זיינען געוואָרן גרעבער און רייכער אין אינהאַלט. ער האָט געפּלאַנעוועט אַרויסגעבן אַ ריי גרעסערע ביכער אין יידיש, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע. אָבער קיין געלט איז ניט געווען; די יום־טוב־בלעטלעך האָבן געגעבן אַ דעפיציט. האָט ער געשיקט דוד פּינסקין קיין ווילנע און מינסק, כדי זיך נעענטער צונויפצובינדן מיט דאָרטיקע יידישע סאָציאַליסטן, איינ=

שטעלן פעסטער די פאַרשפּרייטונג פון זיינע אויסגאַבן און, דער עיקר, באַקומען געלט.

דוד פינסקי איז געקומען אין ווילנע אַרום תשעה באב. אין אַ פּאָר אינטעליגענטע הייזער האָט ער געמאַכט אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון דער יונגער אינטעליגענץ און אינטעליגענטע אַרבעטער. אויף די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָט פינסקי אַליין און אייניקע אָרטיקע יידישע סאָציאַליסטן גערעדט מכּוח דעם ציל פון זיין קומען קיין ווילנע, אויסער דעם, האָט ער פאָרגעלייענט זיינע און פּרצעס שריפטן. געלט האָבן די פאַרזאַמלונגען געגעבן ניט פיל, אָבער אַ מאָראַלישן ערפאָלג האָבן זיי געהאַט אַ גרויסן. דאָס איז געווען די ערשטע דעמאָנסטראַציע פאַר דער נאָר־וואָס געבוירענער נייער יידישער ליטעראַטור. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט אין מינסק. דער אייגנטלעכער ציל פון זיין נסיעה האָט זיך פינסקין ניט איינגעגעבן. קיין פעסטן מאַטעריעלן באָדן פאַר פּרצעס אויסגאַבן האָט ער ניט געשאַפן. די באַוועגונג איז שוין דעמאָלט לפי־ערך געווען אויסגעוואַקסן. ווילנע איז פאַקטיש געוואָרן אַ צענטער, און די פירער פון דער דאָרטיקער באַוועגונג, די פּיאָנערן פון בונד, האָבן געפונען פאַר נייטיק צו נעמען די גאַנצע זאַך אין זייערע אייגענע הענט; וואָרעם סוף־כּל־סוף האָבן זיי אויף פּרצן ניט געקוקט ווי אויף אינגאַנצן אַן אייגענעם. זיין סאָציאַליזם איז פאַר זיי געווען ניט גענוג קלאָר, צו בעלעטריסטיש. אויף דער לעצטער פאַרזאַמלונג, וואָס איז צוליב פינסקיס קומען געמאַכט געוואָרן אין ווילנע, איז געגרינדעט געוואָרן אַ „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט“. זיין ציל איז געווען — פאַרשפּרייטן גוטע ליטעראַטור צווישן יידישע אַרבעטער, גרינדן יידישע אַרבעטער־ביבליאָטעקן אין דער פּראָווינץ און אַרויסגעבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ביכער אין יידיש.

אויב פאַר די פירער, וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט דאָס רוב געקוקט אויף יידישע שרייבער, ווי אויף האַלבע אינטעליגענטן, ישיבה־בחורים, איז פינסקיס אַראָפּקומען אין ווילנע געווען אַ „נייטיקע אַרבעט“, איז זי פאַר אונז, האַלבע אינטעליגענטן, געווען אַ יום־טוב. אָבער מען מוז זאָגן דעם אמת: אונזער יום־טוב איז אַרויסגעקומען ניט שטאַרק

יום־טובדיק. פון נאָענטן, אין פּערזענלעכע באַגעגענישן, האָט אויך אונז פּינסקי געמאַכט גאָר ניט דעם איינדרוק, וואָס פון וייטן, בעת מיר האָבן אים געקענט נאָר פון לייענען. בפרט, אַז אונז האָט אויסגעוויזן, אַז ער האַלט זיך מיט אונז, ווי אַ שעקספּיר מיט גימנאַזיסטלעך פון „פּריגאָטאָווּיטעלני" קלאַס. ווען ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז פּינסקי, און פלעגט אָנהייבן דערציילן פונם לעבן אין וואַרשע און אין ווין, פון פּריץ, ספּעקטאָר, ברייניַן, איז ער אונז געווען אינטערעסאַנט, און מיר האָבן זיך געפילט מיט אים גאַנץ גוט. אָבער באַלד פלעגט ער זיך דערמאָנען, אַז ער איז אַ שרייבער מיט אַ נאָמען, און פלעגט אָנהייבן אין אַ טאָן פון אויבן אַראָפּ זאָגן פאַרנעפּלטע תורה וועגן עטישן סאָציאַליזם, וועגן דער הייכער קונסט, און אונזער יום־טוב איז פאַרשטערט געוואָרן. און טאָמער האָט עמעצער געהאַט אַ העזה ניט מסכים צו זיין מיט אים, צו דערווידערן, פלעגט פּינסקי ווערן שטאַרק אויפגערעגט. איך געדענק, איך בין געווען ניט פאָרזיכטיק און האָב אַרויסגעזאָגט עטלעכע קריטישע באַמערקונגען וועגן זיין „רב שלמה"; האָט ער מיך אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן פון קאָפּ ביז די פיס און האָט אַרויסגעזייט טרוקן צווישן די ציין: „בעת שעקספּיר האָט אָנגעשריבן זיין „האַמלעט", האָט מען אים אויך ניט פאַרשטאַנען". אין מינסק איז אַפילו געקומען צו אַ שאַרפן קאָנפליקט צווישן פּינסקין מיט א. וואַלט און זיינע חסידים. גרייליך מעגלעך, אַז אין דעם אַלעמען איז געווען שולדיק ניט פּינסקי, נאָר מיר אַליין: אונזער יונגע נאַיווע היץ, וואָס האָט אַרומגערינגלט די קעפּ פון אונזערע באַליבטע שרייבער מיט אַ צו שטאַרקן שטראַלן־קראַנץ, אונזער קרענקלעכע אייגנליבע. פּינסקי איז נאָך דעמאָלט געווען אַזוי יונג, און מיר זיינען נאָך יינגער געווען.

דער ווילנער „זשאַרגאָנישער" קאָמיטעט האָט געהאַט אָפּטיילונגען אין מינסק, ביאַליסטאָק און אין אייניקע קלענערע שטעט. ער האָט עקסיסטירט ביז 1898. בראש פונם קאָמיטעט זיינען געשטאַנען פ. ראָזנטאַל (שפּעטער פ. אַנמאַן, פ. ראָל), חנה העלער (שפּעטער פרוי ראָזנטאַל), צילאַ קלים (שפּעטער פרוי גאָזשאַנסקאַ), צמח קאָפּלזאָן (טימאָפיי), באָריס לעווינזאָן (איצט אין אַמעריקע)

אין זיין שוועסטער בערטע (שפּעטער פּרוי סטאָן. מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן אין ניו=יאָרק). מיט זיי זיינען געשטאַנען אין ענגער פאַרבינדונג די פירער פון דער דעמאָלטיקער יונגער אַרבעטער=באַוועגונג: אַלכּסנדר קרעמער (אַרקאַדי), י. איזנשטאַט (יודין) און ליובע לעווינזאָן. טימאָפיי האָט אויך געהערט צו די פירער. איסער א. ראָזנבערג און אייניקע אַנדערע אַזוי=גערופענע האַלבע אינטעליגענטן (וואָס האָבן ניט באַקומען קיין סיסטעמאַטישע שול=בילדונג, געוועזענע ישיבה=בחורים), זיינען אַלע טוער געווען אַסימילירט, האָבן שלעכט גערעדט און כּמעט ניט געקענט לייענען אויף יידיש. אייניקע פון זיי האָבן זיך שטאַרק געמיט אויסצולערנען יידיש, אָבער דאָס איז זיי אָנגעקומען שווער. ליובע לעווינזאָן האָט געשריבן פּראָפּאַגאַנדע=בראָשורן פאַר אַרבעטער=קרייזלעך, אָבער איר שפּראַך איז געווען מער דייטש, ווי יידיש. איינע פון אירע געשריבענע בראָשורן, וואָס איז מיר געבליבן אין זכּרון, האָט געהייסן „די אַנטשטעהונג דער מאָדערנער בורזשואַזי“. א. קרעמער, אַ זון פון אַ מלמד אַ משכּיל, פון נאַטור אַ פאָלקס=מענטש, האָט זיך באַמיט צו ריידן יידיש, ווי „דאָס פאָלק רעדט“; אָבער ער האָט געמיינט, אַז דאָס הייסט איבערשיטן די רייד מיט זידל=ווערטער און קללות. ביי אונזער ערשטער באַגעגעניש האָט ער מיך מקבּל=פּנים געווען אין רוסיש בזה=הלשון: „איר זייט אַ זשאַרגאָניסט? איך קען שוין אויך ריידן זשאַרגאָן. איך וועל אייך באַלד זאָגן אַן אמתע זשאַרגאָנישע פראַזע“. און ער האָט מיר געזאָגט איבן אויער: „פגרן זאָלסטו מיט אַ חזיר אין איין טאָג“... אין דעם וואָרט זשאַרגאָן, אין דעם נאָמען ז ש אַ ר ג אָ נ י ש ע ר קאָמיטעט איז דעמאָלט ניט געלעגן קיין באַוואוסטזיניקע פאַראַכטונג. פּשוט, קיינעם פון אונז איז נאָך דעמאָלט ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס, וואָס די יידישע מאַסע רעדט, איז אַ שפּראַך. יידיש האָט עס דעמאָלט גערופן נאָר דאָס פאָלק, ווער ס'האָט פאַרמאָגט אַ שיין פון בילדונג, האָט עס גערופן זשאַרגאָן.

די טוער פונם „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט“ האָבן געקוקט אויף דער נייער יידישער ליטעראַטור נאָר ווי אויף אַ מיטל פאַר אַגיטאַציע; קיין ווערט אַליין פאַר זיך האָבן זיי איר ניט צוגעגעבן. און עס איז קיין חידוש ניט אויף די דאָזיקע העכער האַלב אַסימילירטע יונגע=

לייט. מיר ווייסן דאָך, אַז כמעט אַזוי האָט געקוקט אויף יידיש פּרץ אין דעם ערשטן באַנד פון זיין „יידישער ביבליאָטעק". אַזוי האָבן געקוקט די יידישע פּראָפּאַגאַנדירטע אַרבעטער אַליין.

די יידישע ביבליאָטעק, וואָס איך מיט מיינע חברים האָבן געגרינדעט אין האַרבסט 1893, האָט זיך שוואַך אַנטוויקלט. ניט געווען קיין געלט. האָב איך מיט אַ יאָר שפּעטער, אין האַרבסט 1894, פאַרגעלייגט די פירער פון דער רוסישער אַרבעטער-ביבליאָטעק, זיי זאָלן צונעמען אונזערע ביכער און גרינדן ביי זיך אַ יידישע אָפּטיילונג. די רוסישע אַרבעטער-ביבליאָטעק האָט אויך עקסיסטירט אומלעגאַל, נאָר מיט איר האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט די אינטעליגענטע יוגנט, און זי האָט געהאַט גענוג געלט-מיטלען. דאָס איז געווען די צייט פון אַברהם גאָרדאָנס (אַברהם ריעזשיק) אָפּאָזיציע, בעת די יונגע אַרבעטער-רייען האָבן זיך געטיילט אויף אָנהענגער פון אַנטוויקלונג פאַר איינצלנע אויסדערוויילטע יידישע אַרבעטער אויף רוסיש און אויף אָנהענגער פון אַגיטאַציע פאַר די ברייטערע יידישע מאַסן אין יידיש. ביידע צדדים האָבן געפירט אַ שאַרפן קאַמף פאַר דער אַרבעטער-ביבליאָטעק. פאַר דער אָפּאָזיציע איז די ביבליאָטעק געווען וויכטיק, ווייל דאָס איז דאָך אַנטוויקלונג, און אין רוסיש. די אָנהענגער פון אַגיטאַציע ווידער האָבן זיך געיאָגט נאָך דער ביבליאָטעק, ווייל זי איז געווען אַ פעסטע אינסטיטוציע, וואָס האָט צוגעצויגן די בעסערע אַרבעטער, פון וועמען מען האָט געהאָפט אויסצובילדן אַגיטאַטאָרן. חוץ דעם, האָבן זיי נאָך אַליין געקוקט מיט אַ באַזונדערן דרך-ארץ אויף אַ רוסישן בוך. די אָנהענגער פון אַגיטאַציע האָבן זיך באַציִיגן צו מיין פאָרשלאָג גאַנץ קאַלט, די אָפּאָזיציע — שאַרף געגנעריש, און איך בין שוין געווען זיכער, אַז מיין פאָרשלאָג וועט דורכפאַלן. פּלוצלונג האָט אַלטער דער קאַבאַשן-מאַכער, פון דער אָפּאָזיציע, אַן אינטעליגענטער אַרבעטער פון די ערשטע צוגעצויגענע, זיך אָנגערופן: „איך פאַרשטיי ניט, ווי קאָן מען זיין קעגן אַ יידישער ביבליאָטעק... דאָס איז דאָך אַנטוויקלונג. זאָל דער יידישער אַרבעטער דערפילן דעם טעם פון אַנטוויקלונג אין זשאַרגאָן, וועט ער באַלד איינזען, אַז ער קאָן דאָרטן ווייניק געפינען, און ער וועט נאָך שטאַרקער פאָדערן רוסיש". אַלטערס

וואָרט האָט געווירקט, און מיין פֿאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. איך מוז דאָ נאָך באַמערקן, אַז אויף יענער זיצונג פֿון דער ביבליאָטעק־קאָמיסיע האָבן אַלע אָנטיילנעמער גערעדט רוסיש.

עס זיינען געווען אַרבעטער־טוער, ביי וועלכע דאָס וואָרט זשאַרגאָן איז לויט אינערציע געבליבן אויף דער צונג אין אין געדאַנקען אַפֿילו עטלעכע יאָר נאָכדעם, ווי דער בונד האָט שוין געהאַט אָנגענומען זיין נאַציאָנאַלע פּראָגראַם. אַ מענטשן, וועלכער קען שרייבן יידיש, האָבן זיי גערופֿן „זשאַרגאָניסט". אין די יאַנואַר־טעג פֿון 1905 בין איך געקומען קיין וואַרשע „אַרבעטן". איך האָב מיטגעבראַכט אַ פֿאַרחתמעטן בריוו פֿונם צ. ק. די פֿאָרשטייערין פֿונם וואַרשעווער קאָמיטעט האָט געעפֿנט דעם בריוו, דורכגעלייענט און געזאָגט מיט אַ קאַלטן שמייכל אין רוסיש: מ'שרייבט מיר, אַז איר זייט אַ זשאַרגאָניסט. זייער גוט. מיר דאַרפֿן טאַקע איצט האָבן אַזאַ איינעם, וואָס זאָל קאָנען שרייבן לייכטע פּראָקלאַמאַציעס...

דער ערשטער, וואָס האָט אין דער לעגאַלער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד אָפֿן און קלאָר אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנקען, אַז יידיש איז אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך, איז, דוכט זיך, געווען אַברהם רייזען אין יאָרבוך „פּראָגרעס", וואַרשע 1899.

די געלט־מיטלען פֿון די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן זיינען לפֿי־ערך געווען קליין. זיי זיינען באַשטאַנען פֿון מיטגלידס־אָפּצאָלונגען און פֿון הכנסות פֿון אָוונטן, אויף וועלכע מען האָט געלייענט פּרץ און פּינסקין. דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט פֿלעגט מאַכן זיינע פֿאָרלעזונגען פֿאַר דער אינטעליגענטער יוגנט. אָבער אין דער זעלביקער צייט פֿלעגן פּרצעס און פּינסקיס זאַכן פֿאָרגעלייענט ווערן אויך פֿאַר אַגיטאַטאָרן־אַרבעטער און מען פֿלעגט זיי דערביי דערקלערן, ווי זיי זאָלן די דאָזיקע זאַכן אויסטייטשן פֿאַר ברייטע אַרבעטער־קרייזן לשם אַגיטאַציע. ביי אַ טייל פֿון דער יונגער אינטעליגענץ איז איין צייט געוואָרן אַ שטיקל מאָדע צו גיין אויף יידישע פֿאָרלעזונגען. אויף די פֿאָרלעזונגען פֿונם קאָמיטעט פֿלעגן אַמאָל פֿאַרבלאָנדזשען אַפֿילו יונגע חובבי ציון. דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט פֿלעגט צונויפֿשטעלן קליינע יידישע ביבליאָטעקן פֿאַר אַזעלכע קלענערע שטעט, ווי אָשמענע, סמאָרגאָן, לידע, וואו די אַרבעטער־באַוועגונג האָט ערשט אָנגע־

הויבן צו שפּראַצן. אָבער די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָט מען געווענדט אויף פאַרלעגערישער אַרבעט. דער קאָמיטעט האָט אין ווילנע איבערגעדרוקט אין באַזונדערע ביכלעך פּרצעס „שטרײַמל“ און פּינסקים „חיים משרת“, און האָט זיי פאַרקויפט דורך פּאַקנטרעגער צו 3 קאָפּיקעס. „באָנציע שווײַג“ האָט די ווילנער צענזור ניט דורכגעלאָזן. פּרצעס „יום־טוב־בלעטלעך“ האָבן סוף 1895 אויפגעהערט אַרויסצוגיין. ערשטנס, איז ניט געווען קיין געלט, צווייטנס, האָט די צענזור אָנגעהויבן קוקן מיט צו שאַרפע אויגן, אַזוי, אַז עס איז געוואָרן אוממעגלעך אײַנצוהאַלטן זייער פריערדיקן כאַראַקטער.

דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט גענומען זוכן אַן אַנדער פאַרלאַג, מיט וועמען זיך צו פאַרבינדן. אין 1895 האָבן א. קאַטיק און א. ברעסלער געעפנט אין וואַרשע אַ פאַרלאַג פון פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ביכלעך. די ערשטע צוויי ביכלעך, וואָס זיי האָבן אַרויסגעלאָזן, זײַנען געווען: פּאַוולאָוויטש „ווי האָבן מענטשן געלעבט מיט אייניקע טויזנט יאָר צוריק“ און קראַפּטשעווסקי „ערצײלונגען וועגן ווילדע מענטשן“, ביידע איבערגעזעצטע. בכלל האָט מען דעמאָלט געהאַלטן, אַז אָנהייבן אַנטוויקלען אַן אַרבעטער דאַרף מען ניט אַנדערש ווי פון ששת ימי בראשית; די ערשטע פאָרלעזונגען דאַרפן זײַן וועגן פּראַהיסטאָרישן מענטשן. אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט האָט מען, פאַרשטייט זיך, געלייגט אויף דעם פּראַהיסטאָרישן קאָמוניזם. די ערשטע צוויי ביכלעך פון דעם נייעם פאַרלאַג זײַנען געווען שלעכט אויסגעקליבן און נאָך ערגער איבערגעזעצט. אָבער די כוונה איז געווען אַ גוטע. א. קאַטיק איז געווען איינער פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן אין וואַרשע, פון די פּיאָנערן, ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט טימאָפּייען (צ. קאַפּלזאָן). און ווען דער ווילנער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן זײַן פאַרלעגערישע טעטיקייט, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט קאַטיקן (א. ברעסלער איז באַלד אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען פונם פאַרלאַג) אויף פאָלגנדיקע תנאים: ביכלעך ווערן באַשטעלט און רעדאַקטירט אין ווילנע; זיי ווערן געדרוקט אין וואַרשע אונטער דער פירמע „א. קאַטיקס אויסגאַבן“. פאַר די דריי יאָר, וואָס דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט עקזיסטירט, האָט ער אין קאַטיקס פאַרלאַג אַרויסגעגעבן פאָלגנ־

דיקע בּיכלעך: 1) סווידערסקי, אַרבּעט און קאַפּיטאַל, אַ פּאָפּו=
לערע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איבּערגעזעצט פון פּויליש. 2) חיה
זעלדעס — ווינטער=אָוונטן, .פּאָפּולער=וויסנשאַפטלעכע שמועסן איבּער
דעם צוזאַמענשטעל פון שטאָף, ערשטער אָוונט. 3) קודריאַווסקי —
אדם הראשונם דורות אָדער די פּאָרהיסטאָרישע צייט פון מענטשן
(מיט 14 צייכענונגען). 4) סיפּאָווסקי — סאָקראַטעס דער גריכישער
פילאָזאָף. 5) יאַנושעווסקי — וועגן לופט. 6) קוראָטשקין — פלאַנצן=לעבּן.
7) רובּאַקין — דער ווידע צייט און 8) חיה זעלדעס — ווינטער=אָוונטן,
צווייטער און דריטער אָוונט (די נומער 3—7 זיינען איבּערגעזעצט
פון רוסיש). די איבּערזעצונגען, וואָס דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט"
האָט אָפּגעדרוקט, זיינען געווען ניט אין ערך בּעסער, איידער די
ערשטע צוויי, וואָס קאָטיק און בּרעסלער האָבּן פריער אַרויסגע=
געבּן אויף זייער אייגענער אַחריות. אונטער פּסעוודאָנים חיה זעל=
דעס האָט זיך בּאַהאַלטן דער שרייבּער פון די דאָזיקע שורות. (חיה
האָט געזאָלט מאַכן ח. י. העלפאַנד און זעלדע האָט מען גערופן
מיין מאַמען. אין מיין ערשטן פּסעוודאָנים איז נאָך געלעגן אַ שטיק
ישיבה=בּחורישע בּטלנות). געווען דעמאָלט אין רוסיש זייער אַ פּאָ=
פּולער בּיכל „פּראָכטאַיע סלאָווא אָ מודריאָנאַי נאַוקע", שמועסן וועגן
כעמיע אין אַ האַלבּ בּעלעטריסטישער פאָרם מיט בּיישפּילן פונם
פּויערשן לעבּן. דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט האָט בּאַשטימט, אָנ=
שרייבּן אויף דער זעלבּיקער טעמע און אויך אין אַ האַלבּ בּעלע=
טריסטישער פאָרם אַ בּיכל אין יידיש. ווינטער 1895—1896 בּין איך
ווידער געווען אַ לערער אויף אַ ישוב בּיי אַ רייכן מילנער. איך
האָבּ מיטגענומען מיט זיך אַ צענדליק בּיכער וועגן דעם צוזאַמענשטעל
פון שטאָף און האָבּ דאָרטן אויפן מיל אָנגעשריבּן דאָס ערשטע בּיכל
„ווינטער אָוונטן", אומגעפער 2 אַ האַלבּ דרוק=בויגן. דאָס 2=טע
בּיכל (אומגעפער 4 אַ האַלבּ בויגן) איז אָנגעשריבּן געוואָרן אין
ווילנער פּאָליטישער טורמע, וואו איך בּין געזעסן פון יוני 1896
בּיז סוף מאַי 1897. בּיידע בּיכלעך זיינען אַרויס אין איין צייט,
זומער 1897. בּעת איך האָבּ געשריבּן די „ווינטער אָוונטן", איז
מיין אַמבּיציע געווען: אָנשרייבּן אַ זאַך, וואָס זאָל שטיין ניט ני=
דעריקער פון בּן=אריהס „אַ וועלט מיט וועלטעלעך". און שפּעטער

בעת דאָס ביכל איז אַרויס, האָט מען מיר די גרעסטע שמחה פאַרשאַפט, ווען מען האָט געזאָגט: אייערע „ווינטער-אָוונטן" זיינען אַ צווייטע „וועלט מיט וועלטעלעך". בעת דער מאַנוסקריפּט פונם ערשטן ביכל איז געווען ביי קאָטיקן, האָב איך באַקומען אַ גרויסן בריוו פון פּרצן, אין רוסיש. ער האָט געלויבט מיין ביכל, ער האָט מיר אָבער געראָטן איבער־צומאַכן איין אָרט. אינם ערשטן קאַפּיטל, וואו דער לערער גורסקי באַווייזט זיינע צוהערער די גרויסע באַדייטונג פון וויסנשאַפט, זאָגט אַ יידישער קאַראַבייניק מיט שפּאָט: „וואָס פאַר אַ נייעס קאָן זי אויפטאָן. אייער וויסנשאַפט? שלמה המלך האָט דאָך שוין לאַנג געזאָגט: „אין כל חדש תחת השמש" — ניטאָ קיין נייס אויף דער וועלט". דער לערער גורסקי ענטפערט מיט אַ לאַנגער רעדע, וואָס איר קורצער אינהאַלט איז: „בעת מען דערווייזט אייך עפּעס מיט שכל, מיט לאָגיק, זאָלט איר ניט פרעגן קיין קשיות פון פסוקים און גמרות. די פסוקים און גמרות זיינען אויך אָפט סותר איינע די אַנדערע. און מען קאָן ניט אָפּפרעגן דעם שכל פון היינט מיטן שכל, וואָס מענטשן האָבן געהאַט מיט טויזנטער יאָרן צוריק". פּרץ האָט געפאָדערט, איך זאָל דערקלערן דעם „פסוק אין כל חדש תחת השמש" אין זינען פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. דאָס הייסט, די אייביקייט פון שטאָף און ענערגיע. ווי גרויס מיין אַכטונג צו פּרצן איז ניט געווען, האָב איך זיך דאָך דערפון אָפּגעזאָגט. ערשטנס, האָב איך געפונען, אַז איך קאָן ניט שוין אין ערשטן קאַפּיטל געבן דעם לעזער אַזאַ האַרבן באַגריף, וואָס ער וועט אים אפשר קאָנען באַנעמען ערשט נאָך דעם, ווי ער וועט דורכלייענען דעם גאַנצן ביכל. צווייטנס, האָב איך געהאַלטן פאַר אומגלעך אַריינצולייגן אינם פסוק פון קהלת אַזאַ מאָדערנעם אינהאַלט, וואָס דער אַלטער פאַרצייטיקער מחבר האָט בשום אופן ניט געקאָנט מיינען. איך האָב ניט געוואָלט, ביים לעזער זאָל בלייבן דער פאַלשער איינדרוק, אַז אַלץ, וואָס די וויסנשאַפט האָט דערגרייכט אין אַ משך פון טויזנטער יאָרן, ליגט שוין פאַרבאָרגן אין אונזער אַלטער תורה. אויף אַזוי פיל בין איך שוין דעמאָלט פון די משכילישע וויקעלעך אַרויס.

ווען די ווינטער-אָוונטן איז געווען דערמאָנט אין אַ לייט-אַרטיקל אין „המליץ", געשריבן פונם רעדאַקטאָר איש יהודי (לעאָן ראַבינאָוויטש)

אַליין. ער האָט געהאַט שטאַרקע טענות צו די נייע זשאַרגאָנישע שרייבער בכלל און צו מיר בפרט, פאַרוואָס מיר גיבן די דינסט-מיידלעך דאָס, וואָס זיי דאַרפן ניט. וויל מען צוניץ קומען אַ יידיש דינסט-מיידל, האָט ער געשריבן, דאַרף מען איר לערנען, אַז אויב זי קאָכט מיטאָג און זי וויל האָבן אַ גוטע קרעפטיקע פליישיקע זופּ, דאַרף זי אַריינלייגן דאָס פלייש אין טאָפּ, גלייך ווי זי שטעלט אים צום פייער, בעת דאָס וואַסער איז נאָך קאַלט, וועט דאָס פלייש זיך ביסלעכווייז קאָכן מיטן וואַסער צוזאַמען און וועט אַרויסגעבן אַלע זיינע זאַפטן. אויב ווידער זי איז אויסן ניט קיין קרעפטיקע זופּ, נאָר געשמאַקע זאַפטיקע פלייש, דאַרף זי אַפריער אויפזידן דאָס וואַסער און ערשט נאָכדעם אַריינלייגן דאָס פלייש. פון דעם זודיקן וואַסער ווערט אַרום דעם פלייש אַ מין שטייפער שאָלאַכץ, און כמעט נאָר די זאַפטן בלייבן אינעווייניק. אָט דאָס וועט דער דינסט-מיידל צוניץ קומען; אָבער צו וואָס דאַרף זי וויסן וועגן אַטאָמען און מאָלעקולן? צו וואָס טויגן איר פיזיקע און כעמיע?

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַזוי לאַנג אויף מיינע „ווינטער-אָוונטן“, ניט ווייל דאָס ביכל איז עס ווערט, נאָר ווייל מיר דוכט, אַז דאָס, וואָס איך האָב דערציילט, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט.

האָנאָראַר האָב איך באַקומען 60 רובל. שפּעטער, בעת אַלע קאָטיקס אויסגאַבן זיינען געוואָרן דאָס אייגנס פון לידסקיס „פּראָגרעס“, האָט לידסקי עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט מיין ביכל (דוכט זיך, 6 מאָל), אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געהאַלטן פאַר נייטיק ניט זיך מיישב צו זיין זיך מיט מיר וועגן איבערמאַכן און באַנייען דאָס ביכל, ניט צו באַצאָלן מיר האָנאָראַר פאַר די שפּעטערדיקע אויסגאַבן. דאָס ביכל איז שוין איצט שטאַרק פאַרעלטערט; עס איז לכתחילה אויך געווען צופיל צעקייט און איבערגעחזרט, נאָר ווייל קיין אַנדער ביכל פון דעם מין איז אין יידיש ניט געווען, פלעגט מען די „ווינטער-אָוונטן“ באַנוצן אין אָוונט-שולן פאַר אַרבעטער נאָך ביזן אָנהייב פונם וועלט-קריג.

אין זשאַרגאָנישן קאָמיטעט איז די אַרבעט די ערשטע צייט געווען איינגעטיילט אַזוי: מיט דער פאַרלעגערישער און אָרגאַניזאַטאָרישער

אַרבעט איז געווען פאַרנומען דער עיקר פּ. ראָזנטאַל, מיט פאַרשפּרייטן—צילע קלים און א. ראָזנבערג. זומער 1896 זיינען קיין ווילנע געקומען פון וויטעבסק ראובן אַמסטערדאַם און חאַצקיל אוסישקין. אַמסטערדאַם איז געווען זייער פּאָפּולער ביי דער יוגנט פון וויטעבסקער און מאָהילעווער גובערניע. ער האָט אָנגעהויבן אַלס משכיל, איז שפּעטער געוואָרן אַ חובב ציון, דערנאָך אַ אחד=העמיסט; אין מיטן די ניינציקער יאָרן איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט. זיין וועלטאָנשויונג איז געווען אַ געמיש פון השכלה, חיבת ציון און סאָציאַליזם, אַ געמיש, וואָס האָט זיך נאָך ניט אָפּגעשטאַנען, ניט סינטעזירט. די, וואָס האָבן אַמסטערדאַמען געקענט נאָענט, האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן אידעאַליסט, פאַר אַן אויפריכטיקער נשמה. מער ווי אַליץ, איז ער געווען אַן „אַנטוויקלער", אַ רודין. וואו ער איז געגאַנגען און וואו ער איז געשטאַנען, האָט ער עפּעס געפּריידיקט, פאַר עפּעס אַגיטירט. אין ווילנע האָט ער צווישן די יידישע סאָציאַליסטן די ערשטע צייט קיין גרויסע ראָלע ניט געקאָנט שפּילן: דאָרטן זיינען שוין געווען אַזעלכע מענטשן, ווי אַלכסנדר קרעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי. און דאָך איז אַמסטערדאַמס קומען געווען קענטיק. ניט געהאַט קיין קלאָרע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, אַפילו ניט פאָרגעפילט אַזעלכע, האָט דאָך אַמסטערדאַם אַריינגעטראָגן אין די ווילנער יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן אַ סך יידישע שטימונגען. מיט אַ באַזונדער ענערגיע האָט ער זיך אָפּגעגעבן דעם זשאַרגאָנישן קאָמיטעט, וויל דאָ האָט ער זיך געפילט, ווי אין דער היים. זיין ראָלע איז אָבער דאָ אויך געווען מער אַ אידעישע, ווי אַן אַקטיוו=פּראַקטישע. אַנדערש איז געווען אוסישקין. דאָס איז געווען אַן ענערגישע נאַטור. בעת ער איז געוואָרן אַ חובב ציון, האָט ער אויף זיך גענומען גיין צופוס קיין פּאַלעסטינע. כדי זיך צוצוגעוויינען צו דער לאַנגער נסיעה, פלעגט ער איין צייט גיין צופוס פון וויטעבסק אין די נאָענטע שטעטלעך, און ער האָט עס געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ער האָט געקאָנט גיין 40 ווערסט אַ טאָג. געוואָרן אַ סאָציאַליסט, האָט ער באַלד זיך אָנגעהויבן לערנען אַ מלאכה, „אַריין אין פעל פונם אַרבעטער". אין ווילנע ווערט ער אַ מיטגליד פונם זשאַרגאָנישן קאָמיטעט און נעמט אויף זיך צו

פֿאַרשפּרייטן די נייע ביכלעך אויפֿן אַלטן שטייגער. ער ווערט אַ פּאַקן-טרעגער, טראָגט אַרום פּאַרקויפֿן די נייע יידישע ביכלעך אויפֿן שול-הויף און איבער די וואַרשטאַטן. שפּעטער פּרוווט ער גיין מיט אַ קאָרב ביכער איבער די קליינע שטעטלעך, וואָס אַרום ווילנע. זיין אויפֿטו האָט פֿאַרכאַפּט די פֿאַנטאַזיע פֿון דער אינטעליגענטער יוגנט, און דער „קניגאָ-נאָשאַ“ איז ביי זיי געוואָרן אַ מין לעגענדע.

פֿאַרשפּרייטן יידישע ביכלעך איז אין פֿלוג געווען אַ גאַנץ לעגאַלע זאַך; אָבער אַזוי ווי דאָס האָבן געטאָן סאָציאַליסטן, האָט עס שוין אין יענער צייט ממילא באַקומען אַן אומלעגאַלן כאַראַקטער. די אַרבעט איז נישט געווען אָפּגעגרענעצט פֿון דער אומלעגאַלער טעטיקייט, וואָס די זעלביקע מענטשן האָבן געטאָן. ווען פֿון דער פּראָווינץ איז עמעצער געקומען קיין ווילנע נאָך אומלעגאַלער ליטע-ראַטור אָדער נאָך אָנווייזונגען פֿון צענטער, פֿלעגט ער שוין פֿאַר איין גאַנג אַריינגיין אין זשאַרגאָנישן קאָמיטעט נאָך לעגאַלע ביכלעך. אייב נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען אַ שפּיאָן, האָט יענער צונויפֿגעמישט די דיה"ת און די מענטשן אין איין חשד. אָפֿט פֿלעגט מען ביידע סאָרטן ליטעראַטור אָפּשיקן אויף די זעלביקע אַדרעסן. עס האָט אַפֿילו געטראָפֿן, אַז מען האָט זיי אָפּגעשיקט אין איין פּעקל. חוץ דעם, האָבן זיך אין יענער צייט שוין אָנגעהויבן אָפֿטערע הויז-זוכונגען און אַרעסטן, און די זשאַנדאַרמעריע האָט געוואָרפֿן אַן אויג אויף דעם, וואָס ביי די יידישע פֿאַרדעכטיקע אַרבעטער געפֿינט מען כמעט שטענדיק לעגאַלע יידישע ביכלעך פֿון אַ געוויסן מין. דאָס אַלץ האָט סוף-כל-סוף געמוזט ברענגען צו אַ דורכפֿאַל.

אין דעצעמבער 1896 איז געקומען פֿון וויטעבסק קיין ווילנע נאָך יידישע ביכלעך איינער מענדעלעוויטש. ער איז פֿאַרפֿאָרן אין אַ האָטעל. און אין איין ווינטער פֿאַרנאַכט, ווען ביי אים אין צי-מער זיינען געזעסן זיינע לאַנדסלייט און הברים אַמסטערדאַם און איסישקין, איז פּלוצלונג אָנגעקומען די זשאַנדאַרמעריע און האָט זיי אַלעמען אַרעסטירט. גראָד אין יענעם מאָמענט איז אין האָטעל געקומען מיט אַ פּעקל ביכלעך פֿאַר וויטעבסק א. ראָזנבערג, איז ער אויך אַריינגעפֿאַלן. די זעלביקע נאַכט איז אַרעסטירט געוואָרן ביי זיך אין וואוינונג צילע קליס, און ביי איר האָט מען געפֿונען

באַשטעלונגען, געלט-חשבונות און אַ ריי אַדרעסן פון דער פראָווינץ. מענדעליעוויטש איז געזעסן נאָר אַ האַלב יאָר. די איבעריקע אַרעסטירטע האָט די זשאַנדאַרמעריע אָנגענומען פאַר וויכטיקע פאַרברעכער און האָט זיי געהאַלטן אונטערן שלאָס אָנדערטהאַלבן יאָר. דערנאָך האָט מען זיי אַרויסגעשיקט אויף דריי יאָר אין קליינע שטעטלעך פון מאָהילעווער און וויטעבסקער גובערניע אונטער פאָליציי-אויפזיכט. אויף אַמסטערדאַמען האָט די טורמע זייער שלעכט געווירקט. ער איז געוואָרן טויבלעך, נערוועז. אינם קליינעם שטעטל, וואו מען האָט אים פאַרשיקט, איז ער דערטרונקען געוואָרן בעתן באָדן זיך. אוסישקין און קלים האָבן שפעטער געאַרבעט אין בונד.

נאָך דעם אַרעסט האָט זיך די אַרבעט פונם זשאַרגאָנישן קאָמיטעט ניט אָפגעשטעלט. עס איז געוואַקסן די אומלעגאַלע אַרבעטער-באַוועגונג און צוזאַמען מיט איר איז געוואַקסן די נויט אין אַ לעגאַלן יידישן בוך. אין יאָר 1897 האָט דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט געפונען פאַר נייטיק צו עפענען אין ווילנע אַן אייגענע בוך-קראָם. דאָס איז אָנגעקומען שווער. מען האָט געדאַרפט געפינען אַ מענטשן, וואָס זאָל געבן זיין כשרן נאָמען אויף אַ האַלב טריפה זאַך. אויפן ווילנער שול-הויף אונטער דער קברנישער שול, לעבן שבעה קרואים, האָט איינער אַן עלטערער ייד, סווענציאַנער, געהאַלטן אַ קליין ספרים-קרעמל, וואו ער האָט פאַרקויפט מזוזות, לוחות, ציצית און סידורים. סווענציאַנערס טאָכטער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט די סאָציאַליסטן, האָט מען פאַר געלט געהאַלטן די ביכער פונם זשאַרגאָנישן קאָמיטעט ביי סווענציאַנערן אין קראָם און פאַר איין גאַנג שוין ביי אים אין שטוב אויך. אין סווענציאַנערס קרעמל גופא האָט מען ווייניק פאַרקויפט. קונים פלעגן אַהין קומען נאָך אַ מזוזה, ניט נאָך אַ ביכל. אָבער דאָס איז געוואָרן אַ כשרער צענטער, וואו מען האָט זיך געקאָנט טרעפן מיט אַ מענטשן פון פראָווינץ: פון דאָרטן האָט מען געקאָנט פונאַנדערשיקן פעקלעך. אַמאָל פלעגט אַהין אַריינקומען אַ געוויינלעכער פאַקן-טרעגער, וועלכער האָט שוין געוואוסט, אַז אויף דער נייער סחורה געפינען זיך בעלנים און מען קאָן פון דעם אַמאָל פאַרדינען ניט ערגער, ווי פון די אַלטע מעשה-ביכלעך. צו יענער צייט האָט דער

זשאַרגאָנישער קאָמיטעט שוין געהאַט אַ געצאָלטן אָנגעשטעלטן, דאָס איז געווען דער איבנדערמאָנטער דוד גילדענבלאַט. איצט איז ער אַ דאַנטיסט אין דוכראָוונע אָדער אין ליבאַוויטש (רוסלאַנד).

אין די יאָרן 1895—1898 איז אין בערלין געווען אַ קרייז יידישע סטודענטן פון רוסלאַנד. געווען צווישן זיי ציוניסטן-דעמאָקראַטן, וואָס האָבן געהאַלטן פון יידיש, למשל, אי. עליאַשעוו (דער שפּעטערדיקער בעל-מחשבות); געווען צווישן זיי אויך סאָציאַליסטן. אויף איניקע פון דעם דאָזיקן קרייז האָט געהאַט אַן איינפלוס י. אייזנשטאַט, בעת ער האָט אין 1895 יאָר געוואוינט אין בערלין. סוף 1895 האָט זיך אין בערלין באַזעצט דוד פּינסקי און ער איז געווען נאָענט פאַרבונדן מיט דער דאָרטיקער רוסיש-יידישער סטודענטנשאַפט. אין דעם קרייז איז אַריין י. דאַווידסאָן, שפּעטער אַן איסקראָוועץ, אַן אַסימילאַטאָר *), צו יענער צייט אַ סאָציאַליסט, וואָס האָט זיך נאָך ניט אינגאַנצן באַפרייט פון חיבת-ציון-שטימונגען. ער איז געווען פאַרבונדן מיט די ווילנער יידישע סאָציאַליסטן בכלל און מיט דעם זשאַרגאָנישן קאָמיטעט בפרט. אין יאָר 1898 האָבן דאַווידסאָן, פּינסקי און נאָך איניקע סטודענטן פון דעם בערלינער קרייז געגרינדעט אַ יידישע פאַרלעגערישע גרופּע „צייט-גייסט".

פערזענלעך בין איך מיט דער גרופּע „צייט גייסט" ניט געווען פאַרבונדן. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַרויסגעשיקט קיין קאַטערינאָסלאַוו אונטער פּאָליציי-אויפזיכט און פלעג קומען קיין ווילנע זעלטן. אויף וויפיל איך ווייס, האָט די גרופּע „צייט-גייסט" געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן אין ליטע. פאָרמעל

---

*) אונטער די פסעוודאָנימען „יעוורײ" און ק. ק. געשריבן אין „איסקרא" און „זאריא" ארטיקלען קעגן דער נאציאָנאַלער פּראָגראַם פון בונד. צוליב זיין פסעוודאָנים „יעוורײ" האָט מען אים אין די בונדישע קרייזן גערופן „דער ייד פון איסקרא". אין 1919 — 20 פלעג איך זיך מיט אים טרעפן אין קיעוו אין די מענשעוויסטישע קרייזן. ער איז געבליבן אַן אַסימילאַטאָר און אין די זכרונות וועגן דעם אָנהייב פון דער יידישער ארבעטער-באַוועגונג, וואָס ער האָט פרילינג 1920 אין אַ געבראָכענעם יידיש געלייענט אין לאָקאַל פון דער קיעווער קולטור-ליגע, האָט ער זיך ארויסגעזאָגט בפירוש קעגן אונזער ביידער קולטור-באַוועגונג. ער איז געשטאָרבן אין קיעוו אין 1923.

זיינען די פֿאָרשטייער פֿון די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן געוואָרן אַגענטן פֿון דער פֿאַרלעגערישער פֿירמע „צייט־גייסט". יעדער אַגענט האָט באַקומען אַ קוויטאַריום מיט טאַלאָנען אויפֿצונעמען באַשטעלונגען און האַנט־געלט. דאָס האָט גענוצט כּשרן די פֿאָרשטייער פֿון די קאָמיטעטן אין די אויגן פֿון דער רוסישער פּאָליציי. צי האָט די מגילה עפּעס געהאָלפֿן, ווייס איך ניט. אין פֿאַרלאַג „צייט־גייסט" זיינען אַרויס פֿאָלגנדיקע ביכלעך (דעם סדר געדענק איך ניט אַקוראַט): די לערע פֿון לעבן (פֿיזיאָלאָגיע) באַאַרבעט נאָך לונקעוויטש און אַנדערע דורך ד. מאָרדפֿיין (פּסעוודאָנים פֿון דוד פּינסקי) ערשטער שיעור: דאָס בלוט איז דאָס האַרץ. י. דאַווידזאָן—„די אייביקע מלחמה אין דער נאַטור, אַ פּאָפּולאַריזאַציע פֿון דאַרווינס שיטה וועגן קאַמף פֿאַרן לעבן; דער זעלבער מחבר האָט אָנגעשריבן נאָך אַ ביכל: „די נאַטור איז די בעסטע שדכנטע" (אַ פּאָפּולאַריזאַציע פֿון דאַר־ווינס געשלעכטלעכן אָפּקלייב). איך ווייס ניט, פֿאַרוואָס יענס ביכל איז ניט געדרוקט געוואָרן. ד. פּולס (פּסעוודאָנים פֿון ד. פּינסקי)— די אָפֿן, באַאַרבעט נאָך בּרעם. ד. פּינסקי—דראַבקין און ערב יום־יום־כּפּור, צוויי ערציילונגען. די לערע פֿון לעבן: צווייטער שיעור, דאָס עסן־פֿאַרדייען. די לערע פֿון לעבן, דריטער שיעור: דאָס עטע־מען. יעדער ביכל האָט געהאַלטן פֿון 40 ביז 80 זייטן און האָט געקאָסט פֿון 10 ביז 20 קאָפּיקעס. די ביכלעך האָבן זיך געדרוקט אין בערלין, נאָר כּדי מען זאָל זי מעגן פֿאַרשפּרייטן אין רוסלאַנד, האָט מען זיי אַפֿריער דורכגעפֿירט דורך ווילנער צענזור.

אין 1898 איז די גאַנצע אַרבעט פֿונם ווילנער זשאַרגאָנישן קאָמיטעט איבערגעגאַנגען צו זיין אָנגעשטעלטן קלמן קראַפּיווניקאָוו. געבוירן ביי אָרעמע עלטערן, פֿרי אַ יתום געוואָרן, געלערנט אין ווילנער ישיבֿות, געהונגערט, אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן, האָט ער צו 15 יאָר געשריבן העבּרעיִשע שירים, און די ווילנער חובֿבֿי ציון האָבן זיך מיט אים געצאַצקעט, ווי מיט אַ ציקונפֿטיקן העבּרעיִשן פּאָעט. זיי האָבן אים געשטיצט, און דערפֿאַר האָבן זיי געפֿאָדערט דאַנקבאַרקייט און „אָנשטענדיקע אויפֿפֿירונג". קלמן איז געווען אַ יינגל אָן עקשן, מיט אַ קראַנקער אייגנליבע. די באַציִונג צו זיינע בעלי־טובֿות האָט אים טיף באַליידיקט און ער פֿלעגט אָפֿט זיין

מיט זיי גראַב, צערייצט, ווי אַ קליינע חיה. צו 16 יאָר איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט. ער האָט אָנגעהויבן זיך דרייען צווישן אַר־בעטער — איז אויך געווען אַ לערער אויף אַ ישוב, דערנאָך איז ער געוואָרן אַ פּאַפּיראָסן־מאַכער. אָבער ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די פאַבריק, ווייל ער איז געווען זייער שטאַרק קורצזיכטיק. ער האָט געשריבן יידישע לידער, און די אַרבעטער האָבן אים גערופן דער פּאָעטיק. זיינע לידער זיינען קיין מאָל ניט געדרוקט געוואָרן. זיי פלעגן אומגיין געשריבענע פון האַנט צו האַנט. קיין גרויסן ווערט האָבן זיי ניט געהאַט. ביי מיר אין זכרון האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָר פאָלגנדיקע 4 שורות:

איך גלויב ניט אין גאָט, אין מלאכי השלום,
איך גלויב ניט, איך גלויב ניט אין קיינעם אויף דער וועלט.
איך גלויב נאָר אין שדים, איך גלויב אין טייוואָלים,
איך גלויב נאָר אין רוחות, איך גלויב נאָר אין געלט.

די שנאה צו זיינע אַמאָליקע בעלי־טובהניקעס, די חובבי־ציון, האָט אין קלמנען איינגעפלאַנצט אַ שטאַרקן האַס צו העברעיש. ער ווערט אַ חסיד פון פרצעס בלעטלעך און הייבט אָן זיי ענערגיש צו פאַרשפרייטן.

קלמן איז געווען זייער אַן אַקטיווע נאַטור, אַ הייסער טעמפּע־ראַמענט מיט דעספּאָטישע נייגונגען. זיין ענערגיע איז געווען ניט קיין רויקע און גלייכמעסיקע, נאָר אַ טומלדיקע, אַ שפּרינגענדיקע. אַרבעטן קאָלעגיאַל איז פאַר אים געווען כמעט אוממעגלעך. ער האָט אַ פולע אויפגעטאָן; אין אַליך, צו וואָס ער האָט זיך גענומען, האָט ער אַריינגעטראָגן אַ סך איניציאַטיוו, אָבער אויך אַ סך צע־וואָרפנקייט און דעזאָרגאַניזאַציע. די חברים האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן, אָבער זיי האָבן אים ניט ליב געהאַט און געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם, און זיין אַרט אַרבעטן האָט מען אין ווילנע אַ נאָמען געגעבן קלמניזם. די באַציִונג פון די חברים האָט אים שטאַרק געקרענקט, און ער האָט זיך געפילט גליקלעך, ווען ער האָט גע־זען, אַז ער איז זיי נייטיק, אַז זיי קאָנען אָן אים ניט אויסקומען. סוכות 1899 בין איך געווען אין ווילנע. קלמן האָט זיך מיט מיר פונאַנדערגערעדט וועגן זיין ראָלע אין דער באַוועגונג; „איר ווייסט,

ווער קלמן איז איצט? דער ווילנער קאָמיטעט פון בונד טוט קיין זאַך ניט אָן קלמנען. קלמן איז דער פירער פון די ווילנער פריקאַזטשיקעס. קלמן פאַרשפּרייט די נייע יידישע ביכער איבער גאַנץ ליטע. קומט עמעצער פון פּראָווינץ, צו וועמען גייט ער אַריין? צו קלמנען. וואַרט, קלמן וועט נאָך ווערן דער פירער פון ווילנער קאָמיטעט פון בונד; איר וועט באַלד הערן פון אים, ווי פון אַ גרויסן אָראַטאָר. איר ווייסט דען, וואָס קלמן איז?" איך האָב געענטפערט: „אויב קלמן רעדט אָפט אין אַזאַ טאָן, פאַרשטיי איך, פאַרוואָס מ'האָט קלמנען ניט ליב". ער איז אין כעס געוואָרן. צווישן די ווילנער אַרבעטער-טוער פלעגט מען טאַקע מיט חוזק איבערחזרן: קלמן דער אָראַטאָר, קלמן דער אַגיטאַטאָר, קלמן דער אָרגאַניזאַטאָר...

אין דעם ענין פון פאַרשפּרייטן יידישע ביכער האָט קלמן אויך אַריינגעטראָגן אַ סך טעמפּעראַמענט און ברייטקייט. אים האָט זיך איינגעגעבן צו עפענען אויף הקדש-גאַס אַ יידישע בוך-קראָם אויפן נאָמען פון אַברהם גאַסעלניק. גאַסעלניק איז געווען אַן אָנגעזעענער בוכהאַלטער, מיט אַ רעפּוטאַציע פון אַ כשרן לייטישן מענטשן, הגם אין דער אמתן איז ער געווען אַ בונדיסט, און האָט מיטגעפילט דעם ושאַרגאָנישן קאָמיטעט. גאַסעלניקס קראָם איז געוואָרן אַ צענטער פונם נייעם יידישן בוך. פון דאָרטן האָט זיך פאַרשפּרייט אַלץ מער אָדער ווייניקער אינטערעסאַנטס, וואָס איז אַרויס אין רוסלאַנד און אין אַמעריקע.

אַ גרויסן חלק אין אָרגאַניזירן דאָס לעגאַלע בוך-געשעפט האָט געהאַט באָריס קלעצקין, וועלכער האָט מיט מיר צוזאַמען געגרינדעט די אייבנדערמאָנטע יידישע אַרבעטער-ביבליאָטעקל אין ווילנע. שפּעטער אַ ביסל איז ער כמעט אין איין צייט מיט מיר אַריין אין די סאָציאַליסטישע קרייזן. ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם „ושאַרגאָנישן קאָמיטעט" און האָט אים ענערגיש געשטיצט מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. צוליב זיין פאָטערס געשעפטן פלעגט אים אויסקומען אַרומצופאָרן איבער די שטעטלעך פון ווילנער גובערניע; פלעגט ער דאָרטן פאַרשפּרייטן די נייע ביכלעך, זוכן אָנהענגער, אַגיטירן. אין די יאָרן 1895—1899 און שפּעטער איז

קלעצקין געווען ענג פאַרבונדן מיט אַלע אונטערנעמונגען, וואָס זייער צוועק איז געווען אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן לעגאַלע יידישע ליטע־ראַטור פאַר אַרבעטער. בעת מ׳האָט דעם ענין געדאַרפט לעגאַליזירן, עפענען אַן אייגענע בוכהאַנדלונג, איז קלעצקין געווען דער, וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן און האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער פּראַקטישער דורכפירונג.

איין צייט האָט גאַסעלניקס ביכער־געשעפט געבליט. אָבער די אַרבעטער־באַוועגונג איז שטאַרק געוואַקסן. איבער די אָפטע אַרעסטן זיינען די רייען פון אינטעליגענטע טוער געוואָרן שיטער. און די וואָס זיינען געבליבן, זיינען אינגאַנצן אַוועק אין דער אונטערערדישער אַרבעט, אויף שאַפן און פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור, אויף אָרגאַניזירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף א. ד. גל. קלמן גופא האָט אָר־גאַניזירט אין ווילנע אַן אומלעגאַלן פאַראיין פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, און דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין ענערגיע. ווינטער 1900—1901 האָט דער פאַר־איין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, לויט קלמנס איניציאַטיוו, געעפנט אין ווילנע אויף רודניצקער גאַס אַן אייגענע גאַר־קיך, וועלכע איז פאַקטיש גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סאָציאַליסטישן קלוב. קלמן פלעגט פאָרן אין אַנדערע שטעט פון ליטע צו גרינדן דאָרטן אויך פאַראיינען פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע. ער האָט געהאָלפן צונויפ־רופן אין דווינסק אַ קאָנפערענץ פון די דאָזיקע פאַראיינען. אויף דער קאָנפערענץ איז געלייגט געוואָרן אַ גרונדשטיין פאַר אַ פאַר־באַנד פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, לויט דעם מוסטער פון דעם בערשטער־בונד. קלמן איז אַוועק מיט קאָפּ, לייב און לעבן אין דער אומלעגאַלער באַוועגונג. אין אים האָט זיך אַנטדעקט אַ באַדייטנדיקער רעדנער־טאַלאַנט און ער האָט ווינטער 1900—1901 אָרגאַניזירט עטלעכע דיספּוטן מיט די דעמאָלטיקע פיאָנערן פון דעם פועלי־ציוניזם: האַלפּערין, בערגער און סראָלאָוו. די אַרבעט אין בוך־געשעפט האָט ער פאַרלאָזן. קיין זשאַרגאָנישער קאָמיטעט איז שוין לאַנג ניט געווען. די אַלטע מיטגלידער זיינע זיינען זיך צע־פאָרן, אָדער מען האָט זיי אַרעסטירט און פאַרשיקט. קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען. גאַסעלניקס געשעפט האָט זיך געהאַלטן אויף

זיך אַליין. צו ביסלעך האָבן געאַרבעט שמואל פּערסאָן, ד. לעווין און א. גאַסעלניקס ייִנגערער ברודער. אָבער זיי האָבן קיין גרויסע אַקטיווקייט ניט אַרויסגעוויזן. חוץ דעם, האָבן די ערשטע צוויי אָפּגעגעבן אַ סך צייט דער אומלעגאַלער באַוועגונג, און דער דריטער איז נאָך געווען צו יונג. דער געשעפט האָט ניט געלעבט, ער האָט זיך געשלעפּט. אין פרילינג 1901 איז געקומען זובאַטאָוו און האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין לאַנגער גסיסה.

ווי אַמאָל דער זשאַרגאָנישער קאָמיטעט, אַזוי איז שפּעטער גאַסעלניקס בוך-געשעפט קעגן דעם ווילן פון זיינע גרינדער און פירער געוואָרן אַ צענטער פאַר אומלעגאַלער אַרבעט. דאָס איז דאָך געווען אַ כשרער אָרט, פלעגט מען דאָרטן אָפּשטעלן צוזאַמענטרעפענישן. דאָס איז געווען אַ כשרער אַדרעס, פלעגט מען אַהין צושיקן בריוו וועגן אָרגאַניזאַציע-ענינים. אַהין פלעגן קומען חברים פון דער פּראָווינץ זיך דערוויסן, וואו און ווען מען קאָן זען דעם אָדער יענעם נייטיקן מענטשן. זיי פלעגן אָפט פון וואָקזאַל אַראָפּגיין צו גאַסעלניקן אין קראָם. און דער כשרער אָרט איז טריף געוואָרן. ער איז געוואָרן אַ צענטער פון שפּיאָנאַזש. אין פרילינג 1901 האָט זובאַטאָוו געמאַכט גרויסע אַרעסטן אין גאַנצן ראַיאָן פון בונד, און מער ווי אומעטום אין ווילנע. דעמאָלט זיינען אַרעסטירט געוואָרן קראַפּיווניקאָוו און פּערסאָן. לעווין איז נאָך פריער אַרעסטירט געוואָרן אין דאַווידהאָראָדאָק, מינסקער גובערניע. גאַסעלניקס בוך-געשעפט איז פאַרמאַכט געוואָרן.

קלמן קראַפּיווניקאָוו איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין מאָסקווער טורמע, וואו ער איז געזעסן אומגעפער אַ יאָר. נאָך דעם ווי ער ווערט באַפרייט, אַרבעט ער אַ קורצע צייט אומלעגאַל אין וואַרשע און אין זשיטאָמיר און ער ווערט ווידער אַרעסטירט. דאָס מאָל ווערט ער פאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע. זיין לעבעדיקע נאַטור האַלט ניט אויס דאָס ליידיקע זיצן. ער ווערט נערוועז, פאַלט אַריין אין יאוש, פאַרלירט דעם גלויבן אין זיך. עס הייבט אים אָן ציען צו זעלבסטמאָרד. דערצו ווירקן נאָך מיט סיבות פון אינטימען כאַראַקטער. אין האַרבסט 1904 באַווייזט זיך אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, זיך אומצוקערן צו דער „אַרבעט“. קלמן איז ווידער געוואָרן מו-

טיק, לעבעדיק, איפגעהערט צו טראַכטן וועגן טויט. אָבער דאָס אַנטלויפן איז ניט צושטאַנד געקומען, ניט געוועזן קיין מעגלעכ־קייט. און אין דעצעמבער 1904 האָט זיך קלמן איפגעהאַנגען. אַ פאַרשיקטע חברטע, וואָס האָט געוואוינט אין איין דאָרף מיט אים, מ. ש., האָט שפּעטער באַשריבן קלמנס לעצטע טעג אין אַ סקיצע „איבער ווייטן צפון“, אָפּגעדרוקט אַפּריער אין דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג“ אין יאָר 1906, אַרויס דערנאָך אין אַ באַזונדערער איסגאַבע אין יידיש און רוסיש.

די אַרבעט, וואָס די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן האָבן אָנגעהויבן, איז איבערגעריסן געוואָרן. די פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ביכלעך, וואָס לידסקיס פאַרלאַג „פּראָגרעס“ האָט אַרויסגעגעבן אין די ערשטע יאָרן פונם נייעם יאָרהונדערט, זיינען געווען איבערגעדרוקט פון קאָטיקס אָדער פון אַמעריקאַנער איסגאַבן. חוץ דעם, איז דער פאַרלאַג „פּראָ־גרעס“ געווען אַ ריין קאָמערציעלע אונטערנעמונג, און אַ אידעיִשן אונטערשלאַג. אין יאָר 1903 האָט א. קאָטיק געפּרוווט מאַכן אויפ־לעבן זיין פאַרלאַג אין ביאַליסטאָק, וואו ער האָט דעמאָלט געוואוינט. אָבער דערפון איז גאָרניט אַרויסגעקומען. מער קיין פּראָבעס פון לעגאַלע איסגאַבן האָבן די סאָציאַליסטן אין יענע יאָרן ניט גע־מאַכט, ניט געווען אין רוסלאַנד קיין פרייע קרעפטן פאַר דער דאָ־זיקער אַרבעט. און אין אויסלאַנד זיינען שוין דעמאָלט געווען אַ היפּש ביסל בונדיסטן, סטודענטן און פּאָליטישע עמיגראַנטן. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע לי־טעראַריש־פאַרלעגערישע טעטיקייט. צוזאַמען מיט צייטשריפטן און בראָשורן, וואָס האָבן דירעקט באַדינט די באַוועגונג, האָט ער אַרויס־געגעבן אַ סך ביכלעך אויף געזעלשאַפטלעכע טעמעס, וואָס וואָלטן אין רוסלאַנד ניט דורכגעגאַנגען דורך דער צענזור, וועלכע איז צו אַ יידישן ביכל געווען נאָך שטרענגער, ווי צו אַ רוסישן. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אייניקע בעלעטריסטישע זאַכן, ווי פּינסקיס באַוואוסטע דראַמע „די פאַמיליע צבי“, וועלכע האָט אין רוסלאַנד דעמאָלט בשום אופן ניט געקאָנט געדרוקט ווערן. די לאָנדאָנער און זשענעווער איסגאַבן האָבן זיך אָפּט מער פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד, ווי לעגאַלע ביכלעך, געדרוקטע אין ווילנע אָדער וואַרשע. די אַרבעטער־באַ־

וועגונג איז אויסגעוואַקסן ניט בלויז אין צאָל, נאָר אויך אין באַוואוסטזיין, און ריידן וועגן אַ געזעלשאַפטלעכער פראַגע מיטן האַלבן מויל האָט מען שוין ניט געקאָנט.

די איבערגעריסענע טעטיקייט פון די זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן איז ווידער אויפגענומען געוואָרן ערשט אין זומער 1905. אונטערן דרוק פון דער רעוואָלוציע איז די צענזור צו יענער צייט געוואָרן אַ סך ווייכער.

סוף 1905 איז אין וואַרשע ביים אָרטיקן קאָמיטעט פון „בונד“ געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרלאַג אונטערן נאָמען „אַרבעטער־שטימע“, וואָס האָט אַרויסגעגעבן לעגאַל אַ ריי פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע בראָשורן, וועלכע זיינען פריער געדרוקט געווען אין זשענעווע. ווי קאַוטסקיס „ערפורטער פּראָגראַם“, „אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“, א. אַנד. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז די באַוואוסטע בראָשור פון וו. ליבקנעכט — „שפּינען און פליגען“ איז פאַרקויפט געוואָרן אויף די גאַסן פון וואַרשע אין 10,000 עקזעמפּלאַרן, צו 1 קאָפּיקע אַ שטיק.

דעם 12־טן דעצעמבער 1905 איז פּאָליציי באַפאַלן דעם סקלאַד פון פאַרלאַג (נאָוואָליפּיע 17) און האָט קאָנפיסקירט אַלץ, וואָס זי האָט געטראָפן אויפן אָרט. די ביכער, וואָס זיינען בעת־מעשה אין סקלאַד ניט געווען, האָט זיך דעם צ. ק. איינגעגעבן איבערצוטראַנספּאָרטירן קיין ווילנע, וואו עס איז אין אָנהייב 1906 געגרינדעט געוואָרן דער באַוואוסטער פאַרלאַג „די וועלט“. צו די געראַטעוועטע ביכער האָט מען צוגעקלעפּט אַ ניי שער־בלאַט מיט דער פירמע „די וועלט“ און זיי האָבן געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר דעם הי‏אָזיקן פאַרלאַג, וואָס האָט אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס געטאָן די אַרבעט, וועלכע די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן“ האָבן אָנגעהויבן מיט 11 יאָר פריער.

דער פאָרמעלער אייגנטימער פונם פאַרלאַג „די וועלט“ איז ווידער געווען א. גאַסעלניק, וועלכער האָט פאַר דער גאַנצער צייט איינגעהאַלטן זיין כשרן נאָמען, ווייל ער האָט קיין אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג ניט גענומען.

---

# כאַראַקטער-שטריכן

# פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג

## I

די שטאַרקסטע זייט פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג איז שטענדיק געווען — אָרגאַניזאַציע. אין פּרט פון אָרגאַניזאַציע איז דער בונד געווען אַ מוסטער פאַר אַנדערע אַרבעטער-פּאַרטייען אין רוסלאַנד. פון וואַנען האָט זיך עס גענומען? ווי קומט אַזאַ זאַך צו יידן, וואו אויף 10 קעפּ זיינען פאַראַן 11 מיינונגען?

געוואוינלעך שרייבט מען עס צו דעם פאַקט, וואָס די יידישע מאַסן האָבן דורך לאַנגע הונדערטער יאָרן געהאַט זייערע חברות פאַר רעליגיעזע ענינים, צדקה און זעלבסט-הילף. ביי אַ פאָלק, וואָס האָט אומעטום געוואוינט צווישן פרעמדע, האָבן אַזעלכע חברות געמוזט אויסוואַקסן און ווערן אַן אָנשפּאַר, אַ מין פעסטונג; און אָט די חברות האָבן עס איינגעוואָרצלט אין די יידישע מאַסן אַן אָנגרייטיקייט און געוואוינשאַפט צו אָרגאַניזאַציע. אָבער אויסער די חברות, האָט דאָ געווירקט נאָך אַ וויכטיקער פאַקטאָר, שוין ניט פון דער געשיכטע, נאָר פון דער געגנוואַרט — אַ חסרון, פון וועלכן ס'איז אַרויסגעוואַקסן אַ מעלה, אַ נויט, וואָס האָט געבראַכט צו אַ טוגנד.

די יידישע אַרבעטער פאַרמאָגן ווייניק בלינדן אימפּעט. דאָס, וואָס מ'רופט סטיכייאישקייט, אַנטשטייט אין גרעסערע מאַסן, ווען זיי געפינען זיך צוזאַמען. דאָס וואַקסט אויס אין דער גרויסער אינדוסטריע, וואו הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער זיינען פאַראייניקט דורך דער פאַבריק. דאָרטן

פלאַקערט אויף יענע מעכטיקע מאַסן-שטימונג, וועלכע פאַר־שלינגט דעם באַוואוסטזיין און דעם ווילן פון יעדן איינצלנעם, שלעפּט אַוועק דעם יחיד נאָך זיך, ווי דער ים אַ טראָפּן; די סטיכייע, וואָס איז אַ סך גרעסער און מעכטיקער, איידער דער סך הכל פון די איינצלנע כוחות, וועלכע שטעלן זי צונויף; די סטיכייע, וועלכע הויבט זיך אויף און פאַלט אַראָפּ ניט צונויפגערעדט, ניט לויט אַ קאָמאַנדע, נאָר אַזוי ווי פון זיך אַליין, פּלוצלינג, און קאָן אַמאָל אין איין טאָג געבן אַזעלכע רעזולטאַטן, אויף וועלכע אַן אָרגאַניזאַציע וואָלט געדאַרפט אַרבעטן חדשים און יאָרן. די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען מער ווי אַלץ געווען פאַרנומען אין מלאכה און הויז-אינדוסטריע, וואו די פּראָדוקציע איז ניט קאָנצענטרירט, האָבן זעלטן ווען געלעבט אין אַן אַטמאָספערע, וואו די סטיכייע קאָן אויספלאַצן. חוץ דעם איז דער יידישער אַרבעטער ניט קיין נעכטיקער דאָרפסמאַן: די געשיכטע האָט אים געפורעמט אַזוי, אַז ער איז ווייניק פּרימיטיוו, לאָזט זיך זעלטן ווען פירן בלויז פון אינסטינקטן. די סטיכייע וויל ניט וויסן פון קיין חשבון, און דער יידישער אַרבעטער האַלט נאָכאַנאַנד אין אויסרעכענען זיינע קרעפטן און די קרעפטן פונם קעגנער.

איך ווייס זייער ווייניק שטרייקן פון יידישע אַרבעטער, וואָס זאָלן אויסברעכן פון זיך אַליין, אינגאַנצן ניט אָרגאַניזירט. ווען מען שרייבט, אַז די ערשטע שטרייקן צווישן די יידישע שניידער אין ווילנע מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק האָבן זיך אָנגעהויבן פון זיך אַליין — הייסט עס בלויז, אַז די אינטעליגענטן, די פירער פון דער קרייזל-באַוועגונג, האָבן דערפון פריער ניט געוואוסט. אָבער אין שניידער-פאַך זיינען שוין געווען עטלעכע פּראָפּאַגאַנדירטע אַרבעטער, וואָס האָבן די שטרייקן צוגעגרייט. אַזוי האָט דעם ערשטן שטרייק פון יידישע שניידער אין ווילנע אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מענדל דער דאַמסקער (זיין פאַמיליע געדענק איך ניט. ער איז פאַרן וועלט-קריג געשטאָרבן אין לאָנדאָן). סטיכייאישע שטרייקן פון יידישע אַרבעטער ווייס איך פון מיין דערפאַרונג

נאָר אין וואַרשע אין 1905. אָבער וואַרשע האָט דעמאָלט פאַר־מאָגט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער און אַ היבש ביסל פון זיי האָבן געאַרבעט אין גרויסע וואַרשטאַטן און מיטעלע פאַבריקן. ביי די מעכאַנישע שוסטער זיינען געווען פאַבריקן מיט אַ פּאָר הונדערט אַרבעטער. און דאָס איז דאָך געווען אין 1905, ווען די אַטמאָספערע איז געווען אָנגעגליט, און אַפילו די אָפּגעשטאַנענסטע אַרבעטער זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ רעוואָלוציאָנערער נערוועזיטעט. איך האָב דעמאָלט געפרעגט אַ יידן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע: ווי אַזוי איז אייך אַרויף אויפן זינען צו שטרייקן? האָט ער מיר גע־ענטפערט: היינט שטרייקן אַלע. אַפילו בהמות וועלן באַלד דערקלערן אַ שטרייק... און וועגן דער סטיכייאישקייט פון יענע שטרייקן לאָזט זיך נאָך עפּעס זאָגן: ווי נאָר אַזאַ שטרייק האָט אויסגעבראָכן, איז מען באַלד געקומען צו דער אָרגאַניזאַציע: קומט, פירט אָן, העלפט! די אָפּגעשטאַנענסטע אַרבעטער האָבן שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַן אָרגאַניזאַציע, און, אָנהויבנדיק זייער שטרייק, האָבן זיי לכתחילה אויסגערעכנט אויף איר הילף.

קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אַ סטיכייאישן שטרייק ביי זאָקנמאַכערקעס, וועלכע אַרבעטן צעזייט און צעשפּרייט, צו איינצע, זעלטן צו 2—3 אין איינעם? ווי האָט געקאָנט פאָרקומען פון זיך אַליין וועלכע ניט איז אַקציע ביי יידישע שוסטער אָדער שניידער אין ווילנע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין קליינע וואַרשטאַטן, און אַן אונטערנעמונג פון 10 אַרבעטער איז ביי זיי געווען אַ זעלטענער אויסנאַם? בפרט אין אָנהויב, ווען די באַגריפן שטרייק, קאַמף וכדומה זיינען פאַר 999 פון טויזנט געווען תרגום לשון. די פּראָדוקציע גופא האָט ניט פאַראייניקט, די סטיכייע האָט ניט אָנגעצונדן; אָן אָרגאַניזאַציע האָט מען זיך פון אָרט ניט געקאָנט רירן. דער קלענסטער טריט האָט געקאָנט געשטעלט ווערן נאָר צונויפגערעדט, פּלאַנמעסיק, אָרגאַניזירט. אויף דער אָרגאַניזאַציע האָט מען דאָ געמוזט שווער אַרבעטן; יעדער שטיין אירער האָט געקאָסט אַ סך כּוח און מוח. און קוים איז זי געשאַפן געוואָרן, האָט מען נאָכ־

אַנאַנד געציטערט, מ׳זאָל זי ניט פאַרלירן. יעדער באַוואוסט-זיניקער אַרבעטער האָט געוואוסט: מיט דער אָרגאַניזאַציע איז ער אַ קראַפט, אָן איר איז ער גאָר נישט. אין אָקטאָבער 1897 קלייבט זיך צונויף דער ערשטער, דער גרינדונגס-צוזאַמענפאָר פון בונד — וועגן וואָס רעדט מען? וועגן פּראָגראַם? ניין, מ׳לייענט באַריכטן און מ׳באַהאַנדלט די פראַגן פון אָרגאַניזאַציע. אויף וויפיל איך ווייס, האָט מען אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר אויך וועגן קיין אַנדער זאַך, אויסער אָרגאַניזאַציע, ניט גערעדט. איז עס ניט כאַראַקטעריסטיש?

און מע מוז נאָך נעמען אין אַכט, אַז די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז אויסגעשמידט געוואָרן ביי אומלעגאַלע באַדינגונגען, אין דער אַטמאָספערע פון קאָנספּיראַציע און מאַרטירערטום. האָבן די יידישע מאַסן אַריינגעטראָגן אין איר די אייגנטימלעכע פאַרזיכטיקייט, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער יידישער פּסיכיק אין משך פון הונדערטער יאָרן רדיפות און רעכטלאָזיקייט; האָבן זיי זי איינגעהילט אין אַ שטראַלן-קראַנץ, פאַרוועבט מיט דער ספּעציפיש-יידישער סענטימענ-טאַליטעט. ביי די סאָציאַל-דעמאָקראַטן בכלל, ביים בונד בפרט איז ווייניק אַנטוויקלט דער קולט פון פערזאָנען; די יידישע מאַסע האָט אָבער געהאַט אַ באַדערפעניש אין עפּעס אַזוינס, וואָס זי זאָל קאָנען פאַרהייליקן. האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ קולט פון דער אָרגאַניזאַציע. דער צענטראַל קאָמיטעט איז געוואָרן אַ מין קודש-קדשים. „די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן״ — דאָס איז געווען אַ געבאָט, ניט ווייניקער הייליק, ווי די אַלטע תרי״ג מצוות.

אין 1902—1906 זיינען אין בונד געווען טוער, וואָס זייער מוח איז נאָכאַנאַנד געווען פאַרנומען מיט די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, מיט אירע איינצלהייטן. אין דער צייט פון „אונטערערדישער״ אַרבעט איז עס אין דער אמתן געווען אַ שווערע פאַרוויקלטע תורה. אין 1906, בעת די באַדינגונגען האָבן זיך אַביסל געביטן, פלעגט מען ביי אונז גוטמוטיק אָפּלאַכן: „דער חבר יונה קען אָנשרייבן אַ דיסערטאַציע וועגן די רעכט פון דער „סכאָדקע״ אין אַלטן גריכנלאַנד״... אָבער

אַפילו די אָפּלאַכער האָבן געפילט די גרעסטע אַכטונג צו די „פּראָפעסאָרן פון אָרגאַניזאַציע-רעכט“, וועלכע זיינען געווען סוביעקטיווע שלוחים פון דער אָביעקטיווער נויטווענדיקייט

דאָס אַלץ דערקלערט אונז, פאַרוואָס דער יידישער אַרבעטער איז גרייט צו גיין אויף די גרעסטע פּרינציפּיעלע פּשרות, אַבי איינצוהאַלטן די גאַנצקייט פון זיין אָרגאַניזאַציע, אַבי אויסצומיידן אַ שפּאַלטונג. די דאָזיקע היפּערטראָפיע פון דעם אָרגאַניזאַציע-געפיל האָט געהאַט אויך שוואַכע זייטן. דאָס שטענדיקע ציטערן איבער איר האָט געמאַכט די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער צו ענג פאַרן קאַמף פון מיינונגען; די מינדערהייט האָט זיך אין איר געפילט צו שטאַרק געבונדן. די צו שטרייגנע דיסציפּלין, די שטרעבונג אַלץ צו רעגולירן פון אויבן האָט אָפט געפּענטעט די איניציאַטיוו. אין שווערע מאָמענטן האָט מען אין בונד פאַר־שטאַנען, אַז די אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין ניט בלויז פעסט, נאָר אויך עלאַסטיש, אַז צו ענג קאָן אַמאָל שאָדן ניט ווייניקער ווי צו לויז. אין 1906, בעת עס האָט זיך געהאַנדלט אום אַזאַ וויכטיקע פראַגע, ווי: אַריין צוריק אין דער רוסלענדער ס. ד. פּאַרטיי אָן דעם „איינציקן פאָרשטייער“; אין 1909–11, בעת עס זיינען געווען שאַרפע חלוקי דעות איבער די פראַגן וועגן לעגאַלע און אומלעגאַלע אַרבעט, וועגן נאַציאָנאַלן נייטראַליזם, קאָמפּעטענץ פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, קהילות, פאָרמול פון רעכט אויף שבת-רו — איז געגעבן געוואָרן אַ גרויסע פרייהייט פון דיסקוסיע; און די אָרגאַניזאַציע איז דערפון ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרשטאַרקט געוואָרן. ניט אַלע מאָל איז אַזוי געווען; ניט אַלע מאָל האָט מען געהאַט אין זינען די נויטיקע עלאַסטישקייט. אָבער פאַרצייכנענדיק חסרונות, טאָר מען ניט פאַרגעסן די גרויסע מעלה: די טיפע צו־געבונדנקייט פון די יידישע אַרבעטער צו זייער אָרגאַניזאַציע, דאָס שטענדיקע ציטערן איבער איר האָט געמאַכט די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג פעסט צונויפגעשמידט, האָט איר געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן די ערגסטע צייטן, אַרויסצוגיין גאַנץ פון די שווערסטע קריזיסן.

## II

ווען איך וואַרף אַ קוק צוריק אויף דעם וועג, וואָס דער יידישער אַרבעטער איז דורכגעגאַנגען, רופן ביי מיר אַרויס די גרעסטע באַוואונדערונג זיינע געווינסן אויפן עקאָנאָמישן געביט. איך קלייב זיך ניט צו געבן קיין אָפּהאַנדלונג. איך וויל נאָר אָנוואַרפן אַ פּאָר גראָבע שטריכן.

זומער 1894 האָט אַ קאָנווערטן־מאַכערקע, וואָס האָט זיך ביי מיר געלערנט „גראָמאַטע" (לייענען און שרייבן רוסיש) מיר דערציילט, ווי זי לעבט: איך גיב אויס 9 גראָשן אַ טאָג. אין דער פרי פאַר אַ פּיים (אַנדערט־האַלבן קאָפּיקעס) צוויי שוואַרצע קוכנס און אַ גראָשן צושטייער אויף טיי. ביי טאָג פאַר אַ פּיים ברויט, פאַר אַ גראָשן הערינג און ווידער אַ גראָשן צושטייער אויף טיי. און ביינאַכט זופּ איך אין דערהיים גרויפּן. — און פלייש? — כ'ווייס, און אַז מ'עסט שוין שבת די פּאָר לאָקשן „גאָוויאַדינע". וואָס האָט מען דערפון? — אָבער אָן פלייש, וואָס פאַר אַ טעם האָבן די גרויפּן? — וואָס רעדט איר? די מאַמע טוט אַריין אַ שטיקל טוקעווע שמאַלץ, צוגעפּרעגלט מיט אַ ציבעלקע — אַ מאכל. און אַז מיט קעפּלעך און פיסלעך איז גאָר אַ מחיה... איך האָב זיך דערמאָנט: אין געגזלאַרנע פליקן די אָרעמע ווייבער אָפּ די גענז, דערפאַר גיט מען זיי אַוועק דאָס קעפּל מיט פיסלעך און זיי פאַרקויפן עס צו דריי קאָפּיקעס אַ גאַנג. מיין מאַמע פלעגט עס אויך אַמאָל קויפן, און מיר האָבן הנאָה געהאַט ניט אַזוי פון די געגזענע יויך, ווי פון גריזען די ביינדלעך. עסן מיטאָג פאַר 10 קאָפּיקעס מיט אַ קניידל, וואָס איז באַשטאַנען פון ברויט מער ווי פון פלייש — דאָס האָט זיך געקאָנט דערלויבן נאָר אַ „גרויסער פאַרדינער".

ווען אַן אַרבעטער־פאַמיליע האָט געוואוינט פאַר זיך אין אַ קאַמער, האָט זיך עס גערעכנט פאַר אַ לוקסוס. מיין טאַטע, אַ פורמאַן, האָט ניט שלעכט פאַרדינט, און מיר האָבן געוואוינט צוויי פאַמיליעס אין איין קעלער־שטוב מיט צוויי קליינע פענסטערלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אויפן טראָטואַר.

און אַז אונזער שכן, אַ טרעגער, האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, האָט דאָס יונגע פּאָרל דעם ערשטן יאָר געוואוינט אינם זעלביקן קעלער-שטוב. מ׳האָט צוגעשטעלט נאָך אַ בעט, פאַרשטעלט מיט אַ פּאַראַוואַן, דורך וועלכן מ׳האָט ווייניק געזען, אָבער אַלץ געהערט — און גענוג. גלייך פון דער חופּה־וועטשערע איז דאָס פּאָרל געקומען צו אונז אין קעלער; דאָרטן איז ביי זיי אויך דאָס ערשטע קינד געבאָרן געוואָרן. איז עמעצער קראַנק געוואָרן, איז מען געגאַנגען צו מיכאַליעווסקין אין דער גביריש-רבנישער רעסטאָראַציע בעטן אַ ביסל הינערשע יויך. דאָס האָט זיך ניט גערעכנט פאַר אַ נדבה. ווען איר וואָלט עמעצן געזאָגט, אַז דאָס הייסט אויס־שטרעקן אַ האַנט, וואָלט ער זיך פאַרחדושט: וואָס טייטש? דאָס איז דאָך אַ רפואה, אַזוי ווי אַ קאָפּ מאַלינעס — אַ לאָבונג פאַר אַ היץ-קראַנקען...

דער אַרבעטסטאָג האָט קיין מאָס ניט געהאַט. זומער איז געווען אַ גרענעץ — דער זון-פאַרגאַנג. ווינטער האָט מען געאַרבעט ביז 10—11 ביינאַכט, מיט אַ שעה אַ איבעררייס — בין מנחה למעריב. שאַרע גאָדזינע האָט מען עס אין ווילנע גערופן. ווינטער האָט מען געאַרבעט שבת-צו-נאַכט. דאָנערשטיק און פאַר אַ יום טוב האָט מען געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט. מאָלט אייך, אַז די אַרבעט איז געווען ניט זייער אינטענסיוו. מ׳האָט געגנודזיעט. די הענט האָבן געדרעמלט. אָבער קיין פרייע מינוט האָט מען ניט געהאַט, און דעם געזונט האָט מען געפּטרט

די באַהאַנדלונג איז געווען גראָב; זלזולים, אַמאָל אַ קלאַפּ אויך.

אָן דעם קאָן מען ניט אויסקומען, — פלעגט זיך דער באַלעבאָס פאַרענטפערן. אַז גאָט וועט דיר העלפן, וועסט אַליין ווערן אַ באַלעבאָס, וועסטו אויך אַזוי טאָן... אַ קליינעם באַלעבאָס פלעגט מען אַ מאָל געבן צוריק, און עס האָבן זיך געשאָטן גראָבקייטן פון ביידע זייטן. איז דער באַלעבאָס געווען אַ גרעסערער, בפרט פון די „שיינע יידן“, האָט ער געקוקט אויף זיינע אַרבעטער, ווי אויף משרתים, וואָס ער שפּייזט זיי מיט ברויט; און די אַרבעטער גופא האָבן אויף

זיך אויך אַזוי געקוקט. בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שטרייקן, האָט אַזאַ מין באַלעבאָס ניט געקאָנט פאַרטראָגן ניט אַזוי דעם עקאָנאָמישן היזק, וואָס ער האָט געליטן, ווי די העזה פון די „גראָבע יונגען". זיי מאָנען ביי אים, פונקט ווי זיי וואָלטן איינגעלייגט אַ חלק... איינער אַ סוחרל פון אָט דעם מין האָט נאָך אַ שטרייק געמוזט העכערן זיינע אָנגעשטעלטע פון 4 רובל אַ וואָך אויף 5. האָט ער אַ לאַנגע צייט נאָכדעם אַלע וואָך פאַרשריבן אין בוך: 4 רובל שכירות; אַ פינפטער רובל בגאַזלאָוואָי...

ווי ווייט מיר זיינען פון דעם אַלעם אַוועק! דאָס איז געווען איינגאַנצן מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק, און עס גלויבט זיך קוים. עס זעט אויס, ווי אַ בייזער חלום.

III

דער יידישער פראָלעטאַריאַט האָט געפירט זיין עקאָנאָמישן קאַמף מער ווי אַלץ קעגן דער קליינבורזשואַזיע; טיילווייז אויך קעגן דער מיטעלער; די יידישע גרויסבורזשואַזיע איז עקאָנאָמיש פאַר אים געווען בלויז אַן אַבסטראַקטער באַגריף. זי האָט קיין יידישע אַרבעטער כמעט ניט באַשעפטיקט, און ער האָט זיך מיט איר באַגעגנט פנים אל פנים נאָר אין פּאָליטישן קאַמף. דאָס האָט געמאַכט אונזער עקאָנאָמישן קאַמף קליין אין פאַרנעם; דאָס האָט געשאַפן די טרויעריקע, אָבער אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג, וועלכע דער דיכטער לעסין האָט אַמאָל אָנגערופן „קבצן שטרייקט קעגן דלפון". דאָס האָט אויך געהאַט אַ ריי פּאָליטישע נאָכווירקונגען.

ווען אַ יידישער אַרבעטער מאַכט פאַר זיך אַ וואַרשטאַטל, גייט ער אַוועק ניט בלויז פון זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, נאָר אויך פון זיין פּאַרטיי, אַפילו ווען ער איז נאָך געבליבן טריי איר פּאָליטישע פּראָגראַם. ווייל עס איז אוממעגלעך צו האַלטן אין איין אָרגאַניזאַציע די אַרבעטער מיטן באַלעבאָס, ביי וועמען זיי שטרייקן. דאָס איז פריער פאַר אַלץ פּסיכאָלאָגיש אוממעגלעך. ביי די דייטשן קאָנען קליינע בעלי-מלאכות יאָ זיין אין דער

סאָציאַל-דעמאָקראַטישער, אַפילו אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ווייל דער עקאָנאָמישער קאַמף פירט זיך דער עיקר ניט קעגן זיי, נאָר קעגן גרויס-קאַפיטאַל. ביי אונז קאָן מען אין אַ פראָלעטאַרישער פאַרטיי גיכער צולאָזן אַ גרויסן סוחר, וואָס זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן קומען ניט אין קיין דירעקטן קאָנפליקט מיט יידישע אַרבעטער, אָדער אַ העכערן באַנק אָנגעשטעלטן, וואָס לויט זיין אַרט לעבן און פסיכאָלאָגיע שטייט ער נעענטער צו דער בורזשואַזיע, איידער אַ יידישן קליינעם בעל מלאכה, וואָס לויט זיין לעבן און פילן איז ער גאַנץ נאָענט צום פראָלעטאַריאַט.

פאַר איינצלנע מענטשן איז עס אַ טראַגעדיע. שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער באַוועגונג האָט אָפט געטראָפן, אַז פראָפאַגאַנדירטע אַרבעטער האָבן ניט געפונען קיין פלאַץ פאַר זייערע פעהיקייטן און ענערגיע אין די ענגע ראַמען פון אונזער מלאכה, וואו זיי זיינען געווען פאַרמשפט אויף אַן אָרעם לעבן; זיי האָבן געהאַט די ברירה: עמיגרירן, זיך לערנען דאַנטיסטיק אָדער — פאַרלייגן אַ וואַרשטאַטל מיט אַ פּאָר לערניינגלעך, אַמאָל מיט אַ לוין-אַרבעטער, און אויף אַזאַ אופן מיט אַ ווייטיק אין האַרצן זיך געזעגענען מיט זייערע יוגנט-אידעאַלן. און וויפיל מאָל מאַכט זיך, אַז אַן אַרבעטער איז געצוואונגען צו מאַכן פאַר זיך אַ וואַרשטאַל, ווייל ער קאָן אין ערגעץ קיין אַרבעט ניט קריגן דווקא צוליב זיין אָנטייל אין דער באַוועגונג. אַנומלטן, אַראָפגייענדיק פון אַ לעקציע, טרעף איך אַן אַלטן חבר, וועלכן איך קען נאָך פון סיביר. ער האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אין אַן אומלעגאַלער דרוקעריי. פרעג איך אים: פאַרוואָס זעט מען עס אייך אין ערגעץ ניט? איר זייט אַרויס פון בונד? און ער ענטפערט מיר מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל: איך האַלט איצט א שפייז-קרעמל... מיר גייען אַ פּאָר טריט שווייגנדיק. דערנאָך זאָגט ער מיר שטיל און זיין קול ציטערט: איך האָב געמיינט, איר האָט מיך שוין לאַנג פאַרגעסן. איר ווייסט, איך האָב דאָך געזעצט אייער פראָקלאַמאַציע „מאַסן-העלדן און העלדישע מאַסן”. אין מערץ 1905 איז עס געווען, אין וואַרשע... אַ טייערע צייט געווען...” ער גייט אַוועק איילנדיק, געזעגנט

זיך אַפילו ניט מיט מיר. איך בין זיכער, ער האָט מורא, ער זאָל זיך ניט צעווייגען... און אָט איז מ. ב. דאָ ניט לאַנג נאָך איז ער געווען דער פּאָרזיצער פון זיין פּאַראַיין, אַ מיטגליד פון פּאַרטיי-קאָמיטעט. נאָר צוליב אַ שטרייק האָט ער געמוזט זיך זעצן נייען פאַר זיך. איך באַגעגן אים, פרעג: ווי גייט עס? און ער ענטפערט: איר ווייסט ניט? איך בין היינט אַ קליינער בורזשוי און אַ גרויסער קבצן. פון פּאַראַיין האָב איך געמוזט אַרויס. אין דער פּאַרטיי בין איך געבליבן — קיינער גלויבט ניט, אַז מיין באַלעבאַטישקייט וועט לאַנג האַלטן — אָבער פון אַקטיווער אַרבעט האָב איך זיך אַליין אָפּגערוקט. עס פּאַסט דאָך ניט. מ׳וועט זאָגן: דער קאָמיטעט פון בונד באַשטייט פון קליינבירגער...

און צוריק גערעדט. ביי דעם קליין-מלאָכהישן כאַראַקטער פון אונזער פּראָדוקציע טרעפט דאָך אַזוי אָפט, אַז דער נעכטיקער אַרבעטער ווערט היינט אַ באַלעבאָס, און דאָס טרעפט גיכער ווי אַלץ מיט די ענערגישערע, פעהיקערע אַרבעטער. ווען מ׳זאָל אַזעלכע איבערלאָזן אין דער פּאַרטיי, איז ביי זייער צאָל, פעהיקייטן און ענערגיע, וואָלטן זיי אין איינע צען יאָר פאַרוואַנדלט די פּאַרטיי פון אַ פּראָלעטאַרישע אין אַ קליין-בירגערלעכע. און דעריבער ווי טראַגיש דאָס זאָל ניט זיין פאַר איינצלנע מענטשן, וויפיל כּוחות עס זאָלן דורך דעם ניט אָפּגעצאַפּט ווערן פון דער באַוועגונג — די פּאַרטיי קאָן אַנדערש ניט. זי קאָן זעלטן ווען מאַכן אַן אויסנאַם, אָבער בכלל מוזן אירע טירן בלייבן פאַרשלאָסן פאַר קליינע בעלי-מלאכות-באַלעבאַטים.

דאָס האָט נאָך אַ פּאָליטישע נאָכווירקונג, אַ סך אַ גרעסערע, ווי די, וואָס איך האָב אָקאָרשט פאַרצייכנט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט צו ווייניק פּאָליטישע מיטלויפער. די יידישע קליינבירגער גייען ניט מיטן יידישן פּראָלעטאַריאַט אַפילו דעמאָלט, ווען פּאָליטיש וואָלט עס פאַר זיי געלוינט. זיי שטויסט אָפּ די פיינטשאַפט, וואָס ווערט געשאַפן אין אַלטעג-לעכן עקאָנאָמישן קאַמף. דאָס לאָזט זיך שטאַרקער, ווי אַלץ פילן ביי כּלערליי וואַלן. אין 1905 אין 1917 איז דער יידישער

קליינבירגער געוואָרן אַביסל מוטיקער: די רעוואָלוציע איז דאָך געווען אַ פאַקט. און דעם קליינמענטשעלע ציט שטענדיק צום שטאַרקן; ער איז געוואָרן נענטער צום פּראָלעטאַריאַט, ווייל ער האָט געהאָפט, אַז די אַרבעטער וועלן אויסקעמפן פאַר אים גלייכבאַרעכטיקונג. און אַפילו דעמאָלט זיינען דאָס רוב יידישע קליינבירגער געגאַנגען ניט מיטן פּראָלעטאַריאַט, נאָר מיט די פּאַרטייען פון כלל-ישראל.

די פיינטשאַפט, וואָס ווערט געשאַפן אינם אַלטעגלעכן עקאָנאָמישן קאַמף, ווירקט אָפּט צו פאַרטונקלען די פּאָליטישע פּערספּעקטיוו אויך ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט. ער אינטערעסירט זיך צו ווייניק מיטן יידישן קליינבירגער. ער שטרעבט ניט גענוג שטאַרק צו פירן אים נאָך זיך. ניט וועגן וואָל-מיטינגען האַנדלט זיך דאָ, נאָר וועגן פּאָליטישע מעשים. דער קליינבירגער דאַרף פילן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פאַרטיידיקט זיינע גערעכטע אינטערעסן, וואָס שטימען מיט דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. ביי אונז פילט ער דאָס צו ווייניק. ווען עס מאַכט זיך אַ פּונקט, וואו די אינטערעסן פונם יידישן אַרבעטער גייען זיך צונויף מיט די אינטערעסן פונם יידישן קליינעם בעל מלאכה, איז דוכט זיך קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מוז שטאַרקער קלאַפּן אויף דעם דאָזיקן פּונקט, און אַזוי אַרום אָנהויבן אָפּרייסן די קליינבירגערלעכע מאַסע פון דער פּני און פירן זי נאָך זיך. ליידער ווערט עס ניט אַלע מאָל געטאָן.

כדי ניט צו זיין אַבסטראַקט, וויל איך אָנווייזן אויף אַ נאָענטן ביישפּיל. אין פּוילן האַלט מען איצט*) ביים דורכפירן אַ געזעץ וועגן איינפירן איבערנייעס צעכן; אַ וואַרשטאַט מיט לוין-אַרבעטער וועט מעגן האַלטן נור אַזאַ איינער, וואָס האָט אויסגעהאַלטן עקזאַמען אין זיין פאַך. שוין ניט ריידן דערפון, וואָס די צעכן האַלטן אָפּ די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פונם לאַנד, וואָס זיי זיינען פּאָליטיש אַ שטיץ-פּונקט פאַר דער רעאַקציע — איז דאָך קלאָר, אַז מ׳איז דאָ

*) געשריבן אין אָקטאָבער 1925

אויסן צו „פאַרפוילישן די מלאכה״; אַז דער עקזאַמען וועט זיין לייכט, ווי פוך, פאַר „אייגענע״ און שווער, ווי אַ שטיין, פאַר „פרעמדע״; אַז גרויסע טויזנטער יידישע מלאכה־באַלעבאַטים און צענדליקער טויזנטער יידישע מלאכה־אַרבעטער וועלן דורך דעם אַרויסגעוואָרפן ווערן אויפן גאַס, ווייל אין די פוילישע וואַרשטאַטן נעמט מען דאָך קיין יידישע אַרבעטער כמעט אינגאַנצן ניט צו. האָט דאָך דער באַוואוסטזיניקער יידישער פראָלעטאַריאַט געדאַרפט פירן די גרויסע מאַסע יידישע בעלי־מלאכות צום פראָטעסט, צום קאַמף פאַר זיינע און זייערע אינטערעסן, וועלכע פאַלן דאָ צונויף. און דאָ האַנדלט זיך ניט אום פאַרלייקענען וועלכן ניט איז פראָלעטאַרישן פרינציפ, אויך ניט וועגן אויסמישן זיך מיט די קליינבירגער. אַזוי ווי אונזער פראָלעטאַריאַט איז ניט אין ערך מערער אָרגאַניזירט און באַוואוסטזיניק, ווי די קליינע בעלי־מלאכות, וועט ער דאָ אָן ספק האָבן די איניציאַטיוו און די העגעמאָניע. אַז דאָס איז לכל הדעות כשר, האָט מען געקאָנט ברענגען ציטאַטן פון מאַרקסן. און דאָך... שוין דאָס אַליין, וואָס דאָ קומען אין באַטראַכט אויך די אינטערעסן פון קליינע בעלי־מלאכות, מאַכט דעם גאַנצן ענין פאַרדעכטיק און אַפילו האַלב טריף. פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָרן זיינען געווען ניט ווייניק ענלעכע ביישפילן. דער עקאָנאָמישער קאַמף לאָזט אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז דער קליין־בעל מלאכה איז „דער באַלעבאָס״; און דער יידישער פראָלעטאַריאַט בלייבט איזאָלירט. ביי דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואו דער פראָלעטאַריאַט מאַכט אויס ניט קיין גרויסע מינדערהייט, קומט אים פון אַזאַ כשרער קורצזיכטיקייט געוויס קיין געזונט ניט צו.

לא דַי, וואָס די יידישע קליינבירגער גייען ניט נאָכן יידישן פראָלעטאַריאַט. זיין באַוועגונג שטויסט זיי אָפ ווייט אויף רעכטס, רעכטער, ווי זיי האָבן געדאַרפט זיין לויט זייערע אינטערעסן. און דאָס איז אפשר איינע פון די סיבות, פאַרוואָס ביי יידן האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן צו בילדן וועלכע ניט איז באַדייטנדיקע בירגערלעך־דעמאָקראַטישע פאַרטיי.

דער פּאָליקיזם קומט דאָך ניט אין חשבון: דאָס איז אַ שטאַב אָן אַן אַרמיי, און מ׳קאָן אים חושד זיין אין וואָס איר ווילט, נאָר ניט אין דעמאָקראַטיזם.

IV

די יידישע מאַסע איז פון תמיד אָן געווען שטאַרק רעליגיעז. אָבער די אַרבעטער, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג, האָבן באַלד אויסגעטאָן פון זיך יעדע פרומקייט און גאָטספאָרכטיקייט. פון וואַנען האָט זיך עס גענומען? איז עס איז געווען אַ רעזולטאַט נאָר פון פּראָפּאַגאַנדע אַליין? פאַר וואָס האָט די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע ניט געווירקט אַזוי גיך און אַזוי שטאַרק ביי די דייטשן?

אַוודאי האָט די פּראָפּאַגאַנדע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. ביי דער יידישער מאַסע איז געווען נויטיק אַ שטאַרקערע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס זאָל טיפער פאַרכאַפּן די גאַנצע פּסיכיק ערשטנס דערפאַר, וואָס די קליין-אינדוסטריע, אין וועלכע דאָס רוב יידישע אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיקט, איז אַליין ניט געווען מסוגל אַריינצוציען אין דער באַוועגונג, צווייטנס, האָבן די אַלטע גלויבונגען און די אַלטע פאָרמען פון לעבן צו שטאַרק געבונדן און עס איז געווען אוממעגלעך זיך צו רירן פון אָרט, איידער מ׳האָט זיי אונטערגעגראָבן. די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן איז אין אַ געוויסער מאָס אויסגעקומען צו טאָן צווישן די מאַסן דאָס, וואָס די משכילים האָבן פריער געטאָן צווישן דער באַלעבאַטישער יוגנט.

איך געדענק ניט, מ׳זאָל ווען עס איז האָבן געפירט אַ ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַטעאיזם. די פילאָזאָפישע פראַגע, צי איז פאַראַן אַ גאָט אַ באַשעפער, די סיבה פון אַלע סיבות, צי ניט — האָט מען כמעט ניט באַרירט. אויף וויפיל איך ווייס, איז זי באַהאַנדלט געוואָרן נאָר אינם ערשטן קאַפּיטל פון פיליפּ קראַנצס גרויסן אַרטיקל „גאָט, מאָראַל און רעליגיאָן". און דאָס אויך געוואָג אויבערפלעכלעך. מיט דער אַנטי-רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע האָט מען זיך געשטעלט צוויי-

צילן: 1) אויסוואָרצלען דעם גלויבן, אַז רייכקייט און אָרעמקייט זיינען אַ שכר און עונש פאַר גוטע מעשים און זינד, צי גאָר אַ מזל-זאַך. אַז אַלץ איז פון גאָט, און אַ מענטש טוט ניט אַ קלאַפּ מיטן פינגער אונטן, סיידן דאָס איז פריער אָנגעחתמעט געוואָרן פון אויבן, איינפלאַנצן דעם גלויבן אין מענטשן, אין זיין אַקטיווען ווילן. מער ווי אַלץ האָט מען דערצו באַנוצט די בראָשור „אַ וויכוח איבערן מזל" — געשריבן, דוכט זיך, פונם „לערער" (לנו גאָזשאַנסקי). 2) באַקעמפן די רבנים און כּלי-קודש און זייער שליטה איבערן פאָלק. דערצו האָט מען אויסגענוצט פּרצעס „שטריימל". אַ גרויסע ווירקונג האָבן געהאַט די ערשטע ידיעות פון נאַטור-וויסנשאַפט. ווען דער אַרבעטער האָט זיך דערוואוסט, אַז די וועלט איז אַ סך עלטער, ווי קנאַפּע זעקס טויזנט יאָר, די ערד איז ניט דער צענטער פון דער וועלט און זי דרייט זיך אַרום דער זון, ניט פאַרקערט, אַז אין דער גאַנצער נאַטור הערשט אַ פעסטע געזעצמעסיקייט, און קיינע צופאַלן, קיינע נסים זיינען ניט מעגלעך — האָט ער שוין ניט געקאָנט גלויבן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין 6 טעג, משה האָט געשפּאָלטן דעם ים און יהושע האָט אָפּגעשטעלט די זון און די לבנה אין זייער גאַנג; האָט שוין ביי אים דער חומש פאַרלאָרן זיין אויטאָריטעט. די עלעמענ-טאַרסטע ידיעות פון פיזיאָלאָגיע האָבן אים דערקלערט נאַטירלעך די פונקציעס פונם לעבעדיקן אָרגאַניזם; ס'איז געפאַלן די וואַנט צווישן מענטש און בהמה, אונטערגעגראָבן געוואָרן די אמונה אין תּחית המתים. איך האָב געקענט אַרבעטער, ביי וועלכע די נאַטור-וויסנשאַפט איז געוואָרן אַ מין רעליגיע, אַ נייער אני מאמין. אויף אַלע פראַגן האָבן זיי געהאַט איין ענטפער, אויף אַלע דערשיינונגען איין דער-קלערונג — עלעקטריע: ס'איז ניטאָ קיין נשמה; אַז די עלעקטריע גייט אויס שטאַרבט מען... אַ גרויסע ווירקונג האָבן אויך געהאַט די ערשטע ידיעות פון קולטור-געשיכטע. דער יידישער אַרבעטער איז געוואויר געוואָרן, אַז דער איצטיקער קולטור-מענטש האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט פונם אוראַלטן ווילדן, אַז עס זיינען ניטאָ קיין אייביקע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען

אַלע מאָל געווען און וועלן אַלע מאָל בלייבן אַזוי, ווי זיי זיינען איצט, אַז די רעליגיע גופא איז אויך אַ פּראָדוקט פון דער געשיכטע און זי האָט שוין דורכגעמאַכט אַ היבש ביסל עטאַפּן. די אַרבעטער האָבן אין די קרייזלעך באַקומען נאָר אויפן שפּיץ-מעסער פון נאַטור-וויסנשאַפט און געשיכטע; אָבער די באַגריפן פון עוואָלוציע און געזעצמעסיגקייט האָבן זיי באַלד איבערגענומען. און דאָס איז געווען גענוג אונטערצוגראָבן זייער רעליגיעזן וועלט-באַנעם.

אָבער דאָס אויסטאָן זיך פון דער אמונה איז געגאַנגען אַ סך גיכער, ווי די ווירקונג פון דער פּראָפּאַגאַנדע. ס׳איז גענוג געווען, אַן אַרבעטער זאָל אויפעסן אַ פערטל פונט טריפה וואורשט, און ער זאָל ביי זיך גלייך פועלן, אַז מע מעג לייקענען אין גאָט. דאָס איז געלעגן אין דער אייגנטימלעכער נאַטור פון דער יידישער אמונה. די קריסטלעכע רעליגיע האָט אַרויפגעלייגט אויף אירע גלויביקע געוויסע התחיבותן; זי האָט אָבער ניט געבונדן יעדן טריט אין זייער טאָג-טעגלעכן לעבן, ניט רעגולירט זייער עסן, טרינקען, קליידונג וכדומה. פאַר אַ יידן זיין פרום האָט געהייסן זיין פאַרצאָמט פון אַלע זייטן מיט ראָגאַטקעס; מיט יעדן טריט, וואָס ער האָט געשטעלט אויסער די פיר איילן פון בית המדרש, האָט ער ניט ווילנדיק עובר געווען אויף אַ ריי געבאָטן. און אַזוי ווי די יידישע אמונה האַלט זיך ניט אַזוי אויף דער כונה, ווי אויף די מעשים, איז זי ווי אַ קייט: ווער עס דערלויבט זיך צעברעכן איין רינג, פאַר דעם איז שוין די גאַנצע קייט צעריסן. בפרט, אַז לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע האָט אַ ייד געמוזט נאָר גלויבן, ניט געטאָרט טראַכטן, איבערקלערן. „מ׳דאַרף ניט קלערן, מ׳טאָר ניט קלערן, מ׳קאָן דערפון משוגע ווערן". און דאָ איז זיין קאָפּ פלוצלינג פול געוואָרן מיט אַ ים נייע געדאַנקען און ספקות: די באַוועגונג האָט אים נאָכאַנאַנד געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן, איבערצושאַצן אַלע ווערטן. האָט שוין דאָס אַליין געבראָכן די רעליגיעזע טראַדיציע. די בחורים, וועלכע האָבן באַקומען אַ גרעסערע רעליגיעזע דערציהונג און מ׳האָט פון קינדהייט אָן שטאַרקער אַכטונג

געגעבן אויף זייער פרומקייט — די האָבן נאָך אַמאָל איבער־געלעבט אַ שטיקל רעליגיעזן קריזיס. ביי די מיידלעך איז עס צוגעגאַנגען אַ סך לייכטער.

מ׳דערציילט, אַז אין באָריסאָוו איז אין 1901 אָדער 1902 פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע: פאַראַנען אַ גאָט אָדער ניט? און מ׳האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: דאַלאַי גאָט! אין פינסק האָט אַרום יענער צייט איינער אַן אַגיטאַטאָר געהאַלטן אַ רעדע פאַר אַ רויע מאַסע, האָט ער צווישן אַנדערן געזאָגט: איר ווילט אַ באַווייז, אַז עס איז קיין גאָט ניטאָ? טאָ זעט: היינט איז שבת, יאָ? איז אָט וועל איך דאָ פאַר אַלעמען אין די אויגן פאַררויכערן אַ פאַפּיראָס. אויב ס׳איז דאָ אַ גאָט — זאָל ער אַראָפּוואַרפן אַ שטיין פון הימל און מיר פּלעטן דעם מוח... דאָס קלינגט אַנעטדאָטיש. אָבער איך געדענק נאָך גוט, ווי אין אַ געוויינלעכן שמועס פלעגט מען דאָס וואָרט גאָט פאַר־בייטן אויף דאָס וואָרט נאַטור. און טאָמער פלעגט זיך עמעצער אַרויסכאַפּן מיטן וואָרט גאָט, פלעגט ער זיך באַלד פאַרכאַפּן: די נאַטור מיין איך... און ווען מ׳האָט געזונגען דאָס דעמאָלט באַפּולערע אָפּשיידס־לידל:

„איך שווער ביי דעם אַלמעכטיקן גאָט,
אַז אייביק וועל איך דיר זיין טריי.
אונז צעשיידן איז קיינער ניט אימשטאַנד,
נאָר גאָט אַליין מיט זיינער האַנט״.

פלעגט מען די ערשטע שורה זינגען אַזוי: „איך שווער ביי דער אַלמעכטיקער נאַטור״, און די לעצטע שורה: „נאָר די נאַטור מיט אירער האַנט״.

די ערשטע צייט, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן רויכערן אום שבת, האָט מען עס געטאָן באַהאַלטענערהייט: ערשטנס, האָט מען נאָך מורא געהאַט פאַר די עלטערע; צווייטנס, וואָלט עס געקאָנט ברעכן די קאָנספּיראַציע: די אַרומיקע וואָלטן געדרונגען: אַן אַרבעטער איז ניט פרום, איז ער מסתמא אַ סאָציאַליסט. שפּעטער, ווען די מורא איז אַ ביסל אַראָפּ, האָט מען אָפּט גערויכערט דווקא, אַז די עלטערע זאָלן זען; עס איז געווען אַ מין צו להכעיס, אַ רעאַקציע אויף דער

פאַנאַטישער שטרענגקייט פון דעם אַלטן דור; עס איז אויך געווען אַ דעמאָנסטראַציע פאַר די נייע אָנשויאונגען. יום כפור איז ביי אונז געווען אַ מין רעוואָלוציאָנערער יום טוב פון עסן. מיר האָבן געפּילט אַ שמחה און אַ שטאָלץ דערפון, וואָס מיר זיינען נייע: מיר עסן און מאַכן זיך פריילעך, בעת אַלע יידן פאַסטן און וויינען... אָבער קיין אָפענע דעמאָנסטראַציע האָט מען ביי אונז דערפון ניט געמאַכט. די באַוואוסטע יום-כפור באַלן פון די אַנאַרכיסטן זיינען אויסגעוואַקסן אויפן אַמעריקאַנער באָדן. שפּעטער איז ביי אונז דאָס עסן אום יום כפור געוואָרן אַ וואָכעדיקער ענין, ווי די ניט-פרומקייט בכלל.

געווען אַרבעטער, וואָס האָבן פון זיך אַראָפּגעטרייסלט די רעליגיע נאָר פון אויבן. אין דער היים איז ביי זיי פאַרבליבן דער אַלטער ציטער, און ווען זיי זיינען געוואָרן עלטער און זיינען אַוועק פון דער באַוועגונג, האָבן זיי זיך אומגעקערט צו דער רעליגיעזער טראַדיציע, אָבער שוין אַ סך קעלטער און מער פאָרמעל, ווי פריער. ביי פרויען פלעגט אַזאַ רעצידיוו טרעפן אַ סך אָפטער, ווי ביי מענער: ווי לייכט זיי זיינען פון גאָט אַוועק, אַזוי לייכט האָבן זיי זיך צו אים אומגעקערט. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע אַרבעטער, וואָס זיינען פון דער באַוועגונג אַוועק, אָבער די ניט-רעליגיעזע אויפפירונג האָבן זיי איינגעהאַלטן. און אַפילו ביי אַ סך פון די, וואָס זיינען נאָך דער חתונה געוואָרן פיינע באַלעבעסלעך און אָנגעהויבן גיין שבת מיטן שווער אין שול אַריין — איז עס געווען מערער פון סטאַטעק וועגן, ווי פון האַרצן. אין דער באַוועגונג גופא איז די אַטמאָספערע געבליבן דורכאויס ניט רעליגיעז, און אויב עמעצן פון די ארבעטער ציט נאָך אַ ביסל צו גאָט, באַמיט ער זיך עס צו באַהאַלטן, צו דערשטיקן אין זיך.

אָבער אָפּקערנדיק זיך מיטן רוקן צו דער רעליגיע, האָבן די יידישע אַרבעטער איינגעהאַלטן יענע זייטן אירע, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן לעבנסשטייגער: די צערעמאָניעס פון חתונה און גט, די יום טובדיקע מאכלים, מל זיין קינדער. מ'האָט ניט געקאָנט ברעכן מיט קרובים, מיט דער גאַנצער

סביבה; און דער עיקר – דער לעבנסשטייגער איז געזעסן צו טיף אין דער נשמה, ער איז געווען צו שטאַרק פאַר־פלאָכטן מיט דער געוואוינשאַפט. אום שבת האָט מען געזוכערט, געשריבן. מ׳איז אַנטלאָפן פונם שבתדיקן טיש, ווייל דאָס האָט געפּענטעט, צוגעבונדן צום שטוב, בפרט די אַקטיווע טוער, וועלכע זיינען שבת געווען באַזונדערס פאַרנומען. אָבער אַרבעטן אום שבת – וואו עס איז ניט געווען קיין באַזונדערס שטאַרקער עקאָנאָמישער דרוק, האָט מען דאָס ניט געטאָן. און אויב עמעצער האָט געאַרבעט אום שבת, האָט ער זיך געפילט עלנט, אָפּגעריסן פון דער סביבה. דאָס איז דער כּוח פון דעם טיף־איינגעוואָרצלטן לעבנסשטייגער.

V

איך רייד די גאַנצע צייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַררוף זיך נאָר אויפן בונד. דאָס איז ניט בלויז דערפאַר, וואָס אין מיר רעדט דער פאַרטיי־פּאַטריאָטיזם, און וואָס מיין פּערזענלעכע דערפאַרונג איז מער ווי אַלץ, אַ בונדישע; אויך ניט דערפאַר, וואָס דער בונד איז געווען די ערשטע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע אויף דער יידישער גאַס און עד היום פאַרנעמט ער אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ סך אַ גרעסערן אָרט ווי כּלערליי פּועלי־ציון מיט די רעשטלעך פון ס. ס. צוזאַמען גענומען. דאָס איז דער עיקר דערפאַר, וואָס ווי ווייט די פּועלי־ציון און די ס. ס. זיינען זיך ניט פאַנאַנדער־געגאַנגען מיטן בונד אין פּראָגראַם — אין די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע און אין די מעטאָדן פון פּראַקטישער אַרבעט האָבן זיי דורכאויס קאָפּירט דעם בונד, קיין אייגן וואָרט ניט צוגעטראַכט. עס האָט אפילו טייל מאָל געטראָפן, אַז מ׳איז אין נאָכמאַכן דערגאַנגען ביז קאָמיזם. אויף אַ באַקאַנטן פּע־דאַגאָגישן אָרגאַניזאַטאָר פון די ס. ס., למשל, דערציילט מען אַזאַ מעשה: עס זיינען געווען צייטן, ווען ער איז געבליבן דער איינציקער מיטגליד פון צ. ק., די איבעריקע זיינען אַוועק פון דער אַרבעט, אָדער זיי זיינען געזעסן אין טורמע. אַלע האָבן דערפון געוואוסט, נאָר ער האָט עס געוואָלט

באַהאַלטן און ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז אַ באַפולמעכטיקטער פון אַ געהיימען צ. ק. ווען מע פלעגט צו אים קומען וועגן אַ פּאַרטיי-ענין, פלעגט ער אויסהערן און אַ זאָג טאָן: איר וועט אַ ווײַלע אויפוואַרטן, און איך וועל אַרײַנגיין זיך מישב זײַן מיטן צ. ק. אַרײַנגעגאַנגען אין צווייטן צימער און זיך מישב געווען אַ מינוט צען מיט זיך אַליין, פלעגט ער אַרויסגיין און רעזאָלוטיוו און פײַערלעך מעלדן: דער צ. ק. האָט דעם ענין אַלזײַטיק באַטראַכט און מיט אַ מערהייט שטימען באַשלאָסן...

אמת איז, אַז בײַם אָנשליסן זיך אָן דער אָדער יענער פּאַרטיי, שפּילט בײַ אַ מענטשן ניט אַלע מאָל אַ ראָלע דער באַוואוסטזײַן. זייער אָפּט ווירקט דאָ אַ צופאַל: דער ערשטער באַקאַנטער, דאָס ערשטע ביכל, קרובים און פרײַנט, וואָס געערן שוין פון פריער צו דער אָדער יענער פּאַרטיי. אַ באַקאַנטער האָט מיר אַ מאָל דערציילט, ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַ ס. ר. אַ רויער גימנאַזיסט פון אַ יאָר 17, אָן וועלכן ניט איז באַגריף וועגן רעוואָלוציע און סאָציאַליזם, איז ער צופעליק אַרײַנגעפאַלן אויף אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון ס. ר. מ׳האָט געפײַערט דעם ערשטן מערץ. אַ מאַן 25 האָבן זיך צונויפגעקליבן אויף אַ בוידעם-שטיבל הינטערן שטאָט, אויסגעהערט רעדעס, געזונגען לידער. „וועגן זשעליאַבאָוו, פּעראָווסקאַ, בכלל וועגן די טעראָריסטן, וואָס האָבן דעם ערשטן מערץ 1881 געהרגעט דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָב איך זיך דערוואוסט ניט פריער, ווי אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג. אין די רעדעס האָב איך ניט אַלץ פאַרשטאַנען; אָבער איך בין געווען אָנגעצונדן, אַנטציקט, און מיר האָט זיך מיט אַמאָל פאַרוואָלט ריידן. וואָס איך האָב געזאָגט, געדענק איך ניט, נאָר מײַן רעדע האָט געדויערט העכער אַ האַלב-שעה און זי איז געפעלן געוואָרן. איך ווייס ניט, צי איך האָב געווירקט אויף עמעצן אַנדערש, אָבער זיך אַליין האָב איך איבערצייגט: מײַן רעדע האָט מיך געמאַכט פאַר אַ ס. ר.״

איך ווייס, אַז אין בוגד זײַנען פאַראַן טוער, וואָס האָבן

געקאָנט זיין אויסגעצייכנטע ס. ס., פונקט ווי צווישן די ס. ס. זיינען געווען מענטשן, וואָס וואָלטן געווען מערער אויף אַן אָרט אין בונד. און דאָך איז פאַראַנען אַ ספּעציפישער בונדישער טיפּ, פונקט ווי עס איז פאַראַנען אַ פועל ציוניסטישער אָדער אַ ס. ס.-ישער טיפּ. און ניט דאָס אַליין, וואָס די פאַרטיי ליגט אַרויף אַ באַזונדערן שטעמפּל אויף אירע מיטגלידער און טוער, נאָר אויך דאָס, וואָס ניט קוקנדיק אויף אַלע צו-פעליגקייטן, איז דאָך פאַראַנען אַ מין פאַרטיי-אויסוואַל. עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס, לויט זייער מהות און דערציהונג, זיינען זיי מער צוגעפּאַסט צו איין פאַרטיי, ווי צו אַ צווייטער. ניט אַלץ לאָזט זיך איבערגעבן. עטוואָס וויל איך פאַרצייכענען.

הויבן מיר אָן פון די טוער. די בונדיסטן זיינען געקומען צום יידישן אַרבעטער נאָר מיטן סאָציאַליזם. בנוגע יידישע פראָבלעמען, זיינען זיי מיטביידע פיס געשטאַנען אויפן באָדן פון גלות, וועלכער דאַרף געלייטערט ווערן און געפינען זיין תיקון אין דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. אייגנטלעך האָבן פאַר זיי קיין זעלבסטשטענדיקע יידישע פראָבלעמען ניט עקזיסטירט; דאָס זיינען געווען בלויז איינצלהייטן פון די אַלגעמיינע פראָבלעמען. דאָס איז געווען מאָניסטיש, גראָדליניק, אָן סתירות. די בונדיסטן זיינען געווען מענטשן אָן אַ נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק; די וואָס זיינען געקומען פון אַסימילירטע קרייזן, האָבן זי קיינמאָל ניט געהאַט; די געוועזענע ישיבה-בחורים האָבן זיך געמיט אַרויסצערייסן אירע שפּורן פון זייער נשמה, זיינען געוואָרן אירע צולהכעיסניקעס. די יידישע קולטור איז פאַר די בונדיסטן געווען אַ זאַך פון נויטווענדיקער אַרבעט, ניט פון סענטימענטן. דער בונד איז אויסגעוואַקסן אויף דער פּראַקטישער אַרבעט, וועלכע האָט געפאָדערט אַלע כוחות און צו וועלכער יעדער אָנהענגער האָט זיך געריסן מיט דער גאַנצער נשמה.

אַ בונדיסט איז פריער פאַר אַלץ אַ ווילנסמענטש. אַ מענטש פון מעשים, אַ ניכטערער. ניט גענויגט צו אילוזיעס, הגם זיין ניכטערקייט האָט אים ניט געשטערט צו דערגיין ביז העראָיזם און מסירת נפש. ער האָט ניט איבעריקס חשק צו טעאָרעטיזירן,

צו פאַרקריכן אין ווייטע דרכים. אין דעם ליגט אַ געוויסע שוואַכקייט זיינע; אין דעם ליגט אויך זיין כוח: ער נעמט זיך צו אַ פראַגע נאָר דעמאָלט, ווען זי איז שוין צייטיק, קלאַפּט אַקטועל אין טיר פון לעבן און אָפּלייגן קאָן מען זי ניט; און ער נעמט אויף די טעאָריע נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי איז נויטיק פאַר דער פראַקטיק.

די ס. ס. און די פּועלי ציון זיינען געקומען צו דער אַרבעטער-באַוועגונג פון ציוניזם, און די גאַנצע צייט פון זייער עקזיסטענץ האָבן זיי געמוזט שפּרינגען אויף צוויי שוועלן, פאַראייניקן מאַרקסן מיט פּינסקערן און הערצעלן, גלותיזם מיט טעריטאָריאַליזם. האָבן זיי געמוזט נאָכאַנאַנד טעאָרעטיזירן, זיך פּלפּולן. דער פאַרשטאָרבענער באָרוכאָוו האָט אַמאָל געשריבן: אַ בונדיסט צו זיין איז לייכט – ס'איז איינפאַך, אָן סתירות. שווערער איז צו זיין אַ ס. ס. – פאַרוויקלטער; אָבער דער גרעסטער קונץ איז צו זיין אַ פּועל-ציון; ווייל דער פּועל-ציוניזם איז פול מיט ראַדיקאַלע סתירות און ס'איז שווער צו געפינען דעם סינטעז.

די פּועלי ציון מיט די ס. ס. זיינען געווען נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיקער. אָבער אַזוי ווי די פּועלי ציון האָבן געפאָדערט ניט בלויז אַ לאַנד בכלל, נאָר דאָס אַלטע היסטאָרישע לאַ״ד, איז ביי זיי די ראָמאַנטיק געווען שטאַרקער, ווי ביי די ס. ס., וועלכע זיינען געווען „טעריטאָריאַליסטן אָן אַ געאָגראַפישן פּונקט" און האָבן געקאָנט בענקען, ניט חובבן. און ווייל די פּועלי ציוניסטן האָבן שטאַרק געבויט אויף די אַלטע סענטימענטן פונם פאָלק, האָבן זיי געטראָגן זייער ראָמאַנטיק אויף דער גאַס און זי איז ביי זיי געוואָרן אי שרייעדיק, אי זיסלעך-מליצהדיק. בעת די פּועלי ציון און די ס. ס. זיינען געקומען צו דער יידישער מאַסע, איז די פּראַקטישע אַרבעט אין דער באַוועגונג שוין לאַנג געטאָן געוואָרן פונם בונד, און זיי האָבן אים אין דעם פּרט נאָר געקאָנט נאָכטאָן אין אַ סך אַ קלענערן מאַסשטאַב. וועלנדיק באַקעמפן אים, האָבן זיי געמוזט שטאַרקער שלאָגן אויף אונזערע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, אויפן אַנאַליז פון דער יידישערווירקלעכקייט; איז ביי זיי די טעאָרעטישע

ציִיגונג געווען גרעסער, ווי די אַקטיוויקייט. דאָך איז אין דעם פּרט געווען אַ באַדייטנדיקער אונטערשייד צווישן די פּועלי ציון מיט די ס. ס. די פּועלי ציון האָבן אַ באַשטימטן פּונקט פאַר זייערע טעריטאָריאַליסטישע באַשטרעבונגען — ציון, זיי האָבן אַן אָרט, וואו אויסצוגיסן זייער ראָמאַנטישע ענערגיע; זיינען זיי דעריבער אַקטיווער, איידער די ס. ס., וועלכע האָבן ערשט געהאַלטן אין זוכן לענדער, און האָבן „אָנשטאָט אַ טעריטאָריע געהאַט אַ טעאָריע". אָבער צוליב דער זעלביקער סבה איז אין איין פּרט דער ס. ס. געווען שטאַרקער, ווי דער פּועל ציוניסט. דער פּועל ציוניסט זוכט ניט קיין נייעס; ער זוכט נאָר ראיות צו פאַרענטפערן און באַרעכטיקן דאָס, וואָס ער האָט שוין פון לאַנג געפונען; דעריבער איז פון זיין טעאָרעטיזירן גאָרנישט אַרויסגעקומען. דער ס. ס. איז געווען אַ בעגקנדיקער זוכער. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דעם אַנאַליז פון דער יידישער ווירקלעכקייט; ער האָט דעם פאַרדינסט פון אָנווייזן קראַנקע ערטער, פון שטעלן פראַגן; אים איז אָבער ניט באַשערט געווען צו געבן אויף זיי אַ ריכטיקן ענטפער. מער ווי אַלץ האָבן אים געשטערט אין דעם די פּאַרטיקע מיינונגען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פונם ציוניזם. געשטערט האָט אויך דאָס, וואָס הגם די ס. ס., ווי די פּועלי ציון, האָבן נאָכאַנאַנד ציטירט מאַרקסן, זיינען זיי פונדעסטוועגן געווען זייער ניט פעסט אין מאַרקסיסטישן מעטאָד: זייער דואַליסטישצעשפּאָלטענער אַרט דענקען האָט זיי געמאַכט ניט פעהיק דערצו. האָט דער ס. ס. געמאַכט די זוכעניש פאַר אַ זעלבסטצוועק און ער האָט זיך שוין צו אָפט געגריבלט, געדרייט מיטן גראָבן פינגער. דאָס האָט אויך געווירקט אויף זיין יידיש, וועלכע איז געווען ניט קלאָר, האַרט, פול מיט שווערע העברעאישע ווערטער און ווענדונגען און דערמאָנט אין אַלט פרענקישן חקירה-ספר. דאָס רוב געוועזענע ס. ס. קאָנט איר נאָך עד היום דערקענען נאָך זייער פאַרפלאָנטערטער שפּראַך.

דער בונד האָט פאַר זיך אָפּגעצאָמט דעם תּחום פונם פּראָלעטאַריאַט און פונם דאָזיקן ווינקל האָט ער געקוקט אויפן גאַנצן יידישן פאָלק. די פּועלי ציון און ס. ס. זיינען געווען

מער קרובים מיטן כלל-פאָלק; זיי האָבן דאָך געהאַלטן, אַז אַן אמתער פראָלעטאַריאַט און אַן עכטער קלאַסן-קאַמף דאַרפן ביים יידישן פאָלק נאָך ערשט געבוירן ווערן אין אַן אייגענעם לאַנד. און אַ טעריטאָריע קאָן דאָך סוף כּל סוף ניט פאַר־ווירקלעכט ווערן פונם פּראָלעטאַריאַט אַליין. דערצו איז אַזוי צו אַנדערש נויטיק דאָס גאַנצע פאָלק.

וועגן די י. ס. (סיימיסטן) רייד איך דאָ ניט, ווייל זיי זיינען תּמיד געווען בלויז אַ הייפל אינטעליגענטן, קיינמאָל ניט קיין פּאַרטיי.

וואָס איז שייך די מאַסן, איז כּמעט אַ כּלל, אַז צו די פּועלי־ציון האָט מערער געצויגן די האַלב באַלעבאַטישע עלעמענטן צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי האַנדלס-אָנגעשטעלטע, פריזירער וכדומה, וואָס זיי שטייט ניט אָן זיך אַראָפּצולאָזן צום „פּשוטן המון", אויך אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע זיינען דערוויילע ניט פעהיק אויף אַ סיסטעמאַטיש-אָרגאַניזירטן עקאָ־נאָמישן קאַמף. די קעלנער זיינען געווען אי „יחסנים", אי קנאַפּ אָרגאַניזאַציע-פעהיק. און אין 1906, ווען די פּועלי ציון האָבן אָנגעוואָנדט עקאָנאָמישן טעראָר, האָבן זיי צוגעצויגן אַ גרויסן טייל פון די יידישע קעלנער.

צוליב דעם טאַקע זיינען צווישן די בונדיסטן געווען אַ סך מער עכטע פאָלקס-מענטשן, און די גאַנצע אַטמאָספערע איז ביי זיי געווען אַ סך פאָלקסטימלעכער, ווי ביי די פּועלי־ציון. אברהם רייזען, אַליין דורכאויס אַ פאָלקס-מענטש, האָט מיר אַמאָל דערקלערט, פאַרוואָס ער האָט אין קראָקע מער ליב צו פאַרברענגען צווישן די זש. פּ. ס. (גאַליציאַנער בונדיסטן) איידער צווישן די פּועלי ציון. ער האָט געזאָגט אומגעפער אַזוי: די פּועלי ציון זיינען וואוילע יינגען, זיי האָבן ליב פּאָעזיע, אָבער ביי זיי רעדט מען אַזעלכע הויכע ווערטער און אַלץ איז אַזוי אָנשטענדיק, אַז מיר איז דאָרטן קאַלט אויף דער נשמה. ביי די בונדיסטן אין קלוב, אַז איך קום אַריין אין אָוונט, באַקן מיר קאַרטאָפל אין הייסן אויוון און מיר ריידן ווערטער, ווי ברעטער, פּשוט און היימיש".

דער צווישנפּאַרטייאישער קאַמף האָט זיך אויף דער

יידישער גאַס שטענדיק געפירט מיט דער גרעסטער פּאַרביסנ־קייט; דאָך איז ער ביז די לעצטע יאָרן קיינמאָל ניט דער־גאַנגען צו אַזאַ שאַרפקייט, אַז מ׳זאָל באַשולדיקן אַ קעגנער אין פּראָוואָקאַציע, ווי דאָס האָבן אַמאָל געטאָן די פּ. פּ. ס. קעגן די פּ. ס. ד. און די פּ. ס. ד. פון ראָזאַ לוקסעמבורגס ריכטונג קעגן די פּ. ס. ד. פון דער אָפּאָזיציע. ליידער איז די לעצטע יאָרן אין דעם פּרט געוואָרן אַ סך ערגער. אָנשטאָט אַ קאַמף פון פּרינציפּן — איז געקומען אַ קאַמף פון פויסטן, מ׳קעמפט מיט רכילות און אינסינואַציעס, מ׳קעמפט מיט שטעקנס; ניט ווי ברידער קעגנער, נאָר ווי בלוטיקע שונאים.

אויס מורא איבערצוכאַפּן די מאָס און ווערן נאַציאָנאַליס־טיש, איז אַ בונדיסט אין יידישע פראַגן שטענדיק לינקער, ווי אין אַלגעמיין־פּאָליטישע. עס איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרן: בונדיסטן זיינען מענשעוויקעס אין אַלגעמיינע פראַגן און באָלשעוויקעס אין יידישע פראַגן. ביי אייניקע טוער פלעגט עס אַמאָל אָננעמען אַן אָריגינעלן כאַראַקטער. די חברטע אסתּר, למשל, איז צייטנווייז געווען נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. זי האָט עס געוואוסט און מורא געהאַט פאַר זיך אַליין; און אויב איר איז אין אַזאַ שטימונג אויסגעקומען צו באַהאַנדלען וועלכע ניט איז יידישע פראַגע, פלעגט זי איבערבויגן דעם שטעקן אין דער צווייטער זייט און זיך אָנשפּאַרן כמעט אין אַסימילאַציע.

אָבער דער בונדיסט איז שטענדיק געהאָרכזאַם דעם רוף פונם לעבן, און זאָלן עס נאָר די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאָדערן, ווערט אַ בונדיסט דרייסט איינגיין אויף אַזעלכע טריט, פאַר וועלכע ער האָט נעכטן, בעת דאָס איז געווען אַ געגנ־שטאַנד פון דיסקוסיעס, שטאַרק מורא געהאַט. פאַרקערט איז מיט די פּועלי ציון און ס. ס.: די רעכטע פּועלי ציון, למשל, געערן אין לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַל צום לינקן פליגל און דאָך נעמען זיי אָנטייל אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן און מיר זעען זיי אָפט אין די פאַרשיידנסטע קאָאַליציעס מיט די בירגערלעכע ציוניסטן. ביי אונז איז שוין כמעט געוואָרן אַ כלל; וואָס נאַציאָנאַליסטישער אַ יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי

איז, אַלץ אַ לינקערע פראַזעאָלאָגיע באַנוצט זי אין אַלגעמיינע פראַגן. פון 1905 אָן האָבן די ס. ס. אין אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגן כּמעט שטענדיק געגומען מיט אַפּאָר טענער העכער, איידער דער בונד, און די פּועלי ציון האָבן זיך פּשוט געריסן אויפן בייקול. די דאָזיקע פאַרקערטע פּראָפּאָרציע צווישן רעוואָלוציאָנערישקייט פאַר לייטן און אָפּאָרטוניזם ביי זיך אין דער היים – האָט זיך איינגעהאַלטן ביז היינטיקן טאָג.

## VI

דער יידישער אַרבעטער איז געוואוינלעך מער אינטער-נאַציאָנאַליסטיש, איידער די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס; און דאָס איז ניט, ווי די ציוניסטן באַשולדיקן אים, ווייל ער פאַרגעסט די אינטערעסן פון זיין אייגענער נאַציע, נאָר דוקא ווייל ער געדענקט זי אויסגעצייכנט. עס קלינגט, ווי אַ פּאַראַדאָקס; עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז אינטערנאַציאָנאַליזם איז אַ נאַציאָ-נאַלער שטריק פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.

יידן זיינען אומעטום אַ מינדערהייט; ניט ווי די אוקראַינער און ווייס-רוסן אין פּוילן, למשל, וועלכע זיינען אַ מינדערהייט אינם גאַנצן לאַנד אָבער אַ מערהייט ביי זיך אין געגנט. יידן זיינען אַ עקסטעריטאָריעלע מינדערהייט. די יידישע אַרבעטער זיינען אומעטום נאָר אַ טייל פונם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט; זיי מוזן אומעטום אַזוי צי אַנדערש זיין פאַרבונדן מיטן גאַנצן; וועו ניט זיינען זיי אָנמעכטיק. אפילו אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלן קאַמף, וואו דער יידישער אַרבעטער איז אָפּ-געצאַמט אין אַ מין ווירטשאַפטלעכער געטאָ און ביי דער אַרבעט באַגעגנט ער זיך זעלטן ווען מיט ניט-יידישע חברים – קאָנען זיינע געווינסן ניט האָבן קיין גרויסע ממשות, ווען די אַרבעטער פון דער מערהייטס-נאַציע וועלן ברעכן זיינע שטרייקן, אַראָפּדריקן זיין לוין. ווער רעדט נאָך, ווען עס קומט אויס צו פירן אַ קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט: ווען מ׳דאַרף ניט לאָזן זיך אַרויסצושטויסן פון פאַבריקן, וואָס גייען איבער פון האַנט-אַרבעט צו מעכאַנישער קראַפט און די

אָפּגעשטאַנענע פּוילישע אַרבעטער פּרעטענדירן אויף די איינ־געזעסענע שטעלעס פון די יידישע אַרבעטער מיט דער אַלטער טענה: יידן אַרבעטן אין וואַרשטאַטן, די פאַבריק געהערט דעם פּאָליאַק; אָדער ווען מ׳וויל ברעכן די וואַנט און אַריינ־דרינגען אין די גרעסערע פאַבריקן, אין די אונטערנעמונגען פון דער מלוכה און פון דער זעלבסט-פאַרוואַלטונג — דאָ קאָן מען זיך געוויס ניט באַגיין אָן דער הילף פונם אָרגאַניזירטן ניט-יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס אינם זעלביקן לאַנד. די יידישע אַרבעטער האָבן נאָך מיט אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק צוריק געגרינדעט דעם פעדעראַטיוון גאַרבער פאַרבאַנד. זיי זיינען אַלע מאָל געווען קעגן סעפּאַראַטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. טאָמער האָט דער חבר ב-סקי אין 1907 זיך אַרויסגעזאָגט פאַר ריין יידישע נאַציאָנאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָט ער קיין שום אָפּקלאַנג ניט געפונען. דער בונד האָט שטענדיק געשטרעבט צו קאָנצענטרירן דעם גאַנצן עקאָנאָמישן קאַמף אין גרויסע פאַראיינען, וואָס זאָלן אַרומנעמען אַלע אַרבעטער פון פאַך, אָן אונטערשייד פון נאַציע; אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע סעקציעס אין די פאַראיינען האָט ער געפאָדערט נאָר פאַר דער קולטור-אַרבעט.

אויפן געביט פונם פּאָליטישן קאַמף איז נאָך קלערער, אַז דער יידישער אַרבעטער-קלאַס אַליין, אַלס טייל, אַלס מינדערהייט, קאָן ווייניק אויפטאָן. און ניט בלויז פאַר די אַלגעמיינע פרייהייטן און רעכט — אפילו פאַר די פונקטן, וועלכע זיינען מער ווי אַלץ זיינע: גלייכבאַרעכטיקונג, נאַציאָנאַלע רעכט — אפילו פאַר דעם קאָן ער אויך קעמפן מיט ערפאָלג נאָר מיט דער הילף פונם לאַנדס-פּראָלעטאַריאַט. דערום האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט שטענדיק געשטרעבט צו זיין אָנגעשלאָסן אָן אַ גרויסער לאַנדס-פּאַרטיי. און די לענדער, וואו ער אַרבעט און פירט זיין מאַסן-קאַמף, זיינען באַוואוינט ניט פון איינער, נאָר פון עטלעכע נאַציעס — ניט קיין נאַציאָנאַלע שטאַטן, נאָר נאַציאָנאַליטעטן-שטאַטן — ווי דאָס אַמאָליקע עסטרייך, רוסלאַנד, די היינטיקע פּוילן. איז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט געווען פאַראינטערעסירט, אַז אין

יענע לענדער זאָל עקזיסטירן איין גרויסע אַרבעטער-פּאַרטיי, אַ מין פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַל פאַר יענעם לאַנד. אין עסטרייך, וואו אַזאַ פּאַרטיי איז שוין געווען, האָט דער גאַליציאַנער בונד מיט אַלע כּוחות געשטרעבט זיך אָן אים אָנצושליסן. אין רוסלאַנד האָט דער בונד אַ סך מיטגעהאָלפן צו באַשאַפן די רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער פּאַרטיי, און ביי אומאויפהערלעכע שפּאַלטונגען, וואָס האָבן אין איר געהערשט ביז 1917, איז דער בונד כּסדר געווען דער פּשרה-מאַכער, דער אויסגלייכער, האָט ער תּמיד געשטרעבט צו פאַרקניפּן די איבערגעריסענע פעדעם, צו פאַראייניקן. דער יידישער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער האָט זיך געפילט שלעכט, ווען קיין לאַנדס-פּאַרטיי איז גאָר ניט געווען, ווען זי איז געווען צעבראָקלט און גלייך ווי ניט געווען, אָדער ווען ער האָט זיך געפונען אויסער אירע ראַמען.

די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פּ. פּ. ס. און „איסקראַ" אַמאָל, ביי די „רויטע" היינט, האָט עס געפירט דערצו, אַז זיי האָבן אינגאַנצן געלייקנט די נויטיקייט פון אַ וועלכע עס איז זעלבסטשטענדיקע יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע *). דאָס זיינען אָבער געווען יידן-סאָציאַליסטן, ניט קיין יידישע סאָציאַליסטן. די לעצטע האָבן געוואוסט, אַז אָן אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע וועט

*) מיט די יידישע איסקראָווצעס און פּ. פּ. ס. איז די זאַך אַביסל פאַרוויקלטער. צוליב דער אויסשליסלעכער לאַגע פון דער יידישער מאַסע, הערשן ביי איר צוזאַמען מיט געזונטע נאַציאָנאַלע שטימונגען אויך שאָוויניס-טישע און אַסימילאַטאָריש-קאָסמאָפּאָליטישע טענדענצן. עס ווענדט זיך אָן מאָמענט און אָן שיכט, צו וועלכן דער אָדער יענער אַרבעטער געהערט. די גרויסע מאַסע קאָן אַמאָל אונטערן איינפלוס פון גרויסע צרות אָדער גלאַנציקע אילוזיעס צייטווייליק פאַרקריכן אין זומפּ פון שאָוויניזם; אַסימילאַטאָריש קאָן זי ניט ווערן, ווייל קיין מאַסע קאָן פון זיך ניט אוועק. די יידישע אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע קאָן פאַרלויפן סאַי אין שאָוויניזם, סאַי אין קאָס-מאָפּאָליטיזם, אָפּהענגיק פון איר דערציאונג און סביבה, אָפּהענגיק דערפון, צי זי האָט אַ האָפנונג אויסצונוצן פּראָפעסיאָנעל די לאַנדספּראַך און די

ניט זיין קיין יידישע אַרבעטער-באַוועגונג, און צווישן באַזונדער און צונויפגעגאָסן האָבן זיי געפונען אַ סינטעז: אַ יידישע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע אין אַן אַלגעמיינער לאַנדס-פּאַרטיי. אין 1903 אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער ס. ד. האָט מען דעם דאָזיקן סינטעז אָפּגעוואָרפן, איז דער בונד געווען געצוואונגען אַרויסצוגיין פון דער לאַנדס-פּאַרטיי; ווען ניט, וואָלט ער פאַרשלונגען געוואָרן. די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט האָט עס פאַרשטאַנען און באַשטעטיקט. די גאַנצע דריי יאָר, וואָס דער בונד האָט זיך געפונען אויסער דער פּאַרטיי, האָט ער גערעכנט, אַז דאָס איז נאָר דערווייליגע און האָט געזוכט לפּחות צייטווייליקע אָדער אָרטיקע אָפּמאַכן. אין יענער צייט האָט ער אין לעטלאַנד געשאַפן דעם פעדעראַטיוון קאָמיטעט פון די לעטישע אַרבעטער מיט די יידישע.

אין 1906 האָבן די רוסישע ס. ד. אונטערן דראַנג פון דער רעוואָלוציע געמוזט איינגיין אויף דער אויטאָנאָמיע פון בונד; און ווי נאָר עס האָט זיך געעפנט אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן צוזאַמען, האָט זיך באַלד ביי דער יידישער מאַסע באַוויזן די גרעסטע תשוקה צו פאַראייניקונג. ניט אין אַלץ האָט די רוסישע ס. ד. נאָכגעגעבן. זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט איינגיין אויף דער פאָדערונג, דער בונד זאָל זיין אין דער רוסלענדער פּאַרטיי דער איינציקער פאָרשטייער פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט. פון דעם דאָזיקן פּונקט האָבן קעגנער און שונאים חוזק געמאַכט, זיין אינהאַלט איז פאַרטונקלט געוואָרן און ער פאָדערט אַ קורצע דערקלערונג. דאָס האָט געהייסן, אַז אין דער לאַנדס-פּאַרטיי קאָן ניט זיין נאָך איין אָרגאַניזאַציע, וואָס טוט די סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַ חוץ דעם בונד, אַז די רוסלענדער פּאַרטיי גופא און די פּ. ס. ד. — זי האָט דעמאָלט געהאַט

---

אַלגעמיינע בילדונג, וואָס זי באַזיצט. די יידן פון דער „איסקרא״ און פון די פּ. פּ. ס. האָבן אויסגעדריקט די קאָסמאָפּאָליטישע טענדענץ פון דער יידישער אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע.

פּרעטענזיעס אויף דעם — דאַרפן די דאָזיקע אַרבעט ניט טאָן. עס זיינען געווען טוער — „האַרטע" האָט מען זיי גערופן — וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אָן דעם „איינציקן פאָרשטייער" טאָר מען זיך ניט פאַראייניקן; אין דעם דאָזיקן פּונקט — האָבן זיי געזאָגט — ליגט דער גאַנצער פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיע; און אויב אין איין פּאַרטיי וועלן זיין עטלעכע פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס טוען די זעלביקע אַרבעט צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועט צווישן זיי זיין אַ שטענדיקע צאַנקעריי; דאָס וועט ברענגען דעם גרעסטן שאָדן דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און די פאַראייניקונג וועט ביי אַזעלכע באַדינגונגען גאָר ניט ווערט זיין.

געזיגט האָבן די „ווייכע". ניט מיט דער לאָגיק פון זייערע אַרגומענטן, נאָר מיטן דראַנג פון די יידישע אַרבעטער צו פאַראייניקונג. דעם דאָזיקן דראַנג האָבן אויף זיך שטאַרק געפילט אַלע פירער און טוער. איך בין געווען פון די האַרטע; איך האָב געהאַלטן, אַז מיר מעגן איינגיין אויף אַנדערע פאָרמעלע פשרות, אַבי זיך דערשלאָגן אַ פולע אויטאָנאָמיע: זאָל מען אונז נאָר געבן די נויטיקע זעלבסטשטענדיקייט — דאָס איבעריקע וועט שוין אַליין קומען. פון אָנהויב האָבן מיר געהאַט כמעט אַ מערהייט, אָבער וואָס אַ טאָג זיינען אונזערע רייען שיטערער געוואָרן. איך פלעג באַגעגענען חברים, וועלכע זיינען נאָך נעכטן געווען האַרטער פון מיר און איבער נאַכט זיינען זיי „ווייך" געוואָרן. „סטייטש?" פרעג איך. „מ׳קאָן ניט אַנדערש"... ענטפערט מען מיר. מעדעם, וועלכער איז אין גרונד געווען אַ „האַרטער" און דאָך האָט ער זיך געשטעלט אין די רייען פון די „ווייכע", האָט עס מיר דערקלערט אַזוי: „מיר מוזן וואָס גיכער דורכפירן די פאַראייניקונג פון אויבן; ווען ניט, וועט עס די מאַסע טאָן איבער אונזערע קעפּ. מיט דער שטימונג פון דער מאַסע שפּילט מען זיך ניט"... אין לעמבערג אויפן זיבעטן צוזאַמענפאָר פון בונד איז געווען אַ גרויסע מערהייט ווייכע. אָבער ווען עס וואָלט ניט אַזוי געווען, ווען אָן אַ פּאָר שטימען פון די „האַרטע" וואָלט זיך געווענט: אָננעמען די פאַראייניקונג אָדער

אָפּוואַרפֿן — בין איך זיכער, אַז ביי אַ היפּשע ביסל פֿון די האַרטע וואָלט זיך די האַנט ניט אויפגעהויבן צו שטימען קעגן. און גלייך נאָכן צוזאַמענפּאַר, בעת מ׳האָט געדאַרפט דורכפֿירן די פּאַראייניקונג אין לעבן, זיינען דאָס רוב נעכטיקע „ווייכע״ האַרט געוואָרן און האָבן מיט אַלע כּוחות געשטרעבט דערצו, אַז די אויטאָנאָמיע זאָל זיין וואָס פֿולער, אַז דאָס וואָס מ׳האָט ניט געקאָנט געווינען דורך אונטערהאַנדלונגען, זאָל מען געווינען דורך פֿאַקטן.

וואָס איז שייך דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע פֿונם פּראָלעטאַריאַט, דעם אינטערנאַציאָנאַל, זיינען די יידישע אַרבעטער שטענדיק געווען זיינע הייסע חסידים. און ווידער אַמאָל ניט בלויז צוליב אַלגעמיין-סאָציאַליסטישע, נאָר אויך צוליב יידיש-נאַציאָנאַלע טעמים. ערשטנס, צוליב דעם, וואָס יידן האָבן שוין לאַנג ניט קיין אייגענע מלוכה, צוליב דעם, וואָס זיי זיינען אַ וואַנדער-פֿאָלק, פֿעלט זיי אַ סך אינסטינקטן, וועלכע זיינען דורך לאַנגע הונדערטער יאָרן טיף איינגעפֿלאַנצט געוואָרן ביי די מאַסן פֿון אַנדערע נאַציעס. זיי פֿעלט דער אינסטינקט פֿון — געררעכט אָדער אומגערעכט — מיין לאַנד. זיי פֿעלט דאָס געפֿיל פֿאַר פּרעסטיזש. די יידן אין מינסק האָבן געוויס געפֿילט די צרות פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע ניט ווייניקער, ווי די בעלגיער פֿון ליעזש; אָבער די באַליידיקונג דערפֿון, וואָס „אַ פֿרעמדער הערשעוועט ביי אונז אין לאַנד״ — דאָס האָט דער בעלגיער פֿון ליעזש געוויס געפֿילט אַ סך טיפֿער און פֿיינלעכער, ווי דער ייד פֿון מינסק. דאָס מאַכט דעם יידישן סאָציאַליסט מער מסוגל צו אינטערנאַציאָנאַליזם. עס זיינען געווען אין דייטשלאַנד יידן סאָציאַל-פּאַטריאָטן, ווי פֿראַנק וכדומה. אָבער די יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן נאָך געהאַט לעבעדיקע יידישע שטימונגען, זיי האָט געצויגן צום אינטערנאַציאָנאַליזם. און אויב ניט בלויז די ראַדיקאַלן האַאַזע און אָסקאַר קאָן, נאָר אפֿילו דער רעפֿאָרמיסט עדוואַרד בערנשטיין — אַלע דריי זיינען באַוואוסט מיט זייערע יידישע שטימונגען — איז בעתן וועלט-קריג געווען אַ קעגנער פֿונם בורג-פֿרידן, האָט דאָ אָן שום ספֿק אַ געוויסע

ראָלע געשפּילט אונזער נאַציאָנאַלער אינטערנאַציאָנאַליזם.

צווייטנס. צוליב די נאַציאָנאַליטעטן-מלוכות און צוליב די מאַסן-איבערוואַנדערונגען קומט בײַ איצטיקע גרויסע מלחמות אויס מענטשן פון איינער און דערזעלביקער נאַציע מלחמה צו האַלטן קעגנאַנאַנדער אין פאַרשיידענע אַרמייען. אין דער לעצטער וועלט-מלחמה איז אויסגעקומען די „רוסישע" דייטשן צו שעכטן די „דייטשע" דייטשן, דאָס זעלבע האָבן געמוזט טאָן די „דייטשע" און „עסטרייכישע" פּאָליאַקן, מיט די „רוסישע" פּאָליאַקן. די בירגער פון אַמעריקע קאָן בײַ יעדער מלחמה מיט אַן אייראָפּייאישער מלוכה אויסקומען אויפצוהייבן דעם שווערד קעגן זייערע ברידער פון איין נאַציע. אָבער קיין אַנדער נאַציע קאָן אַזוי אָפט און אַזוי שטאַרק ניט פילן דעם דאָזיקן ספּעציפישן פּיין, ווי די יידן, וועלכע זיינען צעשפּרייט איבער אַלע לענדער פון דער וועלט. בײַ דער יידישער בורזשואַזיע ווערט עס קאָמפּענסירט מיט גרויסע מלחמה-פּראָפיטן, און זיי קאָנען זיין מאָרד-פּאַטריאָטן פון זייער פאָטערלאַנד. די יידישע מאַסן האָבן פון אַ מלחמה נאָר צרות, אַלגעמיינע און ספּעציפיש-יידישע: יעדע מלחמה פאַרשטאַרקט דאָך דעם שאָוויניזם און ממילא אויך דעם אַנטיסעמיטיזם. וואָס איז דער חידוש, אַז דאָס טרייבט די יידישע מאַסן שטאַרקער ווי אַנדערע צום אינטערנאַציאָנאַליזם?... אין שלום אַשס דראַמע „אַ שנירל פּערל" אין לעצטן אַקט איז פאַראַנען אַ סימבאָלישע סצענע, ווי די צוויי זין פונם אַלטן ר' מלך, ביידע זעלנער, איינער פון דער עסטרייכישער אַרמיי, דער צווייטער פון דער רוסישער, וואַרפן זיך פאַרביטערט איינער אויפן אַנדערן מיטן אויסגעשריי: דער שונא! דער פאָטער האַלט זיי אָפּ: ניט דער שונא, נאָר דער ברודער! און ער דערמאָנט זיי אָן דעם אַלטן געבאָט „לא תרצח", וואָס דאַרף שטיין העכער פאַר דעם נייעם אָפּגאָט „דאָס פאָטערלאַנד"; און פון אַלע זייטן שאַלט אַ געזאַנג: „ס'איז אַ גרויסע שעה! אַ ברודער האָט אַ ברודער געפונען! הללויה!"

דריטנס. דער יידישער אַרבעטער איז פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז ער און די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס, וואָס

וואוינען מיט אים אין איין לאַנד, זאָלן זיין פאַרבונדן אין איין העכערן אינטערנאַציאָנאַל, צו ווען זיי זאָלן קאָנען אַפעלירן אין פאַל פון אַ נאַציאָנאַלן קאָנפליקט, וועלכער זאָל קאָנען אויסגלייכן אַזעלכע קאָנפליקטן. און וואָס שטאַרקער עס איז דער אינטערנאַציאָנאַל צווישן לאַנד און לאַנד, אַלץ זיכערער איז דער צוזאַמענבונד צווישן די נאַציאָנאַלע פראָ-לעטאַריאַטן אין יעדן איינצלנעם לאַנד; אַלץ פעסטער זיינען די אַלגעמיינע לאַנדס-פאַרטייען, וואו זיי זיינען שוין פאַראַן; אַלץ מער האָפענונג, זיי זאָלן ווערן, וואו זיי זיינען נאָך ניטאָ. פערטנס. אַ מעכטיקער אינטערנאַציאָנאַל קאָן אויפהויבן זיין אויטאָריטעטע שטים קעגן גזרות און רדיפות אויף יידן אין איינצלנע לענדער, קאָן ווערן אַ שטיצפונקט אין קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג.

דאָס אַלץ ווירקט ניט בלויז אויף די יידישע מאַסן-פאַרטייען; דאָס ווירקט אין אַ געוויסער מאָס אויך אויף איינצלנע יידן, וואָס געפינען זיך אין ניט-יידישע סאָציאַליס-טישע פאַרטייען. דעריבער געפינט איר אין יעדן פון די עקזיסטירנדיקע אינטערנאַציאָנאַלן אַזוי פיל איינפלוסרייכע יידן. דער יידישער סאָציאַליזם און די יידן-סאָציאַליסטן זיינען הויוון פון אינטערנאַציאָנאַליזם. מ׳זאָגט, דאָס איז די יידישע מיסיע. אָבער ערשטנס האַנדלט זיך עס ניט אום דאָס יידישע פאָלק, אַלס אַ גאַנצע: די יידישע סאָציאַליסטן זיינען אַ קליינע מינדערהייט אינם יידישן פאָלק. און צווייטנס, איז דאָס וואָרט מיסיע מיסטיש אָדער מעטאַפיזיש און אויסער נעבל גיט עס גאָר ניט; און דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ קלאָרע היסטאָרישע דערשיינונג. דער יידישער סאָציאַליזם איז צוליב אָביעקטיווע באַדינגונגען געצוואונגען צו זיין די הויוון פון אינטערנאַציאָנאַליזם. און אָט די אָביעקטיווע נויטווענדיקייט ווערט אויפגענומען סוביעקטיוו, ניט ווי אַ משא, וואָס עמעצער האָט איבער-געוואָרפן אָנגעוואָרפן, ניט ווי אַ פיינלעכע אָנשיקעניש, נאָר ווילקן מיט באַגייסטערונג, ווי אַן אויפגאַבע, וואָס שטימט מיט דעם אינערלעכן דראַנג. דאָס איז אפשר ניט אַזוי שיין, ווי די מיסטיש-מעטאַפיזישע מיסיע, דערפאַר איז עס קלערער און זיכערער.

# אויפן פעלד פון קולטור

I

די יידישע סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען האָבן אָפט ליב איבערצוחזרן: „מיר זיינען ניט קיין קולטור-טרעגער״. אין אונזערע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען איז מען צייטנווייז געניגט צו רעכענען די קולטור-אַרבעט פאַר מינדערווערטיק אין פאַרגלייך מיט דער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט. דאָס מאַכט די קולטור-אַרבעט וואָכעדיק. ליבן אַזאַ מין באַציהונג קאָן מען געוויס ניט, אָבער פאַרשטענדלעך איז זי. ביי פּאָליטישע פּאַרטייען מוז אויפן ערשטן אָרט שטיין פּאָליטיק; זייער אויפגאַבע איז ניט אַזוי טאָן די קולטור-אַרבעט גופא, ווי צוגרייטן די פּאָליטישע באַדינגונגען פאַר איר. דאָס זיינען קעמפערישע פּאַרטייען, און אין פּראָפעסיאָנעלער און אין פּאָליטישער אַרבעט איז דער עלעמענט פון קאַמף בולטער, איידער אויפן פעלד פון קולטור; די מאַסן מאָנען זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע נויטן אַ סך דרינגענדיקער, איידער די קולטור-באַדערפעענישן, וועלכע מ׳דאַרף נאָך ערשט ביי זיי אַרויסרופן; אין הייסע מאָמענטן לאָזט דער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער קאַמף זיך ווייניקער אָפּלייגן, ווי די קולטור-אַרבעט; ער פאַרכאַפּט אינגאַנצן, לאָזט ניט אָפּאָטעמען. און מ׳קאָן ניט פאַרדיינקען סאָציאַליסטן, ווען זיי צאָמען זיך אָפּ פון ריינע קולטור-טרעגער, ביי וועלכע קולטור איז דער א׳ און דער ת׳ פון פּראָגראַם און די גאַנצע זאַך איז בלויז אַ מין פילאַנטראָפּיע – צוּוואַרפן דער אָרעמער מאַסע נעבעך אַ פּאָר ברעקלעך פונם רייכן קולטור-טיש.

אָבער ניט געקוקט אויף דעם וואָכעדיקן טאָן, אין

וועלכן מ׳האָט אָפּט גערעדט פון דער קולטור אַרבעט, האָבן אַלע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען נאָכאַנאַנד די דאָזיקע אַרבעט געטאָן ; אין מאָמענט פון שטילשטאַנד איז זי געווען כּמעט זייער איינציקע אַרבעט. זיי האָבן עס געמוזט טאָן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז אָן אַלגעמיינע אויפקלערונג איז ניט מעגלעך קיין טיפערע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, אַז אַן אומקולטערעלע מאַסע קאָן נישט ווי געהעריק אויסנוצן, קאָן נישט באַפעסטיקן אירע נצחונות, און ווען זי זאָל אפילו פאַרכאַפּן די מאַכט, וועט זי ניט זיין אימשטאַנד זעלבסט-שטענדיק אָנצופירן ניט דיווירטשאַפט פון לאַנד, ניט דעם גאַנצן מלוכה-אַפּאַראַט. ניט אומזיסט האָבן זיי כּסדר געחזרט מיט די אַרבעטער, אַז „וויסן איז מאַכט״. די אַלגעמיינע אויפ-קלערונג ווידער האָבן די סאָציאַליסטן ניט געוואָלט אָנטרויען ניט-סאָציאַליסטישע טוער, כּדי יענע זאָלן זי ניט באַפאַרבן מיט אַ בורזשואַזן גייסט, זאָלן דערוויל ניט קריגן קיין השפּעה אויף די אַרבעטער. און דער עיקר : עס איז פּשוט ניט געווען, וועמען די דאָזיקע אַרבעט אָנצוטרויען.

אפילו היינט, ווען מיר פאַרמאָגן ברוך השם אומ-פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס פאַר ליטעראַטור און קולטור, ליגט נאָך אויף דער גרעסטער טייל אַרבעט אויף די פּלייצעס פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען ; די בירגערלעכע קרייזן גיבן נאָר איינצלנע טוער, וועלכע ווערן דאָס רוב אויסגענוצט פון די סאָציאַליסטן ; און בעת מ׳רעדט ביי אונז וועגן פאַר-ברייטערן די באַזע פון דער קולטור-באַוועגונג און אַריינציען די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע, האַנדלט עס זיך מערער אום אַ טענדענץ, איידער אום פּאַקטישע כּוחות, בפרט מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק. בעת די פאָרגייער פון בונד האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט, איז אויף דער יידישער גאַס ניט געווען אַזאַ כּח, וואָס זאָל וועלן און קאָנען טאָן אַ וויפיל ניט איז ברייטע קולטור-אַרבעט צווישן די מאַסן. זיי, די אָנהויבער, האָבן געוואוסט, אַז פון הימל וועט קיין קולטור פאַר די יידישע מאַסן ניט אַראָפּפאַלן, און ווען זיי זאָלן ניט צולייגן די האַנט, נישט געבן דעם נויטיקן שטויס, טאָ ווער וועט עס

טאָן? די מפיצי־השכלה איז נאָך דעמאָלט געווען אַ גבֿיריש־פילאַנטראָפּיש־אַסימילאַטאָרישע חברה, וועלכע האָט געטראָגן רוסישע פאָרמעלע בילדונג פאַר באַלעבאַטישע קינדער. די חברה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געזעלשאַפט מיט אַ ברייטערע מיטגלידערשאַפט — און דאָס אויך נאָר אין אייניקע גרעסערע שטעט — נאָך 1905, און דעמאָלט ערשט האָבן זיך אין איר באַוויזן יידישיסטישע טענדענצן — אונטער דער ווירקונג פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען.

אום איז באַשערט געווען לאַנגע יאָרן צו זיין אַפּריער דער בן יחיד, דערנאָך די גרעסטע אַרבעטער־פאַרטיי אויף דער יידישער גאַס; און עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגן, אַז דאָס וואָס דער בונד האָט געטאָן און אויפגעטאָן אויפן געביט פון קולטור, שטייגט ווייט אַריבער די אַרבעט פון אַלע צאַנדערע יידישע פאַרטייען צוזאַמען גענומען.

II

מ׳קאָן זאָגן, אַז אויפן פעלד פון קולטור האָבן די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ביז צו אַ געוויסן גראָד ווייטער געפירט די איבערגעריסענע אַרבעט פון די משכילים. וואָס די השכלה האָט געטאָן פאַר די באַלעבאַטישע קינדער, דאָס האָבן די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן געטאָן פאַר די אַרבעטער־מאַסן: געבראָכן די ממשלה פונם רב און גוטן יידן, פון בית המדרש און אַלטן ספר, אויסגעוואָרצלט פאַרשימלטע פאַראורטיילן און אָפּגעלעבטע טראַדיציעס, אומגעוואָרפן די ווענט, וואָס האָבן אָפּגעטיילט דעם יידן פון דער נייער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע, געריסן פון דער געטאָ אַרויס. מיט אַנדערע וועגן און מיטלען, מיט אַ גרעסערן אימפּעט און אַ סך טיפער און ראַדיקאַלער, אָבער די אַרבעט איז געווען די זעלביקע — דאָס, וואָס די משכילים האָבן אויף זייער מליצה־

לשון גערופן: פאַרטרייבן פינסטערניש און שפּרייטן ליכט. דערפון האָט מען געמוזט אָנהויבן; אָן דעם האָט מען ניט געקאָנט גיין ווייטער. לייענט איבער די ערשטע בראָשורן פון בונד און זיינע פאָרגייער, וועט איר זיך חידושן, ווי ווייט זיי זיינען לויט זייער טאָן אָפּט ענלעך צו דער השכלה-ליטעראַטור.

דער גרעסטער פאַרדינסט פון בונד אויף דעם געביט, וועגן וועלכן מיר ריידן, איז דאָס, וואָס ער האָט דערהויבן דעם יידישן אַרבעטער צו דער מדרגה פון אַ קולטור-מענטש, וואָס ער האָט אים געמאַכט פאַר אַ לעבעדיקן טרעגער פון דער נייער יידישער קולטור.

מיט אַ יאָר 35 צוריק האָט דער יידישער אַרבעטער כמעט ניט געהאַט קיינע קולטור-באַדערפענישן. זיין גייסטיקע שפּייז: אין דער יוגנט – אַ מעשה-ביכל, שמרס אַ האַרצרייסעדיקן ראָמאַן; שפּעטער – פון שבת צו שבת אַ פאַרשלאָפענער קאַפּיטל תהילים אָדער אַ שטיקל חיי אָדם, אָן פאַרשטענדעניש. זיינע פאַרגעניגנס: בחורוויז – אַ גלעזל און אַ קאָרטל, און דאָס אויך געמאַסטען און געוואויגן, ווי אַ טאַטעק; ביי די פאַרשייטערע – אַ טאַנץ-קלאַס; אַ פּאָר מאָל אין לעבן איז מען געגאַנגען אין צירק, געוואוינלעך חתנוויז. עלטער געוואָרן, איז דער גרעסטער פאַרגעניגן געווען – אָפּשלאָפן די שבתים און יום-טובים, אין דער היים נאָכן עסן אָדער אין בית-המדרש, הערנדיק אַ מגיד. מ'האָט זיך געקוויקט מיט דעם חזנס אַ „ממקומך" און מיט אַ הייסן געשלעג אין צעך אויף אַן אסיפה. די דערציהונג פון זיינע קינדער – „שמוץ, שמוץ און עם הארצות". דער יידישער אַרבעטער איז געווען טעמפּ, אָבערגלויביק; ער האָט נישט געזען ווייטער פון זיין נאָז; שוין נישט געהאַט קיין הנאה פון אַ מצוה, נאָך געציטערט אימת-מות פאַר אַן עבירה. דאָס „יידישע פאָלקס-בלאַט", די געציילטע בעסערע ביכער, וואָס זיינען שוין דעמאָלט געווען, זיינען געלייענט געוואָרן פון משכילים און באַלעבאַטישע ווייבלעך; צו דעם אַרבעטער פלעגן זיי כמעט ניט דערגיין און זיי זיינען געווען פאַר אים צו „נודנע", אפילו שמרס און

בלאָשטיינס ראָמאַנען האָט געלייענט נאָר אַ קליינע מינדער-הייט. דאָס רוב האָבן גאָרנישט געלייענט. ס׳איז נישט געווען ניט קיין צייט, ניט קיין אינטערעס, און אויף דער עברי איז מען אויך געווען שווער.

דער בונד האָט פון זיין ערשטן טריט אָן געוועקט ביים יידישן אַרבעטער אַ אינטערעס צו קולטור, אַ דורשט צו וויסנשאַפט, געפלאַנצט ביי אים די געוואוינשאַפט צום לייענען, געמאַכט דאָס לייענען פאַר אַ נויטווענדיקייט. ער האָט געלערנט דעם יידישן אַרבעטער קוקן אויף אַ בוך מיט דרך-ארץ; נישט ווי אויף אַ נאַרישקייט, אַ קינדער-שפּיל די צייט צו פאַרטרייבן, נאָר ווי אויף אַ טיף-ערנסטע זאַך, וואָס דאַרף לערנען, דערציען, ווייזן אַ וועג אין לעבן, ווי אויף אַ זאַך, פאַר וועלכע עס לוינט צו ליידן, אפילו זיך מקריב צו זיין. און דער בונד האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז דער יידישער אַרבעטער זאָל האָבן צייט צו לייענען. דער קאַמף פאַר אַ קורצערן אַרבעטס-טאָג איז צווישן אַנדערע דאָך געווען אויך אַ קאַמף פאַר פרייע שעהן, פאַר אַ מעגלעכקייט פון גייסטיקער אַרבעט. דאָס לייענען גופא איז פאַרן יידישן אַרבעטער דעמאָלט געווען גאָר נישט קיין גרינגע מלאכה. דאָס רוב בחורים פלעגן נאָך ווי עס איז דורכקריכן אַ יידיש ביכל: זיי זיינען דאָך געגאַנגען אין חדר, געקאָנט דאַוונען. צווישן די מיידלעך זיינען געווען גאָר אַ סך, וואָס האָבן אפילו קיין עברי ניט געקענט. אויס-געלערנט לייענען האָבן זיי זיך שוין אין דער באַוועגונג.

אָבער קענען לייענען איז נאָך ניט אַלץ. אַ חוץ דעם אלף בית פון אותיות, איז נאָך פאַראַן אַן אלף בית פון באַגריפן, די ערשטע עלעמענטאַרע ידיעות פון געשיכטע, נאַטור וכדומה, אָן וועלכע עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין אַן ערנסטע רעדע אָדער ביכל. ביי לייטן באַקומט מען אָט די ראשי פרקים אין דער פאָלקס-שול. דער יידישער אַרבעטער האָט קיין פאָלקס שול ניט געהאַט; פון חדר האָט ער קיין וועלט-לעכע ידיעות ניט מיטגעבראַכט. די קריייזלעך און געהיימע פאַרזאַמלונגען, די באַגעגענישן מיט אינטעליגענטן, דער קלוב אונטערן פרייען הימל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען

„אַרבעטער-בערזע‟, שפּעטער די אָוונט-קורסן אין ליטעראַרישע פֿאַראיינען – דאָס אַלץ האָט באַרייכערט דעם מוח מיט נייע באַגריפֿן, מיט פֿאַרשיידענע ידיעות, צוגעוואוינט צו דענקען, זיך אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון אין אַלץ, וואָס אין אים און אַרום אים. דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרביטן די אָנפֿאַנגס-בילדונג אין אַ פֿאָלקס שול.

אַ מענטש פֿון דער מאַסע, ווען דאָס לייענען איז אפֿילו ביי אים געוואָרן אַ געוואוינשאַפֿט, האָט ער ליב צו זיפֿן ביכער; אָפֿט לייענט ער נאָר די קורצע שורות, די געשפּרעכן, היפּט איבער די באַשרייבונגען, יאָגט זיך צו דערוויסן דעם סוף פֿון דער מעשה. אַמאָל פֿאַרשטייט ער יעדע שורה באַזונדער און איז ניט בכּח צונויפֿצובינדן עטלעכע שורות אין איין געדאַנק. ביים סוף זייטל פֿאַרגעסט ער דעם אָנהויב. וואָס עפּעס טיפֿער רופֿט ער „נודנע‟. „אַ בוך, זאָגט ער, דאַרף זיך לייענען אַליין...‟ זיך אַריינטאָן, אָנשטרענגען, פֿאַרטיפֿן, אומקערן זיך אַביסל צוריק און פֿאַרגלייכן, הנאה האָבן פֿון דער שפּראַך – דאָס געהערט צו אַ העכערער מדרגה פֿון קולטור; אַ מענטש מוז אַרבעטן איבער זיך, איידער ער דערגרייכט דערצו. דאָס זעלביקע איז מיט קענען הערן ניט בלויז מיט די אויערן, נאָר אויך מיטן קאָפּ, זיך אַריינטראַכטן, איבעראַרבעטן דאָס געהערטע מיטן אייגענעם שכל. לייענען און הערן אַקטיוו – דאָס האָט דער יידישער אַרבעטער פֿון חדר ניט מיטגעבראַכט. די ישיבה האָט נאָך געגעבן וועלכע ניט איז גימנאַסטיק פֿאַרן מוח; אָבער וויפֿיל קינדער פֿון דער מאַסע האָבן עס געהאַט דעם „גליק‟ צו לערנען אין אַ ישיבה? דער אַוואַנגאַרד פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט באַקומען די נויטיקע גייסטיקע דיסציפּלין אין זיין קלאַסן-באַוועגונג, וועלכע האָט געלייגט די גרעסטע וואָג אויפֿן געדרוקטן און געהערטן וואָרט, אויף דער אַרבעט פֿון באַוואוסטזיין. דאָס, וואָס דער נייער אַרבעטער-ייד האָט גענומען איבערשאַצן אַלע ווערטן, ברעכן אַלע פֿאַר-אורטיילן און טראַדיציעס – שוין דאָס אַליין האָט געמאַכט, אַז זיין מוח זאָל זיך באַוועגן געשווינטער און לעבעדיקער, האָט אים געשליפֿן, קולטיווירט.

דער אַרבעטער, אַלס קולטור-מענטש — דאָס איז דער גרעסטער פאַרדינסט פונם סאָציאַליזם פאַר דער נייער יידישער קולטור. אָן דעם וואָלט זי ניט מעגלעך געווען, זי וואָלט פשוט ניט געהאַט אויף וועמען זיך צו האַלטן. אונזער בעסער בוך, אונזערע ערנסטערע לעקציעס, די התחלות פון אַ יידישן קונסט-טעאַטער, פון אַ יידישער פּלאַסטישער קונסט — דאָס אַלץ איז מעגלעך נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג האָט אין משך פון עטלעכע און דרייסיק יאָר געשאַפן אין דער יידישער מאַסע באַדייטנדיקע קולטורעלע שיכטן, וואָס נויטיקן זיך אין דעם אַלעם, פאַר וועלכע די נייע ליטעראַטור, די נייע קונסט — די נייע קולטור בכלל איז אַ לעבעדיקע בלוטיקע נויטבאַדערפטיקייט.

די אומגאַנגס-שפּראַך פונם יידישן אַרבעטער איז געווען אַזוי אָרעם, ווי אָרעם ס׳איז געווען זיין וועלט. ער האָט ווייניק ווערטער געדאַרפט און האָט ווייניק ווערטער פאַרמאָגט. האָט זיך עמעצער געוואָלט אויספּיינען, „ריידן מיטן שבתדיקן לשון״, לויטן זאַפטיקן אויסדרוק פון פאָלק, פלעגט ער אַריינבראָקן עטלעכע ווערטער סמאַרגאָנער דייטש, אַ פּאָר האַלבע פּראַזן ווילנער רוסיש; איין צייט זיינען געווען אין דער מאָדע אַזעלכע ווערטלעך, ווי: עס פּאַסט צו זאָגן, מיט רעספּעקט צו מעלדן, פאַלאָזשים. די באַוועגונג האָט מיט אַמאָל פאַרברייטערט דעם האָריזאָנט פונם יידישן אַרבעטער, ער האָט געקריגן אַ נויט אין אַ סך נייע ווערטער. אַפריער האָט מען זיי גענומען פון רוסיש, נאָר אַ קליין ביסל פאַריידישט. די פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך דאָך די ערשטע יאָרן געפירט אויף רוסיש; די אינטעליגענטן האָבן געטראַכט אין רוסיש, און די יידישע ווערטער, וואָס זיי האָבן גערעדט מיט די אַרבעטער, זיינען ביי זיי געווען איבערגעזעצטע. די ערשטע 10—12 יאָר פון דער באַוועגונג איז די שפּראַך פון אַ באַוואוסטזיניקן אַרבעטער געווען פול מיט אַזעלכע ווערטער און אויסדריקן: ער איז אַ סאָזנאַטעלנער, דער אינטעליגענט גיט אַ קרוזשאָק, מ׳דאַרף קענען גראַמאָטע, ער ראַזוויוויייעט זיך, נעמען אין וונימאַניע, האָבן אַ פּאַניאַטיע, מאַכן אַ סטאַטשקע, גיין אויף

אַ סאָבראַניע, אויף אַ סכאָדקע... די אַלטע „שבועה" פון בונד האָט אין זיך געהאַט אַ זעלכע שורות: מיר זיינען דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס מ׳רופט דער פּראָסטער נאַראָד (וואַריאַנט: טשאַרנער נאַראָד)... טאָ שרייט זשע, ברידער: נאַראָד, ופּעריאָד!" ביסלעכווייז זיינען די רוסישע ווערטער אַרויס־געשטויסן געוואָרן און אויף זייער אָרט זיינען געקומען אַזעלכע דייטשע, וואָס זיינען געווען נאָענט צום יידישן שניט, אָדער אינגאַנצן יידישע ווערטער. הײַנט, ווען אַן אַרבעטער רעדט מיט סלאַווישע אָדער דייטשע ווערטער, מאַכט מען פון אים חוזק.

דאָ האָט געווירקט די אַרבעטער־ליטעראַטור, ס׳האָט געווירקט דער פאַקט, וואָס די וואַרשעווער און לאָדזער יידן האָבן ניט געקאָנט פאַרדייען די רוסישע ווערטער; עס האָט אויך געווירקט דער עסטעטישער חוש פון די אַרבעטער. אַ גרויסן פאַרדינסט פאַר די נייע ווערטער האָבן די בערשטער, וועלכע האָבן געוואוינט ביי דער פּרייסישער גרענעץ, און די דייטשע שפּראַך איז זיי געווען נעענטער, ווי די רוסישע. ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. יעדעס וואָרט איז דורכגעגאַנגען עטלעכע גלגולים, ביז עס האָט זיך אויסגע־סטאַלירט. איך געדענק נאָך די גלגולים פונם וואָרט קרוזשאָק. סוף פאָריקן יאָרהונדערט האָט שוין אָט דער רוסישער טערמין געקלונגען פרעמד דעם בעסערן יידישן אַרבעטער און מ׳האָט גענומען זוכן, מיט וואָס אים צו פאַרבייטן. אין איין געגנט האָט מען באַנוצט „אַ רעדל", אין אַנדערע געגנטן „אַ צירקל", „אַ רינגל". אין האַרבסט 1900 איז דער פירער פונם בערשטער־בונד אורציק געקומען פון וואָלקאָווישק קיין דווינסק און מיטגעבראַכט דאָס וואָרט „קרייזל". עס איז געפעלן געוואָרן, האָט זיך צוגענומען.

עס איז געווען קנאַפּ צו שאַפן אַ יידישן אַרבעטער־לעזער; מ׳האָט געדאַרפט זאָרגן דערפאַר, דער דאָזיקער לעזער זאָל האָבן וואָס צו לייענען: דער לעזער וואַקסט דאָך צוזאַמען מיטן בוך. צוזאַמען מיט די ערשטע עקאָנאָמישע קאַסעס (אומלעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען) גייען די יידישע

אַרבעטער-ביבליאָטעקן. אין דער נעץ איינריכטונגען פון יעדער אָרגאַניזאַציע האָט אַלע מאָל פאַרנומען אַ חשובן אָרט די ביבליאָטעק-קאָמיסיע. אָנגעהויבן פון אַ פּאָר צענדליק ביכער, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן ערגעץ אויף אַ בוידעם-שטיבל און האָבן געבילדעט דאָס ביבליאָטעקל פון אַ קרייזל אָדער אַ פּאַך, געענדיקט מיט די פאַרהעלטניסמעסיק רייכע ביבליאָ-טעקן פון אייניקע היינטיקע גראָסער אָדער באָראָכאָוו-קלובן, ציט זיך אַ לאַנגע ליניע זאָרגן אין כּוחות, וואָס זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף דער שווערער אַרבעט פון געבן דעם אַרבעטער אַ בוך אין האַנט.

אַ ביבליאָטעק דאַרף מען האָבן מיט וואָס אָנצופילן. מיט אַ יאָר 35 צוריק איז פאַר אַ יידישע ביבליאָטעק כּמעט קיין ביכער ניט געווען. דער רוסישער אַרבעטער האָט באַקומען בירושה פון זיינע הערשנדיקע קלאַסן אַ רייכע ליטעראַטור. וואָס פאַר אַ ירושה האָט דער יידישער אַרבעטער באַקומען פון זיינע פּני ? אויפן געביט פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור כּמעט ווי גאָר נישט. פון בעלעטריסטיק האָבן מיר מיט 35 יאָר צוריק פאַרמאָגט נאָר מענדעלין און די ערשטע טריט פון שלום עליכם און פּרץ. די שיינע ליטעראַטור, וואָס מיר פאַרמאָגן היינט, איז אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און זי וואָלט געווען ניט אַן ערך אָרעמער, ווען זי זאָל זיך דאַרפן שטיצן נאָר אויף אונזער קליין-באַלעבאַטיש וועלטל. אונזער קליינבירגערלעכע מאַסע — אַ גרויסער טייל אירער איז פרום און אַלט פרענקיש און דאַרף בכלל קיין ליטעראַטור נישט; אַן אַנדער גרויסער טייל האָט שטאַרקע העבּרעאיסטישע סענטימענטן, וואָס גייען כּמעט דורכאויס האַנט און האַנט מיט תּכלית-אַסימילאַציע. ניט אַן ערך קלענער זיינען די קליינבירגערלעכע שיכטן, וואָס פילן אַ נויט אין אַ יידישן בוך און צווישן זיי איז דאָ אַ סך אַזעלכע, וואָס זיינען אין דער יוגנט געווען אַרבעטער און האָבן דורכגעמאַכט די שול פון דער באַוועגונג.

די נייע יידישע ליטעראַטור איז דורכגעדרונגען מיט זאַפטן פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. דערמאָנט זיך

מאָריס ראָזענפעלד, אברהם רייזען, דוד פינסקי, דערמאָנט זיך י. ל. פּרצעס שאַפונגען פון 1894—1897. אונזערע בעלעטריסטן זיינע שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון די קעמפנדיקע אַרבעטער-מאַסן, גענומען פון זיי טעמעס, שטימונגען. און אויב יעדער שריפטשטעלער, צי וויל ער עס אָדער נישט, רעכנט זיך מיט דער אוידיטאָריע, וועלכע וועט זיין ווערק אויפנעמען, און זי ווירקט-מיט אין זיין שאַפן, איז פאַרן יידישן לעזער אַזאַ אוידיטאָריע געווען מער ווי אַלץ די פאָרגעשריטענע יידישע אַרבעטערשאַפט. דער נייער יידישער אַרבעטער האָט געגעבן נישט בלויז די אוידיטאָריע; ער האָט אויך אויסגעטיילט פון זיך טאַלענטירטע שעפער. עס איז גענוג אָנצורופן די נעמען: י. מ. וויסנבערג, יונה ראָזענפעלד, מאניע לייב, לייוויק און אַ סך אַנדערע קלענערע.

די אַרבעטער-באַוועגונג האָט דאָ אויך געווירקט דירעקט, זי האָט זיך געמיט צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע קינסטלער צו דעם נייעם אַרבעטער-יידן. די פּיאָנערן פון בונד זיינען געשטאַנען אין ענגער פאַרבינדונג מיט פּרצען, פּינסקין, גוידאַן, רייזענען און האָבן אויף זיי געווירקט. די סאָציאַליסטן האָבן אויך געהאַלטן פאַר נויטיק אַרויסצוגעבן בעלעטריסטיק פאַר אַרבעטער. אין דער צייט פון קאָנספּיראַציע, ווען דרוקן און טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור האָט געקאָסט קרבנות, האָט דער „בונד" געדרוקט אין זשענעוו קליינע בעלעטריסטישע זאַמלביכער, דוד פּינסקיס „פאַמיליע צבי", האָט עס טראַנספּאָרטירט קיין רוסלאַנד און דאָרטן פאַרשפּרייט. שפּעטער, נאָכן 1905, גיט דער בונדישער פאַרלאַג „די וועלט" אַרויס גרויסע ליטעראַרישע זאַמלביכער (אין איינעם פון זיי איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט פּרצעס „גאָלדענע קייט".) גיט אַרויס הירשביינס דראַמעס, ווייטערס „פאַרטאָג", דוד איינהאָרנס „שטילע געזאַנגען"; דרוקט דער פאַרלאַג פון די ס. ס. שלום אַשס „גאָט פון נקמה".

אויב אויפן געביט פון בעלעטריסטיק האָבן מיר מיט 35 יאָר צוריק שוין פאַרמאָגט מענדעלען, איז נאָך די פּאָפּולער-ווויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור אין יידיש דעמאָלט געווען אַ מדבר.

דאָ האָט מען נאָך אַלץ געדאַרפט אָנהויבן פון בראשית. די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג האָבן זיך גענומען פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. מ'האָט איבערגעזעצט, קאָמפּילירט, פּאָפּולאַריזירט; געשריבן, אַרויסגעגעבן, פאַרשפּרייט. די אַרבעט איז געווען אַ סך שווערער, ווי מ'קאָן זיך איצטער פאָרשטעלן: די יידישע שפּראַך איז נאָך דעמאָלט ניט געווען מסוגל אויסצודריקן וויסנשאַפטלעכע באַגריפן; נישט געווען קיין טערמינאָלאָגיע, קיין בוי פון דער פּראָזע. דאָס אַלץ האָט מען געמוזט שאַפן. אויב פאַר דער שיינער ליטעראַטור האָט געבויט די יידישע פּראָזע מענדעלי, אין די שפּעטערדיקע קינסטלער אונזערע האָבן זי פאַרפולקומט און פאַרפיינערט, איז די יידישע פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע שפּראַך — ניט בלויז פאַר געזעלשאַפטלעכער, נאָר, אין אַגרויסער מאָס אויך פאַר נאַטור-וויסנשאַפט — געשאַפן געוואָרן אין דער אַרבעטער באַוועגונג, אין אַמעריקע און אין רוסלאַנד. די אַמעריקאַנער האָבן אָבער געשריבן דייטשמעריש, בעת אין רוסלאַנד האָט מען זיך געמיט צו שרייבן יידיש. לייענט איבער די פּאָפּולאַריזאַציעס, וואָס האָבן זיך זעלטן ווען געדרוקט אין „יידישן פאָלקס-בלאַט" וכדומה, און פאַרגלייכט זי מיט די פּאָפּולאַריזאַציעס, וואָס דער בונד האָט אַרויסגעגעבן; נאָכמער, פאַרגלייכט די שפּראַך אין פאַרשיידענע פּאָפּולאַריזאַציעס פון בונד גופא פון 1897 ביז 1905, וועט איר אָפּשאַצן, וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן אויף דעם געביט.

און דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, קאָן מען נאָך קאַטעגאָרישער זאָגן וועגן אונזער פּובליציסטיק, ביז דער אַרבעטער-באַוועגונג האָבן מיר קיין יידישע פּובליציסטיק גאָר ניט געהאַט. אין די וואָכנבלעטער פלעגן זיך דרוקן בטלנישע מאמרים, אָן טעם און אָן ריח, געשריבן אין אַ תחינה-לשון אָדער האַלב-דייטש, פּאָלאָווינאָ-רייסיש. די שרייבער פון יענע מאמרים האָבן ניט געהאַט וואָס צו זאָגן און ניט געוואוסט ווי צו זאָגן. פאַר אַ נייעם וועלטלעכן געדאַנק איז נאָך דעמאָלט אין יידיש ניט געווען ניט קיין ווערטער, ניט קיין געבויטע פּראָזע.

די סאָציאַליסטן זיינען געקומען צום יידישן אַרבעטער מיט אַ נייעם גרויסן אינהאַלט. זיי האָבן געהאַט אַ סך צו זאָגן און האָבן זיך באַמיט צו זאָגן עס וואָס לייכטער, וואָס איינ־דרוקספולער. אין אָנהויב האָט זיך עס אונז נישט איינגעגעבן. די שפּראַך איז געווען אַ הילצערנע, נישט בויגעוודיק, נישט שיין. די אַרבעטער פלעגן אָפט גוטמוטיק לאַכן: „דער לשון פון דער „אַרבעטער־שטימע" איז ווי תּרגום — מ'קאָן די ציין צעברעכן". אויף די מיטאַרבעטער פון אונזערע אומלעגאַלע אָרגאַנען, פלעגט מען זאָגן, אַז זיי דאַרפן זיך פאַרשרייבן אין האָלץ־אַרבעטער פאַראיין... ביסלעכוויז האָבן מיר זיך אויסגעלערנט שרייבן. די שפּראַך איז געוואָרן רייכער, די פראַזע עלאַסטישער, ענערגישער. און מ'קאָן זאָגן קאַטעגאָריש: די יידישע פובליציסטיק איז געבוירן געוואָרן און אַ היבש ביסל אויסגעוואַקסן אויפן שויס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די בירגערלעכע פובליציסטן האָבן שוין געפונען די שפּראַך אין אַ געוויסער מאָס פאַרטיק.

גייען מיר איבער פון דער שפּראַך צו דעם אינהאַלט. נישט בלויז די בירגערלעכע פובליציסטן, נאָר אפילו די חברים פון אַנדערע יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן זיך אָפּגעגעבן כּמעט דורכאויס נאָר מיט ריין יידישע פראַגן און פּראָבלעמען, וועלכע זיי האָבן געקייט און געזויגן אָן אַן אויפהער. דער בונד האָט זיך שטענדיק מער ווי אַלץ אָפּגעגעבן מיט אַלגעמיינע פראַגן, און אפילו די ריין יידישע פראַגן האָט ער געשטעלט אין פערספּעקטיוו פון די גרויסע אַלגעמיינע פּראָבלעמען; אונזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן האָט ער געגעבן אַן אויסבליק אין די ווייטע וועלט־האָריזאָנטן. אין אַלגעמיינע פראַגן האָבן די יידישע אַרבעטער פון אַלע פאַרטייען און ריכטונגען מער ווי אַלץ זיך געשפּייזט מיט די אויסגאַבן פון בונד. נישט בלויז אין רוסלאַנד אַליין, נאָר אפילו אין גאַליציען און רומעניען, ביז אַ געוויסן גראַד אויך אין אַמעריקע האָט דער יידישער אַרבעטער געצויגן זיין קולטורעלע יניקה פון פאַרלאַג „די וועלט". נעמען מיר אַ היינטיקע יידישע ביבליאָטעק. אַ באַדייטנדיקער טייל אירער איז באַשאַפן געוואָרן דירעקט

אין דער אַרבעטער באַוועגונג; נאָך אַ גרעסערער טייל איז געשאַפן געוואָרן אונטער איר איינפלוס אָדער איז געוואָרן מעגלעך נאָר אַ דאַנק איר אַרבעט.

די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור זיינען געוואַקסן אויף אַ ריי גרויסע באַוועגונגען, וואָס יעדערע אין איר צייט האָט זיי געגעבן אַ שטאַרקן שטויס. דאָס איז געווען אַ פריער די חסידות, וועלכע האָט באַרייכערט די שפּראַך מיט אַ סך העכערע נשמה־יתירהדיקע ווערטער, האָט אַריינגעגאָסן נייע לעבעדיקע שטראָמען אין אונזער פֿאָלקלאָר און האָט אונז איבערגעלאָזן אַזאַ פּערל ווי ר' נחמן בראַסלאַווערס מעשיות. דערנאָך איז געקומען די השׂכּלה. אין די לעצטע עטלעכע און דרייסיק יאָר האָבן געווירקט צוויי גרויסע באַוועגונגען: דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם. ביידע האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף דעם וואוקס פון אונזער שפּראַך און ליטעראַטור. דער ציוניסטישער „יוד" איז געוויס געווען אַן עטאַפּ אין דער נייער יידישער ליטעראַטור. אָבער דער ציוניזם איז אין תּוך געווען העברעאיסטיש און אויב ער האָט עפּעס געטאָן פאַר יידיש, איז עס געווען קעגן זיין ווילן, נאָר געטריבן פון זיינע קעגנער, די סאָציאַליסטן. איך רייד ניט וועגן דעם אָדער יענעם איינצלנעם ציוניסט; איך רייד וועגן דעם ציוניזם אַלס ריכטונג און באַוועגונג. און דער ציוניזם איז געשטאַנען איבער די מאַסן, ניט אין די מאַסן. איז זיין ווירקונג געווען אומגעהויער קליין אין פאַרגלייך מיטן סאָציאַליזם, וועלכער האָט געעפנט נייע שאַפונגס־קוואַלן אין די טיפענישן פון פאָלק.

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען די אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער אין ווילנע, מינסק, האָמעל, די ליטעראַרישע געזעלשאַפטן אין ווילנע, וואַרשע, דווינסק, וויטעבסק, די „האַרפע" אין לאָדז, די דראַמאַטישע פאַראיינען. אין די פינסטערע יאָרן פון סטאָליפּינס ממשלה זיינען זיי געווען כּמעט די איינציקע לעגאַלע צענטרן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט — אין יידישן תּחום זיינען דאָך קיין לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין יענער צייט כּמעט ווי ניט געווען. קיין ברייטע אַנטוויקלונג איז די קולטור־געזעלשאַפטן פון יענער צייט ניט באַשערט געווען: אין יענע

יאָרן איז דאָך די אינטעליגענץ אַנטלאָפן פון דער באַוועגונג, איז געווען אַ מאַנגל אין קולטור-טוער. חוץ דעם זיינען די לעגאַלע מעגלעכקייטן דעמאָלט געווען זייער קליין און די אַרבעטער פלעגן זיי מיט רעכט רופן: לעגאַלע אוממעגלעכקייטן. די קולטור-געזעלשאַפטן האָבן ניט אַזוי געלעבט, ווי כסדר געציטערט פאַרן טויט. פראָבעס אויפן געביט פון טעאַטער האָבן די יידישע סאָציאַליסטן אָנגעהויבן מאַכן נאָך אין די „אומלעגאַלע" יאָרן, מיט דער גרעסטער איינשטעלעניש פלעגט מען סוף פאַריקן און אָנהויב היינטיקן יאָרהונדערט שטעלן אומלעגאַל, ערגעץ אין אַ שטאַל הינטער דער שטאָט די „מלחמה פאַרן לעבן" (איבערגעמאַכט פון ש. אַנ–סקיס „געשיכטע פון אַ פאַמיליע") הויפטמאַנס „וועבער". אָקטאַוו מירבאָס „זשאַן און מאַדלענאַ". נאָכן 1905 האָבן זיך ביי די ליטעראַרישע און דראַמאַטישע פאַראייגען געגרינדעט דראַמאַטישע קרייזן, וועלכע האָבן געשטעלט „ליטעראַרישע" דראַמעס און האָבן געהאָלפן דערציען ניט בלויז דעם יידישן טעאַטער-עולם, נאָר אויך אַ ריי אַרטיסטן. הירשביינס דראַמעס זיינען אַ פריער אַ לענגערע צייט געשטעלט געוואָרן נאָר דורך די דראַמאַטישע קרייזן פון אַרבעטער און ערשט פון דאָרטן זיינען זיי אַריבער אויף דער פראָפעסיאָנעלער בינע. די „ווילנער טרופע" אין איר ערשטער פאָרמאַציע איז אויסגעוואַקסן פון דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער ווילנער ליטעראַריש-דראַמאַטישער געזעלשאַפט פון בונד.

און די יידיש-וועלטלעכע פאָלקסשול — ווער האָט זי געשאַפן? די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געקעמפט פאַר די פאָליטישע פאָרבאַדינגונגען, אָן וועלכע אַזאַ שול וואָלט געווען אוממעגלעך; זיי האָבן געוועקט ביי די יידישע אַרבעטער דעם ווילן צו אַ נייער יידישער שול. זיי האָבן אויך אַ סך געטאָן צו שאַפן די יידישע שול גופא. אין קיעוו, וואַרשע, ביאַלאָסטאָק, לאָדז, ווילנע, דווינסק, מינסק, קאָוונע, ריגע און ד. גל. האָבן די יידישע אַרבעטער-פאַרטייען דירעקט געשאַפן די יידישע פאָלקס-שול, דעם יידישן קינדער-גאָרטן און קינדער-היים. אַלע ווייסן, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע די בונדישע עלעמענטן שפּילן אין דער אַלגעמיינער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע פון גאַנץ פוילן

אָדער אין דעם צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט (צ. ב. ק.) פון ווילנע. ווי ווייט אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע עקזיסטירט אַ יידישע שול האָבן אין דעם אַ גרויסן פאַרדינסט די פּועלי ציון און די ס. ס. (ס. ט. האָט מען זיי אין אַמעריקע גערופן, ס'הייסט סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן.) שפּעטער זיינען דאָרטן צו דער שול-אַרבעט צוגעשטאַנען די בונדיסטן, דער אַרבעטער-רינג.

איינער פון די סימנים פון אַ קולטורעלן פּראָלעטאַריאַט איז דאָס, וואָס ער טיילט אויס פון זיך זיין אייגענע אינטע-ליגענץ, וועלכע פירט אָן זיין באַוועגונג. אין דעם פּרט קאָן זיך דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט רעכענען פאַר דעם קול-טורעלסטן זון פון דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער משפחה, אַזוי פיל האָט ער אויסגעטיילט פון זיינע רייען פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטיווע טוער און פירער, אַזוי פיל רעדאַקטאָרן, פּובליציסטן, לעקטאָרן וכדומה. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט טיילט אויס ניט גענוג אינטעליגענטע טוער און פירער פאַר זיין באַוועגונג. די יידישע קולטור איז נאָך צו אָרעם, אַז אויף איר אַליין זאָל זיך קאָנען אויסהאָדעווען אַ מאָדערן-אויסגעבילדעטער אינטעליגענט. בפרט, אַז ביז די לעצטע 10 יאָר האָבן מיר נאָך אַפילו קיין יידישע פאָלקסשול ניט געהאַט. און אויב אַן אַרבעטער באַהערשט די לאַנדס-שפּראַך ווערט זי ביי אים אַ קאַפּיטאַל, וואָס גיט די מעגלעכ-קייט זיך אויפצוהויבן העכער אויפן סאָציאַלן לייטער, ווערן אַ דאַנטיסט צי גאָר אַ דאָקטאָר. אין דער ווירטשאַפטלעכער געטאָ, ביי דער ענגשאַפט פון די יידישע פּרנסות, פון וועלכער יעדער עטוואָס מער פעאיקער און ענערגישער מענטש זוכט צו אַנטלויפן, איז זיך ביים אינטעליגענטערן יידישן אַרבעטער פאַראַן אַ גרויסע שטרעבונג צו עקסטערנעווען; אַ דערוואַקסענעם מענטשן, וואָס האָט אין דער קינדהייט ניט באַקומען קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, קומט דאָס שטודירן אָן שווער, גיט ער דערויף אָפּ זיין גאַנצע ענערגיע, און די אַרבעטער-באַוועגונג פאַרלירט אים כמעט אין גאַנצן. אָבער ווי ווייט ביי אונז עקזיסטירט אַן אַרבעטער-אינטעליגענץ, האָבן די סאָציאַליסטישע

פאַרטייען אַ סך געטאָן, כּדי זי אַרויסצורופן און דערציען. דער בונד, וועלכער האָט מער ווי אַלץ געהאַט צו טאָן מיט דער פּשוטער מאַסע, ניט מיט באַלעבאַטישע קינדער, האָט דערביי געהאַט אַ שווערע אַרבעט, און דאָך האָט ער אין דעם פּרט אַ סך אויפגעטאָן. זיינע קרייזלעך, אָוונט-קורסן, דיסקוסיעס, זיין ליטעראַטור און פּרעסע האָבן דערצויגן אַ ריי אַרבעטער-אינטעליגענטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע אָנפירנדיקע ראָלע אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג פאַר די לעצטע 25 יאָר.

III

נאָך צוויי שטריכן, וואָס מאַכן פול דאָס בילד.

אַ יידישער בוכהענדלער און פאַרלעגער דערציילט מיר: ביז 1906 פלעגן מיר אַרויסגעבן און פאַרקויפן דער עיקר ראָמאַנען, דערציילונגען, לידער. די נייע ביכלעך זיינען קיין געשעפט ניט געווען. ערשטנס איז געווען אַ שטיקל סכּנה. ס'איז טאַקע אַלץ כּשר, דער צענזאָר האָט דערלויבט, און דאָך ציטערט די הויט. אָבער דער עיקר: ס'האָט ניט געלוינט. ווער האָט זיי געדאַרפט די דאָזיקע ביכלעך און וואָס האָט מען געקאָנט האָבן פון זיי? ערשט אין 1906 האָט מען אין די בוך-קראָמען אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן אויף ביכלעך מיט משונהדיקע נעמען, עפּעס ק אָ נ ס ו ס - פּ אַ ר א י י נ ע ן (ער מיינט קאַוטסקיס „קאָנסוס-פּאַראייגען") און נאָך אַזעלכע שאַלאַמויזן. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז פון די נייע ביכלעך קאָן מען אויך מאַכן אַ רובל, האָבן מיר עס אָנגעהויבן פאַר-קויפן; שפּעטער אַפילו אַליין דרוקן: מיר האָבן אונזערע אייגענע שרייבער, וואָס טויגן צו אַלץ און קענען אָנשרייבן, וואָס נאָר מ'הייסט, ביליק און גיך, האָבן מיר ביי זיי באַשטעלט אַזעלכע ביכלעך מיט משונהדיקע נעמען. דער נייער מין סחורה האָט זיך ביי אונזערע מוכרי ספרים טאַקע אַזוי גערופן „ק אָ נ ס ו ס - פּ אַ ר א י י נ ע ן".

שלום אַש האָט מיר אַמאָל געזאָגט: איך בין ניט קיין סאָציאַליסט, אָבער פאַרן „בונד" האָב איך גרויס דרך ארץ,

און דווקא דערפֿאַר, וואָס איך בין אַ יידישער שרייבער. דער יידישער אינטעליגענט פֿאָדערט פֿון מיר: שרייב נאָר וועגן יידן און יידישקייט. אַלגעמיין-מענטשלעכע פּראָבלעמען, די אַלגעמיין-מענטשלעכע שטריכן פֿון מיין נשמה — דאָס געפֿין איך ביי די רוסן, ביי די דייטשן. דו דאַרפֿסט ריידן צו מיין פֿינטעלע ייד... אויף אַזאַ אופֿן האַקט ער מיר אָפּ די פֿליגלען, פֿאַררוקט ער מיך אונטערן איוורן פֿונם אַלטן בית-המדרש. פֿאַר דעם אַרבעטער בין איך ליב און וויכטיק אינגאַנצן, ער פֿאָדערט ניט, איך זאָל כּסדר קיצלען זיין יידישע נשמה. ער זוכט דעם מענטשן אין מיר, די גאַנצע וועלט אין מיר. ער פֿאָדערט פֿון מיר ברייטקייט און מאַכט מיך ברייט. אָט פֿאַרוואָס איך האָב ליב דעם יידישן אַרבעטער.

מען מוז געדענקען: די קולטורעלע אַנטוויקלונג פֿון די מאַסן גייט זייער לאַנגזאַם. עס דאַרף נעמען יאָרן און יאָרן, איידער מ׳הויבט אויף אַ מאַסע אויף עטוואָס אַ העכערע מדרגה פֿון קולטור. און די יידישע קולטור-אַרבעט האָט באַגעגנט אויף איר וועג גאָר אַ סך מניעות: באַגרענצונגען און רדיפֿות, עקאָנאָמישע דלות, די קללה פֿון צוויי שפּראַכן, די אָרעמקייט און צעברעקלטקייט פֿון אונזערע קולטור-כּוחות. און די יאָרן פֿון וועלט-קריג, פֿון פּאָגראָמען און גירושים, פֿון הונגער און בלוטיקער נויט זיינען געווען באַזונדערס שווער פֿאַר אונזער קולטור-אַרבעט.

און מ׳טאָר זיך ניט אָפּ אַרען. מיר האָבן נאָך אַ סך, גאָר אַ סך פֿינסטערניש צו באַקעמפֿן. די לעצטע יאָרן האָבן אין אייניקע פּרטים אָפּגעשטויסן די קולטורעלע אַנטוויקלונג פֿון די ברייטע מאַסן אַ ביסל אויף צוריק. אונזער וועג איז נאָך גענוג לאַנג און שווער. אָבער ווען מ׳פֿאַרגלייכט דעם קולטורעלן מצב פֿון די יידישע מאַסן פֿאַר אַ יאָר 35 צוריק מיט דעם, וואָס מיר זעען איצט, קומט אויס צו באַוואונדערן, וואָס פֿאַר אַ ווייטן מהלך מיר זיינען שוין אָפּגעגאַנגען. עס איז איצט זיך גאָר שווער פֿאָרצושטעלן די געדיכטע פֿינסטערניש, אין וועלכער דער יידישער אַרבעטער האָט דעמאָלט געלעבט. איצט פֿעלט אונז נאָך אַ סך; דעמאָלט האָבן מיר קיין זאַך

ניִשט פֿאַרמאָגט. איצט ווייסן מיר לפּחות, וואָס אונז פֿעלט, פֿילן מיר אַ דורשט נאָך קולטור. דעמאָלט זיינען מיר געווען טעמפּ, קיין זאַך ניִשט געוואוסט און קיין זאַך ניִשט געוואָלט וויסן. איצט קאָנען מיר שוין ציילן קולטורעלע דערגרייכונגען, האָבן מיר שוין אויסגעטראָטענע וועגן. דעמאָלט האָבן מיר געלעבט אין אַ מדבר, אַ מדבר אַרום אונז און אין אונז.

# לאָבוזעס, גנבים און קאָמבינאטאָרן

## זייערע באַגעגענישן און צוזאַמענשטויסן מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג

א קאַפּיטל זכרונות

I

מיט אַ יאָר 30 — 40 צוריק, ווען מען פלעגט אין ווילנע זאָגן דאָס וואָרט „חברה״, האָט עס געהאַט צווייערליי טייטשן. עס האָט געקאָנט הייסן חברה תּורה, חברה פּועלים, חברה קדישא; און עס האָט אויך געקאָנט הייסן: חברה־פּאַטש. סתּם אַ חברה־מאַן האָט געהייסן אַ וואוילער יונג, פון די טרינקער און שלעגער. איז אַ פרומער ייד געוואָרן אַ מיטגליד פון דבורה־אסתּרס „גמילות־חסד״, צי פון ר׳ צבי הירשס „חיי אדם״ — האָט מען אויף אים געזאָגט: ער האָט זיך פאַרשריבן אין חברה. אויף אַ וואוילן יונג, וואָס איז געוואָרן אַ חבר פון יחיאלקען אָדער יחיאל־אייזקען, האָט מען געזאָגט: ער האָט זיך איינגעקויפט אין חברה. אפשר דערפאַר, וואָס ביי יחיאלקען אָדער יחיאל־אייזקען האָט מען נישט געשריבן און נישט געמעקט, נאָר ביים אַריינגיין פלעגט מען דאַרפן שטעלן בראָנפן פאַר חברה.

די חברה פּאַטש איז באַשטאַנען פון פורמאַנעס, קצבים, שמידן, קוימנקערער — שטאַרקע, ריזיקאַנטן, וואָס קאָנען גוט אַריינגיסן, געבן אַ פּלעם, אַז אויף דעם אָרט זאָל קיין גראָז נישט וואַקסן, און רעכענען זיך ווייניק מיט די אָנגענומענע מנהגים פון דרך־ארץ און סטאַטעק. קיין

פּראָפעסיאָנעלע גנבים אָדער פּרויען־הענדלער זענען זיי נישט געווען. זיי פלעגן אַפילו קוקן אויף יענע, ווי אויף געפאַלענע, נידעריקע נפשות; ווען אַ וואוילער יונג איז אַרעסטירט געוואָרן, איז עס דאָס רוב געווען אין פּאָליציי פאַר אַ סקאַנדאַל, נישט אין טורמע פאַר אַ גנבה. אָבער אינ־גאַנצן ריינע הענט האָט אין חברה זעלטן ווער געהאַט. וואו עס האָט זיך געלאָזן פאַרביייגייענדיק עפּעס „צוציען", נעמען אַ „מאָטע" (אַ חלק אינם געגנבעטן) אָדער „פאַרדינען" אַ קערבל ביי טריפה סחורה, האָט מען דערמיט נישט געבראַקירט. בכלל זענען דאָס געווען נישט קיין פאַרברעכער, נאָר פרימיטיווע מענטשן מיט הייס בלוט, ביי וועמען די ענערגיע ברויזט און רייסט זיך פון די פענטעס.

די חברה־לייט זענען דאָס רוב געווען יונגע מענטשן פון אַ יאָר 20 — 30. אַ פערציקער האָט מען צווישן זיי געקאָנט טרעפן נאָר זעלטן. ווען אַ חברה־מאַן איז געוואָרן עלטער, האָט ער זיך געסטאַרעט צו „ווערן אַ מענטש". חברה־לייט פלעגן זיך שלאָגן מיט די הוילע הענט, מיט שטעקנס, מיט וואָס מ'האָט געכאַפּט. אייניקע האָבן געהאַט אייזערנע הענטשקעס. ביז מעסערס פלעגט דערגיין זייער זעלטן, און מער ווי אַלץ ביי קצבים: אַ קיילער — פלעגט מען זאָגן — איז אַ מערדער; צו אַ „שפּייער" (רעוואָלווער) האָבן נאָך דעמאָלט די יידישע לאָבוזעס געפילט אַן אינערלעכן שרעק.

די חברה איז נישט געווען קיין פעסטע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז גיכער געווען אַ לויזער פאַרבאַנד. נעמען זיך צונויף אַ 5 — 6 מענטשן אַרום יחיאלקען, אַ מענטשן 10 אַרום ראובקע די בלוז; נאָך עטלעכע אַרום משהקע גראַבאַטש. האָבן מיר דריי חברות. יעדע חברה גייט צוזאַמען, טרינקט צוזאַמען, צוזאַמען גיט מען אַ קלאַפּ און צוזאַמען כאַפּט מען אַ קלאַפּ. יעדע חברה האָט זיך איר עלטסטן. קיינער קלויבט אים נישט אויס. ער ווערט פון זיך אַליין דער פירער, ווייל ער איז דער שטאַרקסטער אָדער דער גרעסטער ריזיקאַנט.

חברות שלאָגן זיך מיט אַנאַנדער, מאַכן שלום, גיסן

זיך צונויף און שפּאַלטן זיך; איינצלנע וואוילע יונגען גייען אָפּט אַרויס פון איין חברה און קויפן זיך איין אין אַן אַנדער חברה. חברה איז אין יענער צייט געווען פּאָפּולער, אַפילו אַרומגערינגלט מיט אַן אייגנאַרטיקן שטראַלן-גלאַנץ; זי האָט געווירקט אויף דער פאַנטאַזיע, אויף דער פּוסטער גאוה. לויט דעם מוסטער פון דערוואַקסענע, האָבן זיך געבילדעט חברות פון 15 — 16-יעריקע בחורימלעך. אַפילו 10 — 12-יעריקע חדר-יינגלעך פלעגן זיך שפּילן אין חברות און זיי פלעגן דעם שפּיל אָננעמען גאַנץ ערנסט. ביי די חדר-יינגלעך זענען די מער-באַוואוסטע דערוואַקסענע חברה-לייט געווען איינגעהילט אין לעגענדן. אויף יעדן פון זיי האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט אַרום זיך עטלעכע רייפן (קיילעכדיקע ביינער, וואָס גאַרטלען אַרום דעם גאַנצן גוף און גיבן אים צו אַ באַזונדערן כּוח) און מען האָט געהאַט צו דערציילן אַ סך מעשיות פון זייער גבורה.

חברה פּאַטש איז געווען איינגעגלידערט אין לעבנס-שטייגער. זי האָט, אַזוי צו זאָגן, אויסגעפילט געוויסע פונקציעס, וואָס קיין אַנדערער האָט אויף זיך נישט געקאָנט נעמען. דאַרף אַ סוחר ברענגען סחורה פון אייזנבאַן אין שטאָט אַריין און האָט מורא, אַז גנבים אָדער די פורמאַנעס אַליין זאָלן אויפן וועג עפּעס נישט אַראָפּנעמען — דינגט ער אַ חברה-מאַן, יענער זאָל מיטגיין מיט די פורן: און ווען אַ ראובקע „די בלוז" וועט מיטגיין, וועט שוין די סחורה זיין גאַנץ. אָפּט איז אַפילו נישט נויטיק, דער חברה-מאַן זאָל מיטגיין; עס איז גענוג, מ'זאָל וויסן, אַז ראובקע „די בלוז" אָדער משהקע גראַבאַטש איז אין דעם, אַז ביי די פורמאַנעס זאָל ציטערן די הויט. ווילסט איר זיך אָפּרעכענען מיט אַ שונא און איר ווילט נישט, צי איר קאָנט עס נישט טאָן אַליין מיט אייגענע הענט — גיט איר יחיאלקען אַ קוואָרט בראָנפן מיט אַ קערבל, און ער וועט אָנפּאַטשן אייער שונא אויפן גאַס, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַזוי, אַז יענער זאָל האָבן צו געדענקען. האָט אַ מיידל פון דער מאַסע אַוועקגעוואָרפן

איר בחור און אָנגעהויבן אַרומגיין מיט אַן אַנדערן — דאַרף דער אַוועקגעוואָרפענער געבן אַבקע קליינמנאָטיק אין האַלז און אין האַנט אַריין; אַמאָל איז גענוג, איר זאָלט דעם חברה־מאַן גוט בעטן — וועט ער דאָס מיידל מיט בזיונות אַראָפּפירן פֿון שורס לאַווע (אַ טראָטואַר, וואו מיידלעך מיט בחורים פֿלעגן דעמאָלט שפּאַצירן אין די פֿאַרנאַכטן און אום שבתים און ימים־טובים). עס זענען געווען יונגע באַלעבאַטישע הולטאַיעס, קינדער פֿון שיינע טאַטעס, וואָס פֿלעגן צאָלן דעם אָדער יענעם חברה־מאַן וואָכער־געלט, ער זאָל זיך פֿאַר זיי „אָננעמען". געווען אַפֿילו אַזעלכע „וויטישע יאַטעס" (אָנשטענדיקע), וואָס פֿלעגן זיך אַליין איינקויפֿן אין חברה — זאָלן לייט וויסן, ווער זיי זענען!...

חברה פּאַטש פֿלעגט זיך אַמאָל מישן אין קהלשע זאכן אויך. בעת אַ מחלוקת צוליב אַ חזן אָדער אַ מגיד, פֿלעגןביידע צדדים רופֿן חברה צו הילף, אָדער חברה פֿלעגט אַליין אַריינשטעקן אַ האַנט. אין וואָלקאָוויסק, גראָדנער גובערניע, איז אין יענע צייטן געווען אַ חברה יושר־שלעגער, וואָס פֿלעגן אַכטונג געבן אויף גערעכטיקייט אין שטאָט; און טאָמער פֿלעגט זיך זיי דאַכטן, אַז דער גביר אָדער דער רב האָט עמיצן געטאָן אַן עוולה, פֿלעגן זיי מאַכן אַ טומל, נישט „לאָזן לייענען", געבן פּעטש. אָט די וואוילע יונגען פֿלעגן אויך אַכטונג געבן אויף גוטע מידות. זיי פֿלעגן זיך אָפּרעכענען מיט אַן אשת־איש אָדער מיט אַ באַלעבאַטיש מיידל, וואָס פֿירט זיך אויף נישט לייטיש.

בעת איך בין געווען אַ יונג ייִנגל, איז מיר אויסגעקומען זיך נאָענט צו באַגעגענען מיט אַ סך חברה־לייט. יחיאלקע און אַבקע קליינמאָנטיק האָבן ביי מיין טאַטן געאַרבעט און זיי זענען ביי אונז געווען היימישע מענטשן. צוליב זיי זענען זייערע חברים אויך געווען איינגייער ביי אונז אין שטוב. איך האָב זיך אַ סך אָנגעהערט וועגן חברה און נישט איינמאָל בין איך אַליין דערביי געווען ביי געשלעגן אויפֿן גאַס נעבן אונזער טיר

אָדער אין שענק, וואָס אין דעם זעלביקן הויז. איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף די דריי, וואָס איך האָב שוין עטלעכע מאָל אָנגערופן: יחיאלקע, יחיאל-אייזקע און אַבקע קליינמאַנטיק זענען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ סך פֿון זייערע חברים.

יחיאלקע איז געווען אַ פֿורמאַן. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער קאָן אַרויפֿטראָגן אויפֿן דריטן עטאַזש אַ קאַסטן פֿון 15—18 פּוד. ער האָט געלעבט פֿון זיין אַרבעט. אים איז קיינמאָל אַפֿילו נישט איינגעפֿאַלן צו מאַכן זיין חברהמאַנשאַפֿט פֿאַר אַ שטענדיקער פּרנסה, הגם עפּעס האָט זי אים יאָ אַריינגעבראַכט. אַ ניכטערער איז ער געווען אַ שטילער, אַ ווייכער מענטש, וואָס האָט נישט אָנגערירט אַ פֿליג אויף דער וואַנט. אָבער אַ שכּורער איז ער געווען ווילד, ווי אַ חיה, און האָט נאָר געזוכט, מיט וועמען זיך צו שלאָגן. יחיאלקע פֿלעגט זיך שלאָגן מיט די הוילע הענט, אַמאָל פֿלעגט ער כאַפּן אַ בענקל, אַ שווערע ברעט און פֿלעגט דערמיט פּאָכן, ווי מיט אַ שטעקעלע. איך געדענק נישט, ער זאָל ווען נעמען אַ מעסער. פֿון אַן אייזערנער הענטשקע האָט ער גלאַט נישט געהאַלטן. און אַזוי פֿלעגט ער ברויזן און ווילדעווען, ביז ער איז געפֿאַלן שלאָפֿן. אויפֿגעשטאַנען, איז ער ווידער געוואָרן אַ זיידענער מענטש און פֿלעגט זיך שעמען דערמיט, וואָס ער האָט נעכטן אָפּגעטאָן. שכּורערהייט האָט ער נישט אויסגערעכנט זיינע כּוחות, זיך פֿאַר קיינעם נישט געשראָקן, געווען גרייט צו גיין איינער קעגן דריי, געפֿילט אַ באַזונדערע הנאה איינצוטיילן אַ חלק אַ גאָראָדאָוואָי.

ער פֿלעגט אָפֿט נעכטיקן אין צירקל (פּאָליציי), ווען די גאָראָדאָוואָיעס פֿלעגן אים אַריינכאַפּן שוין אַ טויט-שכּורן, פֿלעגן זיי אים גוט אָנברעכן די ביינער; דאָך האָבן זיי צו אים געפֿילט עפּעס אַ מין ווייכקייט, געמישט מיט פּחד. און אָט דער יחיאלקע, וואָס האָט פֿאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט, פֿלעגט אַפֿילו אַ שיכּורער האָבן דרך-ארץ פֿאַר אַן אַלטן ייד, פֿאַר אַ יידענע. איך געדענק, אַמאָל, בעת ער איז

געוועז זייער ווילד און האָט מיט אַ שטיין געבראָכן די שויבן ביי אונזערן אַ שכן, איז אַרויס די שכנה, אַ באַיאָרנטע יידענע, און האָט אים געגעבן אַ פּאַטש. יחיאלקע האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט: „אַזוי גאָר, מומינקע?"... אויפגעהויבן זי אויף די הענט ווי אַ הינדעלע, און אַ שרייענדיקע, אַ צאַפּלדיקע אַריינגעטראָגן צו איר אין שטוב. ווען ער איז אַרויס צוריק, איז ער געווען דער זעלביקער בויאַן, ווי מיט פינף מינוט פריער, ווי קיין זאַך וואָלט נישט געשען. יחיאלקע איז שוין לאַנג געשטאָרבן. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געווען אַ שוואַכער, אַ צעבראָכענער. ער האָט אין זיין לעבן שווער געאַרבעט, ווייניק געגעסן און פיל געטרונקען. אַ סך קלעפּ געגעבן אַנדערע, אָבער נישט ווייניק קלעפּ אַליין באַקומען און ער האָט אין זיין גוף קיין גאַנצן אָרט נישט געהאַט.

גאָר אַן אַנדערער איז געווען יחיאלקעס נאָענטסטער חבר יחיאל-אייזקע. יחיאל-אייזקע האָט קיין באַשטימטע מלאכה נישט געהאַט. ער פלעגט אַמאָל אין אַ יובל אַרבעטן אויך. אָבער בכלל איז די חברה געווען זיין פּראָפעסיע. ער איז געווען להוט נאָך געלט און האָט זיך געמיט „אַרויס-שלאָגן" וואָס מער פּרנסה. יחיאל-אייזקע פלעגט זיך קיינמאָל נישט אָנהויבן מיט אַ שטאַרקערן. פאַר פּאָליציי האָט ער מורא געהאַט אימת-מות. דערפאַר צו אַ שוואַכערן איז ער געווען גרויזאַם. שכּור, צי ניכטער — שטענדיק איז ער געווען אַ בעלן צו שלאָגן, צו פייניקן. יחיאלקע האָט הנאה געהאַט דער עיקר פונם פּראָצעס פון שלאָגן, דערפון, וואָס ער האָט אויסגעגאָסן זיין גבורה; צי עס האָט יענעם ווי געטאָן צי נישט — וועגן דעם האָט ער זיך נישט געקימערט; ביי יחיאל-אייזקען איז געווען דער גרעסטער פאַרגעניגן צו מאַכן, יענעם זאָל וואָס שטאַרקער ווי טאָן. ער האָט ליב געהאַט צו קוקן אויף יענעמס ביילן, אויף יענעמס בלוט. איך געדענק, אַמאָל האָבן דידאָזיקע נאָענטע חברים צוזאַמען געטרונקען אין שענק, וואָס נעבן אונז. יחיאלקע איז שוין געפאַלן טויט שכּור. יחיאל אייזקע

האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס, האָט ער אַרויסגענומען אַ מעסער און אָנגעהויבן שניידן ביי יחיאלקען די הויט אויפן שטערן. אַ נס, וואָס דער שענקערין איז איינגעפאַלן אַ געשריי צו טאָן: „דער אָקאָלאָדאָטשניק גייט!" האָט זיך יחיאל אייזקע געלאָזט לויפן.

איך ווייס נישט, צי יחיאל־אייזקע לעבט נאָך. מיט אַ יאָר 15 צוריק האָב איך געהערט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און דאָרטן האָט ער אַוועקגעוואָרפן די חברהשע געגנג און האָט זיך גענומען צו אַרבעט. פאַר יחיאל־אייזקען איז עס גאַנץ נאַטירלעך, פאַר דעם היימישן גאָראָדאָוואָי האָט ער אויך מורא געהאַט; אָבער מיט יענעם האָט מען זיך דאָך געקאָנט פילן מעשה גוטער ברודער: מען האָט אָפט צוזאַמען אויסגעטרונקען, מען פלעגט זיך אַמאָל טיילן מיט „כשרע הכנסות". פאַרן פרעמדן אַמעריקאַנער פאָליסמאַן האָט אַ יחיאל־אייזקע געמוזט מורא האָבן ווי פאַרן מלאך המות. צום היימישן אַרעסט איז ער געווען צוגעוואוינט און ער פלעגט זיך באַרימען: „פאַר ווענען עס איז אַ תפיסה, פאַר מיר איז עס אַ היים". פאַרן פרעמדן אַרעסט־הויז איבערן ים האָט אַזאַ איינער געמוזט פילן אַ פחד, ווי פאַרן גיהנום.

אַבקע קליינמאָנטיק, דער יינגערער פון די דריי, איז געווען אַ נידעריקער, אַ קיילעכדיקער, ווי אַ קורבעס, מיט לאַכענדיקע מילדע אויגן. ער האָט ליב געהאַט קינדער, געווען צוגעבונדן מיט לייב און לעבן צו זיין פייגען, הגם ער פלעגט איר אַמאָל געבן אַ קלאַפּ אויך. אין חברה איז ער אַריין נאָך גאָר אַ יונגער, צו אַ יאָר 17. ער האָט ליב געהאַט נישט אַזוי דעם בראָנפן, ווי דאָס שכור ווערן, נישט אַזוי דאָס שלאָגן זיך, ווי די ברייטקייט פון חברה, דאָס וואָס מען איז „כוואַטעס". און מער ווי אַלץ האָט ער ליב געהאַט זיך אַרויסצעווייזן, מ'זאָל אים פילן, מ'זאָל וועגן אים רעדן. ער איז געווען אַנטוויקלטער פאַר זיינע חברים, פלעגט ליב האָבן צו לייענען שמ"רס „צוויי קעץ אין איין

זאַק" און בלאָשטיינס — „געוואַלט שדוכים". איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט אַ סך מאָל אין לעבן און איך האָב אים ליב געהאַט. צו 18 יאָר איז ער געווען אַ פירער פון אַ „חברה" אונטערגעוואַקסענע בחורים. צו 25 יאָר איז ער געווען אַ פורמאַן פאַר זיך. אַ טאַטע פון אַ פאָר קינדערלעך, האָט ליב געהאַט זיך צו קהלן און געווען אַ גבאי אין בעל־עגלהשן קלויז. אין יאָר 1906 איז ער ווידער געווען אַ לוין־אַרבעטער, געפאָרן ביי יענעם און געווען אַ מיטגליד פון פאַרוואַלטונג אין פאַריין פון די פורמאַנעס. אין אַלע זיינע גלגולים איז אין אים, שטאַרקער ווי אַלץ, געווען דער חשק צו גבאות. ער איז שוין געשטאָרבן. וועגן די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן — ווייס איך גאָרנישט.

II

אין אָנהויב פון דער באַוועגונג זענען אונזערע באַגעגענישן מיט די לאָבוזעס געווען נאָר צופעליקע. אין די זומערדיקע שבתים פלעגן מיר גיין אין וואַלד אונטערן שטאָט אָפּהאַלטן אַ קרייזל אָדער אַ קליינע פאַרזאַמלונג. די לאָבוזעס פלעגן אין זעלבן וואַלד שפּאַצירן מיט זייערע מיידלעך. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך געסטאַרעט אויסצומיידן זייערע וועגן. מ'פלעגט זיך אַמאָל דאָך צוזאַמענטרעפן! און נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיר טוען אין וואַלד, פלעגן זיי מאַכן חוזק פון די יאָלדן, אַריינוואַרפן אַ קלאַפּ, אַ שטורך. אונזערע פלעגן מאַכן אַ שוויג און זיך אָפּטראָגן. מיר זענען דאָך געווען נעלמים... אונזערע באַגעגענישן מיט די לאָבוזעס זענען געוואָרן אָפטער און פיינדלעכער, בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע שטרייקן. די באַלעבאַטים האָבן געפונען פאַר נויטיק צו דינגען שלעגער, זיי זאָלן ווייזן די אַרבעטער, ווער עלטער איז, אָפּשלאָגן דעם חשק צו „שפּילן זיך אין סטאַטשקעלעך". און זאָל עס דאָ פאַרשריבן ווערן; די יידישע באַלעבאַטים און זייערע

פּובליציסטן האָבן שפּעטער אַזוי שטאַרק געקלאָגט אויף דעם עקאָנאָמישן טעראָר מצד די אַרבעטער, בעת אין דער אמתן זענען זיי געווען די ערשטע, וואָס האָבן דעם דאָזיקן טעראָר אָנגעהויבן.

די שלעגער פֿלעגן כאַפּן איינצלנע אַרבעטער אויפֿן גאַס, זיי פֿלעגן זיך אַריינרייסן צו אַן אַרבעטער אין דער היים: ברעכן די ביינער, „קנייטשן די שויבן" און „מאַכן אַ רושם". פֿון אָנהויב האָבן זיי אַפֿילו געפּרוּווט אָנפֿאַלן די זאַמל-ערטער פֿון די אַרבעטער — פֿריער אויפֿן שול-הויף, שפּעטער אויף זאַוואַלנע גאַס (ווילנע); זיי האָבן זיך אָבער באַלד אַרומגעזען, אַז דאָס איז געפֿערלעך: בעת די אַרבעטער זענען צוזאַמען, איז מיט זיי אַ מורא זיך אָנצוהויבן — זיי גיבן גאַנץ געשמאַק צוריק. דאָס איז דער כּוח פֿון דער מאַסע, וועלכער האָט זיך שוין דעמאָלט געגעבן צו פֿילן, ווי קליין די מאַסע איז נישט געווען. מיט דער צייט האָבן מיר באַקומען אייגענע שלעגער. ווען די באַוועגונג האָט זיך פֿאַרברייטערט, זענען אין איר אַריינגעצויגן געוואָרן אויך אַזעלכע פֿאַכן, וואו די אַרבעטער פֿאַרמאָגן מער פּיזישן כּוח, ווי אונזערע אויסגעוויייקטע שניידער און זאָקנמאַכערס — שמידן, סטאָליאַרעס, קוימענקערער, אַפֿילו קצבים. פֿון די לאָבוזעס גופֿא זענען איינצלנע אַריינגעצויגן געוואָרן אין אונזערע רייען. ביי אַ שטרייק האָבן מיר שוין געהאַט אייגענע חברים, וואָס קענען געבן אַ קלאַפּ, און זיי פֿלעגן זיך שטעלן קעגן די געדונגענע לאָבוזעס, וועלכע זענען נישט זעלטן געווען זייערע נעכטיקע חברים. אין אַזאַ פֿאַל זענען די לאָבוזעס געווען באַזונדערס פֿאַרביסן און זיי האָבן געשלאָגן נישט אַזוי צוליב געצאָלט, ווי אויס באַליידיקונג: געזען אַביסל, אַ נאַש בראַט, נעכטן צוזאַמען געשכּורט, און היינט איז ער אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם"... שטייט פֿאַר די „ברידער און שוועסטער"... און אַז איינער פֿון די געוועזענע לאָבוזעס און היינטיקע חברים פֿלעגט אַרעסטירט ווערן און מ'האָט אים געבראַכט אין פּאָליציי-צירקל, פֿלעגט דער פּריסטאַוו

איבער אים זיך הלומעווען: דו אויך אַ סאָציאַליסט? זאָג נאָר, וועלכן אוניווערסיטעט האָסטו געענדיקט?... דער באַוואוסטער סניטקאָ פֿון ערשטן צירקל אין ווילנע פֿלעגט מיט אַ געמאַכטן דרך-ארץ טאָן און מיט אַ זיסינקן שמייכעלע אַ פרעג טאָן: זאָגט, איך בעט אייך, וואו האָט איר אייער דערציהונג באַקומען?... און ווען אַ גרופּע ווילנער קוימענקערער זענען אַרעסטירט און פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר פֿאַר עקאָנאָמישן טעראָר בעת אַ שטרייק, האָט די באַלעבאַטישע וועלט געלאַכט: קוימענקערער און פּאָליטיקע... מסתמא האָבן זיי נישט גוט אויסגעקערט דעם קוימען ביים גובערנאַטאָר, האָט ער זיי דערפֿאַר פֿאַרשיקט...

צוזאַמענשטויסן מיט די לאָבוזעס זענען פֿאָרגעקומען כמעט אומעטום, וואו עס איז געווען אַ יידישע אַרבעטער-באַוועגונג, ערטערווייז זענען עס געווען פֿאָרמעלע, לאַנג-דויערנדיקע „מלחמות” מיט אונטערהאַנדלונגען און „וואָפֿן-שטילשטאַנדן”. די דאָזיקע צוזאַמענשטויסן ווערן שוואַכער און הערן אינגאַנצן אויף מיטן וואוקס פֿון דער באַוועגונג. אין פּוילן זענען אַזעלכע צוזאַמענשטויסן נאָך פֿאָרגעקומען אַפֿילו אין 1905. אַ קינסטלערישע שילדערונג דערפֿון קען מען געפֿונען אין ווייסנבערגס „שטעטל”. בעת איך בין אין פֿרילינג 1905 געווען אין וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון בונד, פֿלעגן חברים פון דער פּוילישער פּראָווינץ אָפּט קומען זיך קלאָגן, אַז די בעלי-עגלות פֿון זייערע שטעטלעך מישן זיך אַריין אין שטרייקן, שלאָגן, מסרן. איך געדענק, אַז די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פֿלעגט אָננעמען קעגן דעם אַזאַ מיטל: ווען די שלעגער זענען געקומען קיין וואַרשע, האָבן זיי באַקומען אַ בריוו מיטן שטעמפּל פון קאָמיטעט. אין דעם דאָזיקן בריוו האָט מען זיי אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז אויב זיי וועלן אין דער היים איבערחזרן זייערע ווילדע מעשים קעגן די אַרבעטער, זאָלן זיי זיך נישט דערוועגן צו קומען נאָך אַמאָל קיין וואַרשע, עס וועט זיין שלעכט... אין 1905 פֿלעגט אַזאַ בריוו האָבן די געהעריקע ווירקונג.

און עס זענען געווען פאַלן, ווען מ׳האָט ביי אַ זעלכע שלעגער צוגענומען אין וואַרשע דעם פערד און וואָגן מיט די סחורה און מ׳האָט עס זיי אָפּגעגעבן נאָכדעם, ווי זיי האָבן צוגעזאָגט צו זיין אין דער היים גוט און פרום...

צווישן די לאָבוזעס, וואָס זענען אַריבער צו דער אַרבעטער-באַוועגונג, זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט אַלע כּוחות זיך געמיט צו מאַכן פאַרגעסן זייער נאָענטע פאַרגאַנגענהייט. ווען מען פלעגט זיי אַמאָל שיקן שלאָגן אַ באַלעבאָס, אַ מסור אָדער אַ פאַרביסענעם שטרייקברעכער, זענען זיי געגאַנגען מיט אַ קרים: אויף קיין אַנדערע אַרבעט טויגן מיר שוין נישט, וואָס?... אַזעלכע האָבן די גראָבקייט און פאַרשייטקייט פון די לאָבוזעס איבערגעלאָזן אין דער אַלטער חברה; אין דער נייער סביבה האָבן זיי מיטגענומען נאָר זייער מוט און איינשטעלעניש. געווען אָבער אַנדערע, וואָס זענען אין דער באַוועגונג פאַרבליבן די זעלביקע לאָבוזעס מיט אַלע מידות און חפצות פון די חברה-לייט. טיפּיש איז געווען איינער פון זיי, וועלכער האָט איין צייט געהאַט אַ גרויסן נאָמען צווישן די יידישע אַרבעטער פון ליטע, ווייס-רוסלאַנד און אַפילו פון וואָלין — „יאָשקע דער בויגער״. אַ וואַלקער איז ער געווען, אַ פּשיטוע-בויגער, ווי מ׳רופט עס אין פוילן. אַ נידעריקער מיט ברייטע פּלייצעס, אַ קיילעכדיק פּנים מיט קליינע אויגעלעך, גרויסע באַק-ביינער און כּמעט אָן אַ שטערן. זיין גאַנצער אָנבליק האָט אויסגעדריקט גראָבע, טעמפּע גבורה. אין דער באַוועגונג איז ער געווען פון די, וואָס זוכן שטענדיק אַבסאָלוטע גערעכטיקייט. אויף אַלץ און אויף אַלעמען האָט ער כּסדר געפונען פעלערן אויסצוזעצן. עס איז געווען אַ צייט פון אָפּאָזיציעס, און יאָשקע האָט נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין אַריבערגיין פון דער „אָרגאַניזאַציע״ אין דער „אָפּאָזיציע״, און פון דער „אָפּאָזיציע״ צוריק אין דער „אָרגאַניזאַציע״. אין ערגעץ האָט מען אים נישט געקאָנט צופרידן שטעלן: ס׳איז נישט דאָס... נישט אַזוי האָט געדאַרפט צו זיין... וואו איז יושר?... הגם אין זיינע אייגענע באַציהונגען צו חברים האָט ער זיך וועגן יושר נישט שטאַרק געקימערט.

יאָשקע פלעגט פאָדערן, מ׳זאָל אים אַריינגעמען אין העכסטן קרייזל, וואו עס לערנט דער „גרעסטער אינטעליגענט״: „אַזאַ מענטשן, ווי איך, דאַרף מען אַ סך געבן״. אָבער אין דעם קרייזל, וואו ער איז געווען, האָט ער מער געדרעמלט, ווי געהערט. ווען ער האָט זיך אַמאָל צעכראָפּעט אין די רעכטע געדיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, און די חברים האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש: „וואָס הירזשעט איר? אין מיין פויסט איז פאַראַן מער רעוואָלוציע, ווי אין אַלע אייערע עקאָנאָמיעס״... דערפאַר איז ער געווען שטאַרק, אומדערשראָקן און שטענדיק שלאָג-פעהיק. אַז מ׳האָט געדאַרפט עמעצן געבן אַ קלאַפּ, איז יאָשקע תמיד געגאַנגען מיט פאַרגעניגן. שלאָגן אַ שפּיאָן, אַ שטרייק-ברעכער, אַמאָל אַ באַלעבאָס, וואָס איז שוין צופיל געקראָכן די אַרבעטער אין די ביינער, – דאַרויף איז יאָשקע געווען דער גרעסטער בעלן און דער גרעסטער בריה. אָבער עס האָט געטראָפן, אַז אין אַ מינוט פון כעס, האָט ער אויפגעהויבן די האַנט אויך אויף אַ חבר; און ער האָט נישט איינמאָל געסטראַשעט, אַז ער וועט זיך נאָך דערקלייבן צו „די אינטעליגענטן פון קאָמיטעט״ אויך... מ׳האָט אים נישט איינמאָל געזען אַ שכורן. מ׳האָט דערציילט מעשׂיות, אַז ער איז אויסגעלאַסן, נישט גאָר ריין אין געלט-זאַכן. אַן אַנדערן וואָלט מען שוין לאַנג אויסגעשלאָסן פון דער אָרגאַניזאַציע, בפרט דעמאָלט, ווען אין דער יונגער אַרבעטער-באַוועגונג האָט געהערשט אַ באַזונדערע מאָראַלישע ריינקייט. אָבער יאָשקען האָט מען געדולדיק איבערגעטראָגן, ווייל ער איז געווען אַ נויטיקער מענטש: שוין דער נאָמען „יאָשקע דער בויגער״ פלעגט וואַרפן אַ פּחד אויף שטרייק-ברעכער און באַלעבאַטים. אַז יאָשקע האָט אָנטיילגענומען אין אַ געשלעג, האָבן זיך די חברים געפילט מוטיקער.

ביסלעכווייז איז יאָשקע געוואָרן אַ שם-דבר. אין גאַנצן ראַיאָן פון בונד האָט מען דערציילט נסים וועגן זיין גבורה. און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען ערגעץ-וואו אין אַ שטאָט פלעגט אויסברעכן אַ גרעסערער שטרייק, האָט מען אויסגעשריבן יאָשקען: טאָמער וועט מען דאַרפן צולייגן

אַ האַנט... יאָשקע האָט אָנגעהויבן אַרומפּאָרן אויף גאַסטראָלן און ער האָט זיך דערמיט שטאַרק איבערגענומען. קומענדיק אין אַ שטאָט אויף אַ שטיקל אַרבעט, פֿלעגט ער זיך ברעקלען, לאָזן בעטן, שטעלן פּאָדערונגען. מ׳דערציילט, אַז מ׳האָט אים אַמאָל אויסגעשריבן קיין ביאַליסטאָק. עס איז געווען אַ שטרייק ביי יאַנאָווסקין אויף דער טאַבאַק-פֿאַבריק און מ׳האָט געדאַרפֿט אָנלערנען אַ מייסטער אַ מנובל, וועלכער האָט זיך געהאַלטן שענדלעך מיט די אַרבעטערקעס, געמסרט די פֿירער פֿון שטרייק. יאָשקע איז געזעסן אויף אַ קאָנספּיראַטיווער דירה ערגעץ אויף כאַנאַיקעס און ער האָט זיך געדונגען מיטן שטרייק קאָמיטעט: „איר מיינט, איך ווייס נישט? ביי אייך איז נישטאָ קיין קרייזלעך, נישטאָ קיין דיסקוסיעס, מ׳גיט די אַרבעטער גאָרנישט"... די אָרטיקע האָבן מיט אים איינגעטענהט: עס איז גאָר נישט אַזוי שלעכט, און ס׳וועט געוויס ווערן בעסער. זאָל נאָר אַריבער דער שטרייק... יאָשקע האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, זיך געטאָן אַ שטעל אויף: איך גיי! אָבער אין דער מינוט איז האַסטיק אַריין אַ חברטע – חייקע די שוואַרצע האָט מען זי גערופֿן, אַ מיידל אַ גבר. אַ צעפּלאַמטע, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט זי אַ זאָג געטאָן: ער מעג שוין זיצן דאָ דער יחסן... מיר האָבן שוין דעם הונט אַליין אָנגעבויקערט... יאָשקע איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער: „איר האָט נישט געקאָנט וואַרטן אַ רגע?" — „מיר האָבן גענוג געוואַרט... נישקשה, ער וועט אונזערע קלעפּ אויך האָבן צוגעדענקען, ווי לאַנג ער לעבט..." יאָשקע איז אַוועק אַ פֿאַרביזערטער, אַ באַליידיקטער.

אַרום 1901 איז יאָשקעס לאַגע אין בונד געוואָרן אוממעגלעך: די חברים האָבן מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן זיין ווילדקייט, און אים איז געוואָרן ענג צווישן זיי. ער איז אַוועק צו די אַנאַרכיסטן. אין 1902 אָדער 1903 איז ער אַרעסטירט געוואָרן, געווען, דאַכט זיך, אין סיביר, געלאָפֿן, אַריבער קיין אַמעריקע. אויף וויפֿל איך ווייס, האָט ער אין דער נייער מדינה קיין נאָענטע באַציִונגען מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג נישט געהאַט. ער איז דאָרטן געוואָרן אַ דאַך-בלעכער און איז

איינמאָל ביי דער אַרבעט אַראָפּגעפאַלן פון אַ דאַך און גע־
הרגעט געוואָרן. יאָשקע איז אַריין אין דער אַרבעטער באַוועגונג
אין ווילנע אַרום 1894, נאָך פאַרן בונד. אַרעסטירט געוואָרן
איז ער אַרום 1903. פון יענער צייט איז אַ סך וואַסער
אַריבערגעלאָפן; אָבער עלטערע אַרבעטער אין ליטע און
ווייס־רוסלאַנד געדענקען נאָך דעם נאָמען „יאָשקע דער בויגער״
און האָבן פון אים אַ סך צו דערציילן.

III

אויף דער פריי האָב איך קיין גנבים נישט געקענט.
דעם ערשטן מאָל האָב איך זיך מיט זיי באַגעגנט אין טורמע,
פאַר אַ שטראָף אָדער צוליב ענגשאַפט פלעגט מען אונז,
פּאָליטישע, אַמאָל אַריינזעצן אין אַן אַלגעמיינעם קאַמער
צוזאַמען מיט קרימינעלע. מיר פלעגן זיך צוכאַפּן צו אָט דעם
נייעם מין מענטשן מיט דער דורשטיקער נייגיריקייט פון יוגנט.
אין אונזער פאַנטאַזיע האָבן מיר זיך זיי פאָרגעשטעלט, ווי
העלדן, אַוואַנטוריסטן מיט אַן אייזערנעם ווילן און רייכע
איבערלעבונגען. מיר פלעגן ביי אַזאַ איינעם אויספרעגן אַלע
איינצלהייטן פון זיין ביאָגראַפיע, ווי אַזוי ער איז געקומען
צו אַזאַ לעבן. זיי האָבן אונז דערציילט. זיי האָבן בכלל ליב
אַ סך צו דערציילן. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אונז אָנגע־
פלוידערט אַ סך בבא מעשׂיות, וואָס נישט געשטויגן נישט
געפלויגן. אַזוי איז שוין די נאַטור פון זייער פּראָפעסיע. און
חוץ דעם איז בכלל געווען שווער צו פאַרלאַנגען, זיי זאָלן פון
העלער הויט עפענען דאָס האַרץ פאַר ווילד־פרעמדע. שפּעטער,
ווען מיר זענען מיט זיי נעענטער באַקאַנט געוואָרן, האָבן מיר
זיך אויסגעלערנט אויסצעשיילן אין זייערע דערציילונגען דעם
אמת פון ליגן, דעם פאַקט פון דער גוזמא. און וואָס מער אַ גנב
האָט פון די ערשטע ווערטער געפילט, אַז ער קאָן דיך נישט
נאַרן, אַז דו זעסט אים אויף דורך און דורך, אַלץ ווייניקער
ליגן האָט ער דיר געזאָגט. די קרימינעלע פון זייער זייט
האָבן זיך אויך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם נייעם מין

אַרעסטאַנטן און האָבן אונז גענומען אויספרעגן: ווער זענען מיר? וואָס ווילן מיר? און כּמעט יעדער געשפּרעך פלעגט זיך ענדיקן מיט דער פראַגע: „אָבער וואָס צאָלן זיי אייך דערפאַר? אָט יענע, מיינען מיר, וואָס האָבן אייך געדונגען?...״ אַז מ׳קאָן עפּעס טאָן נישט פאַר געצאָלט, נאָר צוליב אַן אידעע, — דאָס האָבן זיי בשום אופן נישט געוואָלט גלויבן. „מיר זענען דאָך נישט קיין קינדער, איר וועט אונז נישט איינרעדן, אַז גלאַט אַזוי פון מצוה וועגן זאָלן מענטשן גיין אין טורמע...״

די ערשטע צייט פלעגן צווישן אונז מיט זיי אָפּט אַרויסקומען „מיספאַרשטענדענישן״. מיר זענען דאָך געווען יאָלדן און זיי — „בלאַטע״; האָט מען געפּרווט ביי אונז אַראָפּציען די שטיוול, צעטרענען די קישן און זוכן דאָרטן פאַרנייטע געלט, אַמאָל געבן אַ קלאַפּ אויך. אָבער דאָס האָבן געטאָן די קלענערע, די מאַרעוויכער; די גרעסערע, עלטערע גנבים האָבן זיך באַמיט צו לעבן מיט אונז אין גוטברודערשאַפט. מיט גנבים פלעגן מיר זיך טרעפן אויך אין אונזערע איינצל-קאַמערן. קרימינעלע, וואָס זענען שוין לאַנג געזעסן, געהאַלטן ביים אַרויסגיין, פלעגן באַשטימט ווערן פאַר קאָרידאָר-באַדינער; זיי פלעגן פונאַנדערטראָגן ברויט, געקעכץ, וכדומה, אויפראַמען, וואַשן די דילן. פלעגט זיי אויסקומען צו עפענען דאָס קליינע פענסטערל פון אונזער טיר, כּדי עפּעס צו דערלאַנגען, אַמאָל אַריינגיין אינעווייניק אין קאַמער און דאָרטן אַביסל פאַרבלייבן. אין אַזעלכע פאַלן האָבן מיר זיך געביטן מיט טובות: מיר זיי — אַ פּאַפּיראָס, צוקער, אַמאָל איבעריק ברויט. זיי אונז — איבערגעבן אַ צעטעלע פון קאַמער אין קאַמער, איבערשיקן דורך אַ געליבטע, וואָס קומט אויף אַ זעהונג, אַ בריוועלע אויף דער פריי. און שטייענדיק נעבן פענסטערל אָדער אַריינגייענדיק צו אונז אין קאַמער, פלעגט מען רעדן, דערציילן, זיי אונז און מיר זיי. אין אונזער יונגער באַגייסטערונג האָבן מיר אומעטום געזוכט אַן אָביעקט פאַר אַגיטאַציע און מיר האָבן די גנבים אויך אָנגעהויבן צו אַגיטירן; אין דער אַלגעמיינער און אין איינצל-קאַמער, אין באָד, וואו מ׳האָט אונז איבער אַ פרייטיק געפירט צוזאַמען, — אומעטום האָבן מיר

זיי אַגיטירט. און וואָס מער די באַוועגונג איז געוואַקסן אויף דער פריי, אַלץ מער יחסנים זענען מיר געוואָרן אין טורמע, אַלץ אָנציענדער איז אונזער וואָרט געוואָרן פאַר די קרימינעלע אַרעסטאַנטן. מיר האָבן אָנגעהויבן אַריין אין דער מאָדע. איצט האָבן די קרימינעלע זיך אויפמערקזאַמער צוגעהערט צו אונזער אַגיטאַציע, אָפטער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געגעבן גערעכט. אָבער אין 9 פאַלן פון 10 איז עס געווען נישט דערפאַר, וואָס אונזער וואָרט האָט זיי באמת דורכגענומען, נאָר ווייל זיי האָבן אונז געוואָלט חנפנען אָדער אַביסעלע פאָזירן. אַמאָל פלעגט אַ גנב מאַכן אַ סודות-פולן פנים און מיט האַלבע ווערטער און אָנצוהערענישן אונז פאַרטרויען, אַז אייגנטלעך איז ער שוין לאַנג אַ אונזעריקער; ער האָט געהאַט באַקאַנטשאַפט מיט יענע לייט, מיט די סאַמע באַהאַלטענע, האָט שוין נישט איין שטיקל אַרבעט אַזעלכע אָפגעטאָן... אין דער גנבה, פאַר וועלכע ער זיצט, שטעקט אויך אַ שטיק פּאָליטיק; עס איז נאָר פאַר נאַטשאַלסטוואָ אַ גנבה... אין דער אמתן אָבער... אונזערע לייט פאַרשטייען דאָך... דערביי פלעגט ער עס מאַכן אַזוי אומגעלומפּערט, אַז מ'האָט שוין געדאַרפט זיין צו נאַאיוו אים צו גלויבן.

די קרימינעלע, וואָס האָבן געקענט לייענען, פלעגן ביי אונז בעטן ביכער. אָבער אונז איז געווען שווער זיי צופרידן צו שטעלן. אַפילו די בעלעטריסטיק, וואָס מיר האָבן זיי געגעבן איז געווען פאַר זיי „צו נודנע". „גיט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל פאַרכאַפּן"... אַז אין טורמע פלעגט אַמאָל אַריינפאַלן אַ פּראָקלאַמאַציע, פלעגן זי די קרימינעלע לייענען מיט גרויס חשק, נישט אַזוי צוליב דעם אינהאַלט, ווי צוליב דעם טאָן. „אָט אַזו, אַריינגעלייגט אַ חלק! גוט געגעבן! די נשמה פון זיי!" געווען צווישן די קרימינעלע אויך אַזעלכע, אמת ווייניק, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן באַגער צו קענטעניש, זיי פלעגן ביי אונז נעמען פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע ביכלעך, דערנאָך שטעלן פראַגן, רעדן וועגן דעם איבערגעלייענטן. פאַר מיינע אויגן שטייט בער זלאַטקין — אַ בחור פון אַ יאָר 19, אַ דאַרער, אַ קרענקלעכער. ער איז געוואָרן אַ גנב צו 8 יאָר, געווען

פריער אַ מאַרעוויכער (אַ קעשענע גנב), שפּעטער האָט ער זיך אויפגעהויבן צו דער מדרגה פון אַ קאַסע-ברעכער. ער האָט זיך לאַנג געוואַלגערט אין די טורמעס, האָט פאַרמאָגט אַ פלינקן שכל און אַ פעסטן כאַראַקטער. די אַרעסטאַנטן האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן — אַפילו די אַדמיניסטראַציע פון טורמע האָט פאַר אים דרך ארץ געהאַט. דער דאָזיקער זלאַטקין, וועלכער האָט נישט געקענט לייענען קיין יידיש און האָט זיך אין די טורמעס אויסגעלערנט גוט לייענען און שרייבן רוסיש, איז געווען אַ פלייסיקער לעזער. אָן אַ בוך, האָט ער געזאָגט, איז אים שווערער אויסצוקומען, ווי אָן אַ פּאַפּיראָס. ער האָט ליב געהאַט צו גריבלען זיך אין די רוסישע קרימינעלע געזעצן; ער האָט אַפילו ביי זיך אין קאַמער געהאַט אַן אייגענעם „סוואָד זאַקאָנאָוו" — דאָס, האָט ער געזאָגט, מוז אונזערער אַ יינגל וויסן, פאַר זיך און פאַר חברים. „איך, פלעגט ער זאָגן מיט שטאָלץ, קען אַפילו אַ פּראָשעניע אַליין פאַר זיך אָנשרייבן". און נאָך האָט ער ליב געהאַט, שוין נישט צוליב נוצן, נאָר צוליב דער זאַך גופא, נאַטור-וויסנשאַפט. ער פלעגט ביי מיר בעטן ביכלעך וועגן עלעקטריע, וועגן מאַשינען און „בכלל וועגן דער וועלט". די וועלט, פלעגט ער זאָגן לאַכנדיק, איז דאָך עפּעס די גרעסטע מאַשין... נאָך יעדן ביכל פלעגט ער מיך פאַרשיטן מיט פראַגן. איינמאָל איז ער געשטאַנען ביי אַ שעה צייט נעבן פענסטערל פון מיין טיר — דער אַלטער וועכטער האָט געשוויגן: ער האָט צו זלאַטקינען געפילט עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען געמישט פון ליבע, דרך ארץ און מורא. דעם מאָל האָט זלאַטקין גערעדט נישט וועגן נאַטור-וויסנשאַפט. ער האָט מיך פאַנאַנדער-געפרעגט, פאַר וואָס איך זיץ, וואָס איז סאָציאַליזם און וואָס רעוואָלוציע. אין זיינע פראַגן האָט זיך געפילט אַ טיפער אינטערעס. איך האָב לאַנג גערעדט, אים דערקלערט, וואָס מיר ווילן, מיט שוואַרצע פאַרבן געשילדערט דעם פינסטערן היינט, מיט העלע קאָלירן - דעם ליכטיקן מאָרגן — ווי אַ יונגער אַגיטאַטאָר. ער האָט אויפמערקזאַם געהערט, זעלטן ווען מיך איבערגעריסן מיט אַ פראַגע און ווידער געהערט. לסוף האָט ער אַ זאָג געטון: „אַלץ גוט. אָבער, וואָס וועט זיין פאַר

אונזערע ייִנגלעך?" איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרחדושט. „יאָ, האָט ער איבערגעחזרט, אַלע גליקן, וואָס איר דערציילט, ווערן זיין פאַר אַרבעטער און פאַר פויערים. אָבער פאַר אונזערן אַ ייִנגל, פאַר אַ גנב, ווי איך, וואָס האָט אייער סאָציאַליזם?" איך האָב זיך באַמיט אים צו דערווייזן, אַז אין דער סאָציאַליס-טישער אָרדנונג וועלן קיין גנבים נישט זיין. — „זעט איר, האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, דאָס איז שוין אוממעג-לעך. כּל זמן עס וועלן זיין מענטשן, וועלן זיין גנבים".

פאַרשטייט זיך, אַז פון אונזער אַגיטאַציע צווישן די קרימינעלע איז גאָר ווייניק אַרויסגעקומען. געווען אין טורמע אַזעלכע, וואָס זענען שוין, דאַכט זיך, איינגאַנצן געווען אונזערע. פאַרן אַרויסגיין אויף דער פרייַ האָבן זיי צוגעזאָגט צו ווערן ערלעכע אַרבעטער, קעמפער; האָבן מיטגענומען בריוו צו אונזערע חברים און באַקאַנטע, וואָס זאָלן זיי באַהילפיק זיין אויף זייער נייעם וועג. דאָס רוב פלעגט אַזאַ איינער צערייסן דעם בריוו, גלייך ווי ער איז אַריבער דעם שוועל פון טורמע. אַנדערע פלעגן אָפּטראָגן די בריוו, אויסנאַרן אַביסל געלט און דערנאָך פאַרשוואונדן ווערן. זעלטן ווער עס האָט באמת געפּרוּווט זיך נעמען צו ערלעכער אַרבעט. און דער, וואָס האָט עס געטון, האָט זיך אויך נישט לאַנג געהאַלטן אויף זיין נייעם וועג. אין אַ חדשים 3—4 אַרום, ער איז שוין ווידער אין טורמע, איבערנייעס פאַר אַ גנבה. און נישט ווייל ער האָט נישט געוואָלט, נאָר ווייל ער האָט נישט געקאָנט ווערן אַנדערש. דאָס זענען דאָך דאָס רוב געווען מענטשן אָן ווילן, איינגעוואַקסן אין פאַרברעכערישע געוואוינשאַפטן, און דאָס לעבן פון אַן ערלעכן אַרבעטער איז גאָר נישט אַזוי זיס. גנבים, וואָס זענען באמת געוואָרן אַרבעטער, באמת אונזערע, ווייס איך זייער ווייניק. איך קאָן זיי אָנציילן אויף די פינגער. אַ פּאָר פון זיי האָבן שפּעטער געשפּילט אַ ראָלע אין דער באַוועגונג, געווען אַפילו אין קאָמיטעט.

די קרימינעלע האָבן אויך גענומען אַ געוויסן אָנטייל אין אונזערע צוזאַמענשטויסן מיט „נאַטשאַלסטוואָ". ביי אַ הונגער-שטרייק, בעת מ'האָט עמעצן פון די פּאָליטישע מיט געוואַלט

געשלעפּט אין קאַרצער, און די חברים האָבן געמאַכט אַ טומל, געקלאַפּט אין די טירן, געבראָכן שויבן, זיך געוואָרפן אויף די וועכטער, בײ אַ פּרווו צו אַנטלויפן, זענען געווען קרימינעלע, וואָס האָבן אונז געדינט, געהאָלפן מיט וואָס זײ האָבן נאָר געקאָנט. מיר ווידער האָבן זיך פאַר זײ אויך אײנגעשטעלט. מיר פלעגן פּראָטעסטירן, ווען מ׳האָט זײ צו שטאַרק באַליידיקט. צוליב דעם זענען מיר אָפט פאַרוויקלט געוואָרן אין אַ קאַמף מיט „נאַטשאַלסטוואָ". אין די יאָרן 1905—1906, בעת די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט זיך אויפגעהויבן הויך און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט אָט וועלן מיר אינגאַנצן זיגן, זענען די גנבים אין טורמע געווען מיט אונז קעגן „נאַטשאַלסטוואָ". ווען דער נאַטשאַלניק פלעגט פּרווון אָנהעצן עמעצן פון זײ צו שלאָגן אַ פּאָליטישן, פלעגט יענער מיט כעס זיך אָפּזאָגן. אין יענע יאָרן פלעגן די קרימינעלע אונטערהאַלטן די פּראָטעסטן פון די פּאָליטישע, און עס זענען געווען מאָמענטן, ווען די גאַנצע טורמע האָט זיך געהאַלטן, ווי איין חברישער קבוץ. די לאַגע האָט זיך געביטן אין 1907, ווען סטאָליפּינס רעזשים האָט צוגעדריקט גאַנץ רוסלאַנד און נאָכמער די באַוואוינער פון טורמע. די פּאָליטישע זענען ווידער געוואָרן הפקר; אויף זײ האָבן זיך געשאָטן רעפּרעסיעס, באַליידיקונגען און אַפילו קלעפּ. דאָס האָט אַראָפּגעוואָרפן אונזער אויטאָריטעט אין די אויגן פון די קרימינעלע. זײ האָבן זיך אָנגעהויבן באַציען צו אונז מיט גרינגשעצונג, ווי צו געפאַלענע. אייניקע פון זײ פלעגן שפּיאָנירן. און איבערגעבן דער „נאַטשאַלסטוואָ", וואָס מיר רעדן און טוען און נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז די קרימינעלע פלעגן זיך לאָזן אָנרעדן צו שלאָגן די פּאָליטישע, איבערהויפּט בעת הונגער-שטרייקן און אַנדערע צוזאַמענשטויסן מיט דער אַדמיניסטראַציע.

אויף דער פרײ, אויסער די ווענט פון טורמע, איז אין די יאָרן 1905 — 1907 אונז אויך אויסגעקומען צו האָבן צוזאַמענשטויסן מיט די גנבים. אין 1905 און 1906 איז אין ווילנע און וואַרשע, למשל, דער בונד געווען אַזוי פּאָפּולער און זיין אויטאָריטעט אַזוי גרויס, אַז די באַפעלקערונג פלעגט קומען

צו דער אָרגאַניזאַציע, ווי צום העכסטן משפט, זיך קלאָגן אויף יעדער עולה, אויף יעדער באַליידיקונג, וואָס איז איר געטאָן געוואָרן. אַ יידענע איז געקומען צו די, וואָס זי האָט אָנגענומען פאַרן קאָמיטעט, אָנקלאָגן איר מאַן, אַז ער איז אַ שכור און ער שלאָגט זי; אַ שכן, — אַז דער באַלעבאָס דריקט אים מיט דירה-געלט; אַ מיידל — אַז דער חתן איז זיך מיט איר שלעכט באַגאַנגען און האָט זי אַוועקגעוואָרפן. הכלל, וואו נאָר אַ בייז האַרץ, איז געקומען זוכן הילף ביים בונד. אין יענער צייט פלעגט מען קומען צו אונז אויך צוליב ענינים פון גנבה. מ׳האָט, למשל, באַגנבעט אַן אַרבעטער, פלעגט דער קאָמיטעט שיקן צום „טאַטע" פון די גנבים און פאָדערן די געגנבעטע זאַכן זאָלן נישט אַנדערש אָפגעגעבן ווערן. דאָס האָט נישט איין מאָל געהאָלפן. די „טאַטעס" האָבן נישט געוואָלט איינרייסן מיטן בונד און אויב זיי האָבן נאָר געקאָנט, האָבן זיי זיך געסטאַרעט, די גנבה זאָל אומגעקערט ווערן. וואָלט עס געווען גוט, ווען אַזאַ זאַך זאָל געשען נאָר זעלטן. צום אומגליק האָט זיך עס אָנגעהויבן מאַכן צו אָפט. יעדער איינער אין שטאָט האָט געהאַט באַקאַנטע צווישן די אַרבעטער און ווען מ׳האָט נאָר באַגנבעט, איז ער גלייך געלאָפן זוכן אַ „פּראָטעקציע" ביי דער אָרגאַניזאַציע. די גנבים האָבן זיך געפילט אָנגערירט אין זייערע בלוטיקע אינטערעסן. — די „ברידער און שוועסטער" לאָזן אונז נישט לעבן!... האָבן זיי געשריגן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף. די גנבים פלעגן העלפן פאָליציי נאָכשפּירן די בונדיסטן, זיי פלעגן באַפאַלן איינצלנע אַרבעטער-טוער און ממיתן זיי. זיי האָבן זיך אַפילו געוואָרפן אויף אַרבעטער-פאַרזאַמלונגען אין וואַלד. אין ווילנע, וואַרשע, לאָדז, ביאַליסטאָק זענען אויף דעם באָדן נישט איין מאָל אַרויסגעקומען לאַנגדויערנדיקע צוזאַמענשטויסן צווישן דער אָרגאַניזאַציע מיט די גנבים. אין 1907 איז אין ווילנע צוליב אַזאַ מין קאָנפליקט שווער פאַרוואונדעט געוואָרן מיט אַ מעסער דער סעקרעטאַר פון מעטאַליסטן-פאַריין ח׳ חנה באַסעוויטש (לאָזער, געשטאָרבן אין פאַריז אין דער צייט פונם וועלט-קריג).

## IV

אין די יאָרן 1902 — 1905, בעת די רעוואָלוציאָנערע אויפלעבונג איז געווען גרויס, און די יידישע אַרבעטער זענען געווען זייער קעמפעריש געשטימט, אין די יאָרן פון קאַמפסגרופעס (ב. אָ. : באָיעוויע אָטריאַדי) און זעלבסטשוץ, פון גאַסן-צוזאַמענשטויסן און טעראָריסטישע-אַקטן — האָבן די געווועזענע לאָבוזעס געפונען מער פלאַץ אַרויסצעווייזן זייער מוטיקע איינשטעלערישע נאַטור.

אין פרילינג 1901, בעת אַ גרויסע מאַסע יידישע אַרבעטער האָט אַרויף נאָווגעאָראָד, (אַ פאָרשטאָט פון ווילנע) צעטראָגן דאָס הויז פון אוריאַדניק און באַפרייט די אַרעסטירטע בונדיסטן (די באַוואוסטע „מעשה-פאַנבוק") זענען די אָנפירער געווען צוויי יידישע שוסטער, הירשקע און עלטשיק —ביידע געוועזענע לאָבוזעס. דער ערשטער איז געווען דער באַרימטער הירש לעקערט, וועלכער האָט מיט אַ יאָר שפּעטער געשאָסן אין דעם ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל, דערפאַר, וואָס יענער האָט געהייסן שמייסן די אַרעסטירטע מאַי-דעמאָנסטראַנטן ; לעקערט איז געהאָנגען געוואָרן. מיט זיין העלדישן אַקט און מיט זיין מארטירער-טויט האָט ער אָפגעווישט דעם שאַנד-פלעק, וועלכן דער צאַרישער הענקער האָט געוואָלט אַרויפלייגן אויפן יידישן פראָלעטאַריאַט. דער צווייטער איז געווען אליהו רייטשוק, וועלכער האָט דערנאָך יאָרנלאַנג געאַרבעט אין בונד ; אין 1912 איז ער געווען זיץ-רעדאַקטאָר פונם בונדישן וואָכנבלאַט „לעבנס פראַגן", נאָך דעם, ווי די „לעבנס-פראַגן" זענען פאַרמאַכט געוואָרן, איז רייטשוק אַרעסטירט געוואָרן, מ'האָט אים פאַרמשפט און דערנאָך באַפרייט צוזאַמען מיט מעדעמען. איצט איז ער אַ קאָמוניסט, אַ פאַרוואַלטער פון אַ שוסטערישן פראָדוציר-קאָאָפעראַטיוו אין מינסק-רוסלאַנד.

דעם פראָוואָקאַטאָר אָרנאַטסקי אין פינסק האָבן געהרגעט געוועזענע לאָבוזעס, איינער אַפילו אַ געוועזענער גנב. אין זעלביקן פינסק האָט די יידישע מאַסע צעטראָגן אַ פאָליצייצירקל און באַפרייט דעם אַרעסטירטן קאָליע טעפער (דעמאָלט

אַ בונדיסט). די איניציאַטאָרן און פירער פונם דאָזיקן אויפטו זענען ווידער אַמאָל געווען געוועזענע לאָבוזעס.

דער בונד, ווי אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, איז געווען קעגן טעראָר. די דיסציפלין אין בונד איז דעמאָלט געווען אַ גאַנץ שטאַרקע. און דאָך זענען אין 1905 אין ראַיאָן פון בונד פאָרגעקומען אַ ריי טעראָריסטישע אַקטן, אויסגעפירט פון בונדיסטן. די מעשה דערפון איז, וואָס עס זענען געווען פאַלן, ווען דער געוויסן פון דער מאַסע האָט געפאָדערט אַ טעראָריסטישן אַקט: נקמה-נעמען פאַר אַזעלכע גרויזאַמקייטן, וואָס זענען אַפילו פאַרן צאַריזם געווען נישט געוואוינלעך; אָפּרוימען פון וועג אַ הענקער, וועלכער איז אַפילו פאַר יענער צייט געווען צו הענקעריש. לעקערט, למשל, איז געווען דער נישט-געשיקטער שליח פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט; אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז מע מוז זיך מיט פאָן וואַלן אָפּרעכענען. אַלע זענען געווען זיכער, אַז מ׳וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען; און ווען נישט לעקערט, וואָלט עס געטאָן אַן אַנדערער, אַ דריטער. די אָרגאַניזאַציע האָט אין אַזאַ פאַל נישט געקאָנט נאָכגעבן דער שטימונג פון דער מאַסע און אַליין אָרגאַניזירן אַ טעראָריסטישן אַקט. זי האָט מורא געהאַט, אַז פון איינצלנע אַקטן וועט דער טעראָר ווערן אַ סיסטעם, און דעמאָלט וועט אָפּגעשטויסן ווערן אין הינטערגרונט די אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער-מאַסן, ווי דאָס איז פאַקטיש געווען ביי די ס. ר. די באַוועגונג פון די מאַסן וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַוועגונג פון הייפלעך, וועלכע וועט גיך אויסגעשעפּט ווערן. אָבער די מאַסע וויל נישט אַלע מאָל וויסן פון טאַקטיק. אין הייסע מינוטן לאָזט זי זיך פירן מערער פון איר שטימונג. און אַז די אָרגאַניזאַציע האָט נישט געקאָנט אויף זיך נעמען אָרגאַניזירן טעראָריסטישע אַקטן, האָבן זיך געבילדעט באַזונדערע קליינע גרופּעס, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די אַקטן אויף זייער אייגענע אחריות, אָן דער סאַנקציע און אַפילו אָן דעם וויסן פון דער אָרגאַניזאַציע. אַמאָל האָבן זיך פאַר אַזעלכע זאַכן גענומען אַפילו איינצלנע מענטשן; געטריבן פון זייער רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, האָבן זיי אויסגעקליבן דעם

אָביעקט, אויף וועמען דעם אַקט אויסצופירן, דעם מאָמענט, ווען און די מיטלען, ווי אים אויסצופירן — לויט זייער אייגענער איינזעעניש. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען זענען צוזאַמען מיט אַזאַ דרינגענדן געבאָט פון דער מאַסע, ווי דער שאָס פון הערש לעקערט, געווען אויך אַקטן פון רעוואָלוציאָנערע מנחם-מענדלס.

אין די טעראָריסטישע אַקטן, וואָס זענען אין יענע יאָרן אויסגעפירט געוואָרן אין ראַיאָן פון בונד, האָבן אָפט אָנטייל גענומען מענטשן, וועלכע האָבן פאַרבראַכט זייערע פריסטע יאָרן צווישן לאָבוזעס און גאַסן-יונגען. אַזאַ איינער איז געווען — ל. — ש., אַ יונגער אַרבעטער, אַ בונדיסט, וואָס האָט אין 1905 אין איינער פון די ווייס-רוסישע שטעט געשאָסן אויף אַ פריסטאַוו. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט; די טויט-שטראָף איז פאַרביטן געוואָרן אויף אייביקע קאַטאָרגע. פון קאַטאָרגע איז ער אַנטלאָפן, האָט זיך דערקליבן ביז אַמעריקע, דאָרטן איז ער געווען אַ געשעפטס-מענטש און אין דערזעלביקער צייט אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. אַלס סאָציאַליסט, האָט ער מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן געלט אויף אַלע באַדערפעניש פון דער באַוועגונג. אַלס אונטערנעמער האָט ער זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט, אַבי רייך צו ווערן, און בעת אַ שטרייק האָט ער גערופן פּאָליציי קעגן זיינע אָנגעשטעלטע. אין אים איז געווען פאַרייניקט אַן אויפריכטיקע רעוואָלוציאָנערע שטימונג מיט אַ גרויסער ליבע צו פּאָזע, אַ פיפיקער געשעפטס-מענטש, וואָס שטרעבט צו באַלעבאַטישן וואוילטאָג און פוץ, און אַ העלד, וואָס איז אין אַ הייסע מינוט פעהיק אויף גרויסע מעשים; אַ סענטימענטאַלע האַרציקייט מיט אַ סאַדיסטישער גרויזאַמקייט; אַן עם הארץ, וואָס שטרענגט זיך אָן אויסצוזען געשליפן. חוץ דעם איז ער געווען אַן איבער-געאיילטער מענטש, וואָס קאָן נישט און האָט נישט ליב צו טראַכטן. זיינע געשעפטן זענען געשפרונגען: היינט איז ער אין די פעדערן, מאָרגן אַן אביון, איבערמאָרגן גייט ער ווידער באַרג-אַרויף. אין פרילינג 1917 האָט ער זיך אַזוי פאַרפלאָנטערט אין זיינע געשעפטן, אַז די חברים האָבן געמיינט, אָט-אָט

פּאַלט ער אַריין אין קרימינאַל. אָבער נאָכדעם, ווי די פּאַרייניקטע שטאַטן זענען אַריין אין וועלט-קריג, איז — ל. — ש. אַרעסטירט געוואָרן פאַר אַנטי-מיליטאַריסטישע אַגיטאַציע. אין 1918 איז ער געקומען קיין רוסלאַנד און באַלד געפונען זיין אָרט אין טשעקאַ. פריער אין גרויס-רוסלאַנד, נאָכהער אין אוקראַינע. באַגעגענדיק זיינע געוועזענע חברים, די בונדיסטן — ער האָט זיי געזוכט צו באַגעגענען, כּדי צו פּאָזירן מיט דער גדולה, צו וועלכער ער האָט דערגרייכט — פלעגט ער פאַרזיכערן, אַז ער באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות אויסצומיידן טויט-שטראָף. דער אמת איז אָבער געווען פאַרקערט: אין אַ גרויסער שטאָט, אין אוקראַינע, איז די צאָל אויסגעפירטע טויט-אורטיילן אויסגעוואַקסן אין דרייען נאָכדעם, ווי — ל. — ש. איז דאָרטן געוואָרן פאַרוואַלטער פון טשעקאַ. אין יענער שטאָט האָט געטראָפן, אַז אַגענטן פון טשעקאַ האָבן בעת אַ הויז-זוכונג צוגענומען ביי אַ יידישן בעלעטריסט אַ טעקע מיט כּתבים. אין אַ חודש אַרום איז דער בעלעטריסט געקומען פרעגן, פאַרוואָס מ׳גיט אים נישט אָפּ זיינע כּתבים, וועלכע האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט פּאָליטיק. האָט — ל. — ש. געענטפערט; וואָס קומט אַרויס פון אייער שרייבן? אָט זעט, וואָס איך שרייב. דאָס וועט ראַטעווען די וועלט... און ער האָט אים געוויזן אַ ריי אונטערגעשריבענע טויט-אורטיילן... ל. ש. האָט זיך געמיט צו ראַטעווען פון טויט-שטראָף אַ באַוואוסטן בונדישן פּראָוואָקאַטאָר, וועלכן ער האָט נאָך געקענט אין זיין געבורטס-שטאָט אין 1905. אין דער זעלבער צייט פלעגט ער פאַר זיינע חברים זיך קלאַפּן אין האַרצן: אויב ליבער וועט צו אונז אַריינפאַלן, וויל איך האָבן דעם כּבוד צו שיסן אים מיט מיין אייגענער האַנט: איר פאַרשטייט, איך בין געווען אַ בונדיסט...

אין די יאָרן 1905 און 1906 איז דער טעראָר אין ערגעץ נישט געווען אַזאַ פאַרשפּרייטע דערשיינונג, ווי אין פּוילן, באַזונדערס אין וואַרשע. אָנפאַלן אויף אַ מאָנאָפּאָלקע (מלוכהשע בראָנפן-קראָם) און צונעמען די קאַסע, עקספּראָפּריאירן אַ געלט-פּאָסט, דערשיסן אַ פּריסטאַוו אָדער אַן אָקאָלדאָטשנעם איז געוואָרן אַ געוויינלעכע, כּמעט אַן אַלטעגלעכע דערשיינונג.

עס זענען געווען גרעסערע אַקטן אויך: אַטענטאַטן אויף די העכערע פּאָרשטייער פון צאַריזם, אָנפאַלן אויף אַ צוג, באַפרייען וויכטיקע אַרעסטירטע פון טורמע וכדומה. דאָס רוב גרעסערע און קלענערע אַקטן זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך די באָיוווקעס (קאַמפּס-גרופּעס) פון די פּ. פּ. ס. די דאָזיקע באָיוווקעס זענען באַשטאַנען נישט דורכאויס פון אידעאישע רעוואָלוציאָנערן; געווען צווישן זיי אויך נישט ווייניק פּוילישע און יידישע לאָבוזעס (נישט קיין געווענע, נאָר טאַקע איצטיקע), וואָס האָבן געאַרבעט צוליב געלט, אויס ליבע צו אַוואַנטורעס. אָבער פון אָט די לאָבוזעס האָבן זיך אַרויסגערוקט אייניקע העלדן, וועלכע האָבן אין דער טעראָריסטישער אַרבעט דערוואָרבן דעם אידעאַליזם און באַוואוסטזיין, וואָס זיי האָבן פריער נישט געהאַט. אַזאַ איינער איז געווען דער באַוואוסטער ברוך שולמאַן, וועלכער האָט אין 1906 געהרגעט אין ווארשע דעם פאַרהאַסטן פּאָליציי-קאָמיסאַר קאָנסטאַנטינאָוו. ברוך שולמאַן איז נאָך מיט עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט געווען אַ גאַסן-יונג, אַפילו אַ קרימינעלער טיפּ, אָבער די באָיוווקע האָט אים געלייטערט. אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן האָט ער זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ העלד, וואָס זיין אויפטו און זיין טויט האָבן די אַרבעטער-מאַסן באַזונגען אין פאָלקס-לידער. אין דער אָרגאַניזאַציע „פּראָלעטאַריאַט" פון יענע יאָרן (להבדיל פון דעם „פּראָלעטאַריאַט", וואָס אין די 80-ער יאָרן, ווען מען נאָמען עס איז הייליק פאַר יעדן סאָציאַליסט), וועלכע האָט אין ווארשע אָרגאַניזירט די קצבים און האָט בעת שטרייקן אָנגעווענדט עקאָנאָמישן טעראָר, זענען געווען אַ סך וואוילע יונגען, אויף וועלכע עס איז אָפט געווען שווער צו זאָגן, וואָס זענען זיי, געוועזענע אָדער נאָך איצטיקע לאָבוזעס. שפּעטער, אין דער צייט פון די פּריוואַטע עקספּראָפּריאַציעס און קאָמבינאַציעס, האָבן אָט די „פּראָלעטאַרישע" לאָבוזעס געשפּילט אַ טרויעריקע ראָלע.

אין די זעלבסטשוץ-גרופּעס פון בונד האָבן זיך פאַרשריבן אַ סך לאָבוזעס און זיי האָבן דאָרטן אַרויסגעוויזן גבורה און מסירת-נפש. אַ סך פון די וואוילע יונגען זענען געקומען אין

זעלבסטשוץ ערשט אין מאָמענט פון פּאָגראָם, און עס האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז מענטשן זענען געקומען אָן רעוואָלוציאָנערע כוונות, געטריבן בלויז פונם נאַציאָנאַלן געפיל; אָבער אין די זעלבסטשוץ-גרופּעס זענען זיי רעוואָלוציאָניזירט געוואָרן און זיי האָבן פון דאָרטן געפונען אַ וועג צום בונד.

און רעד איך וועגן געוועזענע לאָבוזעס, וואָס זענען אַריבער אין דער אַרבעטער-באַוועגונג און האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין טעראָריסטישע אַקטן און זעלבסטשוץ, קומט מיר אויפן זינען לייבע סטראַדאַל פון האָמעל, מיט זיין הויכער פעסטער פיגור, מיט זיין שטענדיק פאַראומערטן און דאָך מילדן פּנים. ער איז געווען אַ בויער פון פאַך; אָבער בעת איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן, זומער 1905, איז ער שוין לאַנג געווען אַ נעלם, האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן און נישט געקאָנט טאָן קיין בוי-אַרבעט. לייבע האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען מיט זיין אָנטייל אין זעלבסטשוץ בעתן ערשטן האָמלער פּאָגראָם, אויך מיט דעם נישט-געלונגענעם אַטענטאַט, וואָס ער האָט אויף אייגענער אחריות געמאַכט אויפן האָמלער פּאָליציימייסטער, דעם דעמאָלט באַקאַנטן כליעבניקאָוו. אין האָמעל האָט לייבן געקענט אַ קינד אין וויג; אַלע האָבן געוואוסט, ווער ער איז און וואָס ער איז. די גאָראָדאָוואָיעס האָבן אויף אים מיט די פינגער געטייטלט; און דאָך האָט ער נאָכן אַטענטאַט כמעט זיך נישט באַהאַלטן. אין אַ וואָך אַרום איז ער שוין אָפן אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון האָמעל, פּונקט ווי קיין זאַך וואָלט נישט געשען. כדי אים צו פאַרהיטן פון אַ דורכפאַל, האָט אים דער קאָמיטעט געשיקט אַרבעטן אין אַ געהיימער דרוקעריי. פאַר אַזאַ לעבעדיקן באַוועגלעכן מענטשן, ווי לייבע, איז געווען שווער זיך צו פאַרגראָבן אין אַן אונטערערדישער דרוקעריי, אָפּגעריסן פון אַלץ און פון אַלעמען. אים האָט געצויגן אויף דער בערזע, אויף פאַרזאַמלונגען, צו חברים, און דאָ האָט ער צוליב קאָנספּיראַציע געמוזט טעג און וואָכן זיצן אין שטוב און זיך באַגעגענען נאָר מיטן „פאַרמיטלער", וועלכער האָט געבראַכט געשריבענע פּראָקלאַמאַציעס און פּאַפּיר און האָט זיי אָפּגענומען געדרוקטע. און נאָך אַ זאַך. אַ גרויסער,

אַ געזונטער בחור איז ער געווען אָט דער לייבע; ער האָט געדאַרפט אַ סך עסן. דעם נאָמען סטראַדאַל אָדער סטראַדאַליעץ, ווי אַנדערע פלעגן אים רופן, האָט ער אויך געקראָגן צוליב זיין גרויסן אַפעטיט: ער איז אַמאָל צופעליק אַריינגעפאַלן אין טורמע אויף עטלעכע וואָכן, און אַז ער איז אַרויס, האָט מען ביי אים אַ פרעג געטאָן: ווי האָסטו זיך דאָרטן געפילט? האָט ער געענטפערט: איך האָב סטראַדאַיעט: מער ווי דריטהאַלבן פונט ברויט אַ טאָג האָט מען נישט געגעבן... און אָט דער מענטש מיטן גרויסן אַפעטיט האָט געדאַרפט אַרבעטן אין האָמלער געהיימער דרוקעריי, ביי האַלב-הונגעריקע באַדינגונגען. אָבער ער האָט עס געטאָן, ווייל די חברים האָבן געפונען, אַז דאָס איז נויטיק, דער היציקער לייבע האָט פאַרמאָגט אַ דיסציפלינירטע נאַטור.

דער קאָפ איז ביי לייבען געווען נישט שטאַרק אַנטוויקלט. מ׳האָט מיר דערציילט, אַז אין אָנהויב זומער 1905, איידער ער איז אַוועק אַרבעטן אין דער דרוקעריי, איז לייבע געווען אויף ליבערס אַ רעפעראַט וועגן „בונד" און „איסקראַ". אָפאָנירט האָט דער באַקאַנטער ברוך סטאָלפנער, וועלכער האָט גערעדט בייסנדיק, מיט שטעך-ווערטלעך, מיט דעמאַגאָגישע שפיצלעך. אונזערע, די מערהייט פון דער אוידיטאָריע, זענען געווען שרעקלעך אויפגעבראַכט פון סטאָלפנערס טאָן. ליבער איז געזעסן אָנגעבויגן איבער אַ נאָטיץ-ביכל, און זיין בלייפעדער איז געפלויגן איבערן פאַפיר. גייט לייבע צו צו ליבערן, טוט אים אַ צי ביים אַרבל און זאָגט אים שטילערהייט: „האָרוועט נישט אַזוי מיטן בלייפעדער, חבר! איך וועל אים געבן איין כמאַל, וועט ער פאַרשטומט ווערן, דער הונט"... ליבער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל: „איך בין זיך נוהג צו ענטפערן אַן אָפאָנענט מיטן מויל, נישט מיט די הענט"... לייבע האָט אָפגעטראָטן נישט אינגאַנצן צופרידן. סוף אויגוסט איז לייבע געקומען צום קאָמיטעט און געבעטן, מ׳זאָל אים צונעמען פון דער דרוקעריי: אויב מ׳מוז, איז קיין תירוץ נישט, וועל איך בלייבן. אָבער אויב איר האָט מיך מיט וועמען צו פאַרבייטן, גיט מיר אַן אַנדער אַרבעט... דער קאָמיטעט האָט אים

צוגענומען פון דער דרוקעריי. מ'האָט אים אָנגעהויבן שיקן אין די נאָענטע שטעט צו אָרגאַניזירן קאַמפּס-גרופּעס (ב. אָ.), איז אין אַ נאָענטע שטאָט געווען אַ פּאָגראָם-געפאַר, האָט מען געשיקט לייבן אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ. ער פלעגט פאָרן אַמאָל אַליין, אַמאָל מיט אַ פּאָר חברים. און די בלויזע ידיעה, אַז לייבע סטראַדאַל איז געקומען, האָט שוין צוגעגעבן מוט די אָרטיקע אַרבעטער.

אין די אָקטאָבער-טעג, אין דער צייט פונם אַלגעמיינעם שטרייק, איז די הויפּט-קוואַרטיר פון בונד אין האָמעל געווען אין דער דירה פון איינעם אַ בורזשואַזן דאָקטאָר, וואָס זיין ווייב איז געווען אונזערע אַ סימפּאַטיקערין. די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן געפאָדערט ביים דאָקטאָר אַ גרויסע סומע געלט, האָבן געסטראַשעט אויפצערייסן דאָס הויז צוזאַמען מיט די בונדיסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. האָט דער קאָמיטעט אַוועקגעזעצט לייבן היטן אונזער צענטראַלע קוואַרטיר. און אַז לייבע איז דאָרטן געזעסן, האָט זיך קיין אַנאַרכיסט נישט דערוועגט צוגיין נאָענט צום הויז – דערפאַר, וואָס די שמירה איז געווען גוט אָרגאַניזירט, און אפשר נאָכמער צוליב דעם גרויסן דרך-ארץ, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן געהאַט צו לייבען.

לייבע איז געפאַלן אַ קרבן פון זעלבסטשוץ אין רעטשיצע נעבן האָמעל. דאָס איז געווען אין נאָוועמבער 1906, בעת דער צאַריזם האָט אויף דער רויטער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע – געענטפערט מיט אַ שוואַרצער כוואַליע פון פּאָגראָמען. די רעטשיצער סטאַראָווערצעס, פאַרביסענע שוואַרץ-מאהניקעס, האָבן געמאַכט אַ פּראָוואָקאַציע. זיי האָבן דעפּעשירט אין האָמלער קאָמיטעט פון בונד, אַז אין רעטשיצע איז אַ פּאָגראָם, מ'זאָל אַרויסשיקן זעלבסטשוץ. איז פון האָמעל באַלד אָפּגעפאָרן אַ גרופּע חברים מיט לייבע סטראַדאַל בראש. צווישן וואָקזאַל און דער שטאָט ליגט אין רעטשיצע אַ שטיק וועג פון אַ פּאָר וויאָרסט, מיט ווייניק הייזער און אַ סך פאַרקאַנעס, וואָס פאַר-צוימען פויערישע פעלדער און גערטנער. בעת די חברים פון זעלבסטשוץ זענען געגאַנגען פון סטאַציע אין שטאָט אַריין, האָבן די סטאַראָווערצעס גענומען שיסן אויף זיי פון הינטער

די פאַרקאַנעס. צעטומלטע, נישט וויסנדיק, פון וואַנען די קוילן קומען, האָבן זיך די חברים געלאָזט לויפן אין אַלע זייטן. דעמאָלט זענען די סטאַראָוועצעס אַרויס פון הינטערן פאַרקאַן און האָבן זיך געוואָרפן אויף די חברים מיט מעסערס און אייזנס. די חברים זענען אַלע געפאַלן טויטע, באָדנדיק זיך אין זייער אייגענעם בלוט. געבליבן לעבן איז נאָר איין מינע פייגענבערג, וועלכער איז געפאַלן אַ פאַרחלשטער, די מערדער האָבן געמיינט, אַז ער איז טויט און האָבן אים צורו געלאָזן. בעת ער איז געקומען צו זיך, זענען שוין די סטאַראָוועצעס נישט געווען. האָט ער זיך אויף אַלע פיר דערשלעפט ביז דער סטאַציע, פון וואַנען מ'האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. פייגענבערג איז געווען אַזוי צעשעדיקט, אַז מ'האָט אים געמוזט אַראָפּנעמען ביידע פיס. פון אים ווייסט מען אַלע איינצלהייטן פון דער דאָזיקער טרויעריקער געשיכטע. ער האָט דערציילט, אַז אַ צעטומלטער פון די פלוצלינגע שאָסן, איז לייבע דאָך נישט געלאָפן. אַ שווער-פאַרוואונדעטער האָט ער זיך מיט זיין אייזערנעם שטעקן געוואָרפן אויף די מערדער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, און זיי האָבן פאַר זיין לעבן טייער באַצאָלט. לייבע סטראַדאַל האָט געלעבט און איז געשטאָרבן ווי אַ העלד.

V

גערוען אַ מאָמענט, ווען די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן אויך מיט די אַלפאָנסן און סוטעניאָרן, אָדער ווי מ'רופט זיי אין פוילן — די לומפּן. איך רעד וועגן די פּאָגראָמען אויף שאַנד-הייזער, וועלכע זענען אין מאַי 1905 פאָרגעקומען אין וואַרשע, לאָדז און עטלעכע אַנדערע שטעט פון דער פוילישער פּראָווינץ. כּדי די דאָזיקע געשיכטע זאָל זיין פאַרשטענדלעך, איז נויטיק אַ לאַנגע הקדמה.

אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע איז דעמאָלט געווען אַזאַ עלעמענט, וואָס איז געשטאַנען צווישן דער באַוועגונג און דער אונטערוועלט און איז געווען אי דאָ,

אי דאָרטן. אַרבעטער, וואָס פלעגן טרינקען און פאַרברענגען מיט אַלפאָנסן און סוטעניאָרן און אין דער זעלביקער צייט פלעגן זיי גיין אויף דער בערזע און אין אונזערע קאַוויאַרניעס, אָנטייל־נעמען אין עקאָנאָמישן און אַמאָל אויך אין פּאָליטישן קאַמף, לאָמיר זיי רופן דער צווישנשיכט. אַזאַ מין אַרבעטער האָט געלעבט אין צוויי וועלטן, און עס איז שווער געווען צו זאָגן, וועלכע וועלט איז אים נעענטער. אָט די צווייאיקייט איז געלעגן נישט בלויז אין זיין אַרט לעבן, נאָר אויך אין זיין פּסיכאָלאָגיע. ווען ביי דעם מין אַרבעטער פלעגן זיך טרעפן קריגערייען און געשלעגן מיט די אמתע אַלפאָנסן, פלעגט זיין אַזוי: אויב אונזערע צווישן-מענטשן האָבן געקראָגן קלעפּ פון די אַלפאָנסן, זענען זיי געקומען צולויפן אין דער אָרגאַניזאַציע, ווי אומשולדיקע שעפעלעך, וואָס זענען באַפאַלן געוואָרן פון כוליגאַנעס, און האָבן געמאַכט קולות: „וואָס שווייגט די אָרגאַניזאַציע? די לומפן גיסן אַרבעטער-בלוט! איר מוזט עפּעס טאָן קעגן דעם, אַז נישט וועלן מיר גיין צו די ס. ר., מירן גיין צום „פּראָלעטאַריאַט“, יענע ווייסן, ווי צו שטיין פאַר די אַרבעטאָרער“... אויב ווידער אונזערע האָבן געגעבן בעסער, זענען די געשלאָגענע לומפן געלאָפן צו זייערע „שטאַרקע“ מיט געוואַלדן: „די ברידער און שוועסטער לאָזן אונז נישט לעבן. מ׳מוז זיי געבן איבער די הענט, די יאָלדן!“.

אַזוי ווי דאָס, וואָס איך גיי דערציילן, איז געשען אין וואַרשע, מוז איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם צושטאַנד פון אונזער דאָרטיקער אָרגאַניזאַציע אין יענער צייט. דער בונד איז דעמאָלט געווען אין וואַרשע אויסערגעוויינלעך שטאַרק, אָבער צוליב די אומלעגאַלע באַדינגונגען פון זיין אַרבעט, האָט ער נישט געהאַט קיין פעסט באַשטימטע מיטגלידערשאַפט. מיר האָבן געוואוסט, אַז עטלעכע טויזנט מעכאַנישע שוסטער גייען נאָכן בונד, זיי אַליין האַלטן, אַז זיי „געהערן צום בונד“, אָבער עס איז דאָך געווען אוממעגלעך צו רעכענען זיי אַלעמען פאַר מיטגלידער. אַזוי אומגעפער איז געווען אין אַלע איבעריקע פאַכן, וועלכע מיר האָבן גערעכנט פאַר אונזערע, מיר האָבן געהאַט קליינע פעסטע קערן-גרופּעס

און אַרום זיי גרויסע לויזע מאַסן. דער צענטראַלער אַפּאַראַט פאַר דער גאַנצער שטאָט איז צו יענער צייט באַשטאַנען אינגאַנצן פון 8–10 מענטשן; ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און האָט נישט געקאָנט אַריינדרינגען אין אַלע שפּעלטעלעך פון דער באַוועגונג, אַרומכאַפּן די גאַנצע אַרבעט. קיין לעגאַלע אַרבעטער-פּרעסע איז נישט געווען, מיר האָבן זעלטן ווען געהאַט אַ גענויען באַגריף פון אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט. מיר האָבן געלעבט אין אַ ים פון קלאַנגען און עס פלעגן אונז אָפט טרעפן איבעראַשונגען.

די פּונקטן, וואו מיר פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן, זענען געווען קאַוויאַרניעס און טראַקטירן. אויף גענשע 19, ביי גרשונען אין קאַוויאַרניע, פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן אַ פּאָר הונדערט נעענטערע מענטשן, מער אָדער ווייניקער אַקטיווע טוער. די מאַסע פלעגט זיך צונויפקומען אין טראַקטירן. ראָג מילע און דזיקע איז געווען דער טראַקטיר פון די שוסטער. אַראָפּ דזיקע אוין אויף די אַרומיקע גאַסן איז געווען אונזער בערזע. 2 מאָל אַ וואָך, דינסטאָג פאַרנאַכט און שבת בייטאָג, פלעגן זיך דאָרטן צוזאַמענקלייבן טויזנטער מענטשן. אויף דזיקע גופא איז געווען די אַלגעמיינע בערזע. אויף מילע, מוראַנאָוו, סטאַווקע וכדומה — בערזעס פון איינצלנע פאַכן. דאָס איז געווען אונזער קלוב אונטערן פרייען הימל. היינט זעט עס מיר אַליין אויס, ווי אַ מעשהלע, אָבער דאָס איז אַ פאַקט; אַ שבת ביי טאָג פלעגן מיר אויף דער בערזע פאַרשפּרייטן 10 – 12 טויזנט פּראָקלאַמאַציעס און עס איז נאָך געווען קנאַפּ. די בערזע איז פאָרגעקומען צוויי מאָל אַ וואָך. האָט מען געדאַרפט צונויפקלייבן די מאַסע נישט אין די באַשטימטע טעג, איז עס אָנגעקומען זייער שווער: מ'האָט געדאַרפט אַפריער באַשטימען אַ ספּעציעלע בערזע און — אויב מ'האָט עס באַצייטן נישט געטאָן, האָט מען געמוזט גיין איבער די פאַבריקן, וואַרשטאַטן און טראַקטירן. איצט נאָך אַלע הקדמות — צוריק צו דער מעשה.

אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ הייזל אויף נאָוואָליפּיע ערגעץ אין אַ הויף, האָט מיט יאָרן צוריק גענומען אַ מיידל אַ יתומה פאַר אַ האָדאָוואַנקע, ער האָט געהיט איר צניעות, זי דערצויגן

ווי „אַ כּשרע יידישע טאָכטער“, און אַז זי איז אַלט געוואָרן 20 יאָר, האָט ער איר חתונה געמאַכט מיט אַן אַרבעטער אַ קופּערשמיד, אַ מאָסאָנזשניק, ווי מ׳זאָגט אין וואַרשע. אָט דער קופּערשמיד איז געווען איינער פון יענע אַרבעטער, וואָס שטייען מיט איין פוס אין דער באַוועגונג, מיט דער אַנדערער אין אונטערוועלט. אויף דער חתונה איז געווען אַ געמישטער עולם. אַלפאָנסן פון דער כּלהס צד און אַרבעטער פון חתנס צד. שפּעט ביינאַכט, בעת מ׳האָט זיך גוט אָנגעגעסן און נאָכמער אָנגעטרונקען, האָט מען אָנגעהויבן וואַרפן דרשה-געשאַנק. אַז אין היטל האָט זיך צונויפגעקליבן ביי אַ הונדערט רובל און אויף מער איז שוין קיין האָפענונג נישט געווען, האָט דער מחותן פון דער כּלהס צד צוגענומען די היטל מיטן געלט צו זיך. דער חתן האָט געמאַכט אַ גוואַלט — דער דרשה-געשאַנק געהערט אים. דער מחותן האָט געטענהט, אַז ער האָט דאָס מיידל אויסגעהאָדעוועט, געגעבן נדן און אויסשטייער, איז על פּי יושר דער דרשה-געשאַנק זיינער. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, האָט מען געלאָזן אין דער אַרבעט אַפריער די הענט, דערנאָך די ליידיקע פלעשער און לסוף אפילו מעסערס. געווען פאַרוואונדעטע פון ביידע זייטן, דאָך בעסער האָבן געגעבן די אַרבעטער. זיי זענען גראָד געווען מערער. האָבן די אַלפאָנסן אויף מאָרגן צונויפגערופן זייער עולם, זיך אָפּרעכענען מיט די „ברידער און שוועסטער“, נישט דווקא מיט די, וואָס האָבן זיי באַליידיקט, נאָר מיט די אַרבעטער בכלל. כ׳ווייס נישט ווי אַזוי, נאָר דערפון האָט זיך דערוואוסט פּאָליציי און זי האָט עס גענומען אויסנוצן אויף איר אופן. עפּעס אַ פאַרנאַכט האָט מען געזען, ווי איבער נאָוואָליפּיע, קאַרמעליצקע און נאָוואָליפּקי גייט אַן עולם פון אַ מאַן הונדערט אַלפאָנסן מיט אַ רוסישער נאַציאָנאַלער פענדל. אַ מאַניפעסטאַציע. זיי גייען און שרייען: „לעבן זאָל דער רוסישער קייסער! נידער מיט די שטרייקער!“ קינדער לויפן נאָך. דער עולם אַרום לאַכט; אַנדערע שפּייען אויס. אָבער צום סוף האָט עס אייניקע אַרבעטער פאַרדראָסן. ס׳איז געוואָרן אַ געשלעג מיט שטעקנס און מעסערס. ווידער אַמאָל פאַרוואונדעטע און דאָס מאָל שוין

מער פון די אַרבעטער. שוין שפּעט אין אָוונט זענען די אַרבעטער, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין געשלעג, אַוועק איבער די געסלעך, וואו ס'וואוינט דער יידישער דלות, און האָבן גענומען רופן: „מ'דאַרף גיין זיך אָפּרעכענען מיט די לומפּן...!" אַ גרויסער עולם האָט זיך אַלאָז געטאָן צו די הייזלעך פון דריטן סאָרט, וואָס זענען אין יידישן ראַיאָן. די אַלפאָנסן זענען אַנטלאָפן. געפונען האָט מען די אומגליקלעכע מיידלעך. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתער פּאָגראָם. אויף נאָוואָליפּיע, קראָכמאַלנע, דזיעלנע א. ד. גל. איז מען באַפאַלן די „הייזלעך", געבראָכן פּאָרטעפּיאַנעס און געוואָרפן דורך די פענסטער אויפן ברוק, געריסן בעטגעוואַנט און פאַרשאָטן די גאַס מיט פעדערן און פוך. אויף די מיידלעך האָט מען צעריסן די קליידער, געשלאָגן זיי מכות-רצח. כ'וויים פאַלן, ווען מ'האָט אייניקע פשוט דורך די פענסטער אויפן גאַס אַרויסגעוואָרפן. אַזוי איז מען געגאַנגען פון הייזל צו הייזל, און דאָס האָט געדויערט אַ גאַנצן מעת-לעת.

אָנגעהויבן האָט זיך עס שפּעט ביינאַכט, און די אָרגאַניזאַציע האָט דערפון נישט געוואוסט, ערשט אַכט אין דערפרי איז מען געקומען אונז אָנזאָגן. כ'גיי אַוועק אויפן ראָג מילע. דער גרויסער טראַקטיר פון די שוסטער איז שוין פול. איינע זענען לכתחילה צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען, אַנדערע האָט מען באַוויזן אַראָפּצונעמען פון דער אַרבעט, מען שרייט: „די אָרגאַניזאַציע זאָל אָפּשטעלן די אַרבעט אין דער גאַנצער שטאָט אין אַלע פאַכן". — „צוליב וואָס?" — „וואָס הייסט, צוליב וואָס? ס'איז אַ פּראָטעסט. אַרבעטער-בלוט גיסט זיך, און איר שווייגט. ווען מ'וואָלט געהרגעט עמעצן פון אייערע, פון די פירער, וואָלט איר געמאַכט אַן אַלגעמיינעם שטרייק. איר וואָלט אונז גערופן אויפן גאַס אויף אַ דעמאָנסטראַציע. און אַז מ'שלאָגט די מאַסע, שווייגט איר, ווילט איר נישט פּראָטעסטירן..."
אונזער לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע. פון איין זייט האָט מען געדאַרפט באַשיצן די אומגליקלעכע מיידלעך, נישט לאָזן פירן דעם פּאָגראָם ווייטער, איבערצייגן די מאַסן, אַז זיי גייען נישט אויפן ריכטיקן וועג. פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר

געוואוסט, אַז דאָס שמעקט מיט פּראָוואָקאַציע. פּאָליציי איז אויסן צו מאַכן אַרעסטן, אפשר איינצופירן קריגס-צושטאַנד, און מ׳האָט אונדז איבערגעגעבן ידיעות, אַז אין אַלט-שטאָט, אין „מקום״, שטייען די אַלפּאָנסן שוין באַוואָפנט און מיט דער הילף פון פּאָליציי קאָנען זיי אַ יעדע מינוט אָנפאַלן אויף די אַרבעטער-קוואַרטאַלן. די פּוילישע צייטונגען, די ליבעראַלע ווי די קאָנסערוואַטיווע, זענען יענעם טאָג אַרויס מיט די ערשטע ידיעות פון פּאָגראָם און מיט אַרטיקלען, וואָס האָבן געלויבט די אַרבעטער. „די אַרבעטער האָבן זיך גענומען אויס-ראָמען דעם שמוץ און שאַנד פון וואַרשע, געזונט זאָלן זיין זייערע הענט; זיי פאַרדינען דעם גרעסטן לויב״. און ווידער האָט דאָס אַלץ געשמעקט מיט אַ פּראָוואָקאַציע.

ווי געזאָגט, איז אונזער צענטראַלער אַפּאַראַט געווען אַ קליינער; און דאָ האָט מען געדאַרפט אויף גיך אָננעמען ענערגישע באַשלוסן און טאַקע גלייך זיי דורכפירן. מיר האָבן איינגערעדט די שרייער, אַז די אַרבעט וואַרפן דאַרף מען נישט. — „אָבער וואָס וועט זיין, אויב די לומפּן וועלן אָנפאַלן אויף אונדז?״ מיר האָבן געזאָגט, אַז נישט אַרבעטן זאָלן נאָר די יונגע, די שטאַרקע, וואָס קאָנען געבן אַ ווידערשטאַנד. פרויען און אַלטע לייט זאָלן יאָ אַרבעטן. האָט מען דער-ווידערט: — „וואָס הייסט, מיר וועלן שטיין אויפן גאַס און זיי וועלן אַרבעטן און פאַרדינען? אַז נישט אַרבעטן, איז קיינער נישט״. קוים וואָס מיר האָבן ביי זיי געפּועלט, אַז מ׳זאָל די עלטערע און די פרויען פון דער אַרבעט נישט אַראָפּנעמען. ווייטער האָבן מיר מאָביליזירט אונזערע קאַמפּס-גרופּעס אויפן פּלאַץ, וואָס איז דעמאָלט געווען סוף דזיקע, טאָמער וועלן די לומפּן באמת באַפאַלן די אַרבעטער-קוואַרטאַלן, זאָל זיין גרייט אַ זעלבסטשוץ. אָבער דער עיקר איז געווען מאַכן אַ סוף צום פּאָגראָם, ראַטעווען די קרבנות. די מיטלידער פון קאָמיטעט האָבן מיטגענומען עטלעכע נאָענטע מענטשן און זענען אַוועק צו די הייזלעך. איך גיי אויף דזיעלנע, אַ גרויסער עולם רינגלט אַרום אַ הייזל. אַ צענדליק יונגע בחורים האָבן זיך שוין אַריינ-געריסן אינעווייניק און אָנגעהויבן ראַבעווען. די מיידלעך

האָבן זיך באַהאַלטן אונטער די בעטן, אין אַלמערס. מען שלעפּט זיי אייגציקווייז אַרויס און מ׳שלאָגט זיי. זיי שרייען היסטעריש, זידלען זיך, בעטן זיך. אַז איך בין געקומען מיט אַ פּאָר חברים, האָבן מיר זיך קוים אַ־יינגעקריגן אינעווייניק. מ׳האָט גענומען שרייען: „שטילער, די אָרגאַניזאַציע איז דאָ! דער קאָמיטעט וועט רעדן!...״ איך האָב זיך געשטעלט אויף אַ בענקל און אָנגעהויבן רעדן. איך האָב דערוויזן, אַז די מיידלעך זענען נישט קיין שולדיקע, נאָר אומגליקלעכע קרבנות פון דער איצטיקער אָרדנונג, אַז מיט אַזאַ וועג וועט מען די פּראָסטיטוציע נישט אויסראָמען. איינער רייסט מיך איבער: „און די מיידלעך דאַרף מען דאָך שלאָגן...״ — פּאַרוואָס, חבר? — „ווייל זיי זענען „נקייוועס״... — לאָז מיר, איך וועל דעם קאָמיטעט אַלץ דערקלערן. שרייט אַן אַנדערער: אַז עס וועלן נישט זיין קיין מיידלעך, וועלן די אַלפאָנסן נישט האָבן פון וואַנען צו לעבן און זיי וועלן מוזן ווערן ערלעכע אַרבעטער... דער עולם לאַכט. עס ווערט אַ שטיקל דיסקוסיע. לסוף גיט זיך אונז דאָך איין איבערצוצייגן. מ׳גייט זיך פאַנאַנדער. אין נאָך אַן אָרט, אויף דערזשעלביקער דזיעלנע, זענען מיר געקומען צו שפּעט. אין הייזל איז שוין אַלץ געווען צעראַבירט, צעבראָכן. אויף די ווענט האָבן נאָר געהאָנגען בילדלעך, און 12־יעריקע יינגלעך האָבן זיי פון דאָרט געריסן און מיט די פיס געטראָטן. פון איין הייזל, איך געדענק נישט אויף וועלכער גאַס, איז זיך דער עולם צעגאַנגען נאָך אונזערע רעדעס, און אַז מיר זענען אין אַ שעה אַרום אַהין ווידער געקומען, איז די שטוב איבעראַנייס געווען פול מיט מענטשן, וועלכע האָבן גע־ראַבעוועט, געבראָכן. די מיידלעך זענען שוין נישט געווען. ערגעץ אַנטרונען געוואָרן. אונז איז אויסגעקומען ווידעראַמאָל רעדן, איבערצייגן.

איך בין ווידער אין טראַקטיר אויפן ראָג מילע, צו מיר גייט צו אַן אַרבעטער מיט גרויסע הונגעריקע אויגן, איינער פון די אינדערפריעדיקע שרייער, איך פרעג אים: „וואָס שטייט איר דאָ? וואָס גייט איר נישט צום זעלבסטשוץ?״ ענטפערט ער: „כ׳האָב נישט קיין כלי״. כ׳שרייב אויף גיך

אויף אַ צעטעלע צו דוד דעם שוסטער, ער זאָל אים געבן אַ רעוואָלווער; ער גייט אַוועק. אַ זייגער 4 פֿאַרנאַכט האָב איך דעם זעלבן אַרבעטער ווידער געטראָפֿן און ער האָט מיר דערציילט, גערעדט מיט ענטוזיאַזם: מיר זענען איצט געווען אויף סטאַווקע, איר ווייסט, אין גרויסן „הייזל" ביי גרשון „סמעטענע". מיר האָבן צעשניטן זיידענע קליידער, סאַמעטענע מאַנטלען, אַסיגנאַציעס געריסן און אין רינשטאָק געוואָרפֿן. איר זעט, איך בין הונגעריק, איך האָב נאָך היינט אין מיין מויל נישט געהאַט... אָבער איך האָב גאָרנישט גענומען, אַ גראָשן נישט... אַן אָרנטלעכער אַרבעטער, וועט נישט שמוציק מאַכן זיינע הענט מיט אַ זעלכע געלט"... און מיט אַמאָל ווערט זיין קול שטילער און עפּעס ווי שעמעוודיק: „חבר, אפשר האָט איר צו אַנטלייען פֿינף קאָפּיקעס אויף אַ גלאָז קאַווע?" אָבער דער אמת מוז געזאָגט ווערן, נישט אַלע אָנטיילנעמער זענען פֿאַרבליבן מיט ריינע הענט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך פֿון די אָנפֿאַלער האָבן נישט אַלץ געריסן און געבראָכן, נאָר אַ סך מיטגענומען אַהיים. ס׳זענען פֿאָרגעקומען חבר-געריכטן. אַ ריי מענטשן האָט מען דערווייטערט פֿון דער באַוועגונג, געהייסן אַוועקפֿאָרן פֿון וואַרשע. דאָס רוב זענען עס געווען פֿון דעם „צווישנשיכט", וועגן וועלכן איך האָב פֿריער געשריבן. אָבער באַפֿלעקט זייערע הענט האָבן אויך אייניקע אַרבעטער, וואָס זענען געשטאַנען נענטער צו אונז. צו שטאַרק איז געווען דער יצר-הרע! ווי מ׳האָט דעמאָלט איבערגעגעבן, האָבן דעם גרעסטן אָנטייל אין פּאָגראָם גענומען די לייט פֿון „פּראָלעטאַריאַט", פֿון שמואל דעם קייטנמאַכערס חברה. פֿאַרנאַכט זענען שוין די גאַסן געווען פֿול מיט רייטנדיקע זשאַנדאַרן און פּאָליציי. אין אייניקע ערטער זענען פֿאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן אַלפֿאָנסן מיט אַרבעטער. פּאָליציי האָט זיך נישט געמישט, אָדער געהאָלפֿן די אַלפֿאָנסן. עס זענען געווען עטלעכע קרבנות, פֿון די אַלפֿאָנסן און פֿון דעם צווישנשיכט. פֿאַרנאַכט איז קלאָר געוואָרן פֿאַר אַלעמען, אַז דער שפּיל איז פֿאַרן טייוול. דער עולם איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, בפֿרט, אַז דער גענעראַל-גובערנאַטאָר סקאַלאָן האָט דעם

זעלבן פאַרנאַכט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף, אַז אויב די אַרבעטער וועלן זיך נישט באַרויִקן, וועט ער איינפירן קריגס-צושטאַנד. אויף מאָרגן האָבן זיך די יידישע אַרבעטער פון וואַרשע געשעמט איינער פאַרן אַנדערן. אַ לאַנגע צייט האָט מען אויס-געמיטן צו רעדן וועגן דער גאַנצער מעשׂה. און גראָד אויף מאָרגן נאָך די געשעענישן אין די אָרעמע קוואַרטאַלן, האָבן די וואַרשעווער פּוילישע סטודענטן איבערגעחזרט דעם פּאָגראָם אויף די רייכע „הייזלעך" פון דער מאַרשאַלקאָווסקע און נייע וועלט. דאָ האָט פּאָליציי זיך שוין אַריינגעמישט און באַשיצט די „הייזלעך" מיט זייערע איינוואוינער. אין זעלביקן מאָנאַט האָט זיך די געשיכטע איבערגעחזרט אין לאָדז און אין אַנדערע קלענערע שטעט. ס'איז שוין לאַנג נאָכדעם. אַ סך איינצלהייטן האָב איך בעת מעשׂה אויך נישט געוואוסט. אַנדערע פּרטים זענען פאַר דער צייט פאַרשוואומען אין מיין זכּרון. אָבער דאָס אַלגעמיינע בילד האָב איך, דאַכט זיך, איבערגעגעבן ריכטיק.

VI

אין 1906, אַז די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן, איז אַוועק אַ סדרה עקספּראָפּריאַציעס און קאָמ-בינאַציעס. דאָס וואָרט קאָמבינאַטאָר האָב איך אין ליטע קיינ-מאָל נישט געהערט; עס ווערט באַנוצט אין קרוין-פּוילן און מערער ווי אומעטום, אין וואַרשע. קאָמבינאַטאָר הייסט דאָרטן אַ מענטש, וואָס מאַכט אַ לעבן פון שווינדלערישע דריידלעך און פּעלשונגען. אין 1905, בעת דער אויטאָריטעט פון די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס איז געווען גרויס, האָבן אים די קאָמבינאַטאָרן גענומען אויסנוצן פאַר זייערע פּריוואַטע צוועקן. פריער די אַזויגערופענע „פּרעטענזיעס". אַ באַלעבאָס האָט אָפּגעזאָגט אַ דינסטמיידל, קומט צו איר אַזאַ איינער און זאָגט: ווילסט, וועל איך אים צווינגען געבן דיר 100 רובל; דאָס געלט — העלפט אויף העלפט: מיר 50 און דיר 50. אויב דאָס מיידל האָט איינגעווילקט, איז ער אַוועק צו איר געוועזענעם באַלעבאָס און אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע האָט ער פון

אים געפאָדערט 100 רובל. גאָרנישט געבן האָט דער באַלעבאָס געהאַלטן פאַר אוממעגלעך: מיט דער אָרגאַניזאַציע שפּילט מען זיך נישט... האָט ער זיך געפּרוווט דינגען; און מ׳פלעגט טאַקע אַמאָל עפּעס אָפּדינגען אויך. „פּרעטענזיעס" זענען אויך געווען ביי אָפּגעזאָגטע האַנדלס-אָנגעשטעלטע, ביי קעלנער, כּדי אַרויסצופּרעסן מער ווי די נאָרמע, וואָס די אַרבעטער-באַוועגונג האָט איינגעשטעלט. עס האָט געטראָפן, אַז מ׳האָט איינגעמאָנט „פּרעטענזיעס" פאַר מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן די שטעלעס מיט עטלעכע יאָר צוריק און האָבן שוין לאַנג געהאַט נייע שטעלעס.

אַ גוטע „קאָמבינאַציע" איז אויך געווען נאָכמאַכן שטעמפּלען פון בונד, פון ס. ס., חתמענען דערמיט זאַמל-ליסטעס און גיין איבער געשעפטן און פּריוואַטע הייזער קלויבן געלט כּלומרשט פאַר דער פאַרטיי. אויב עמעצער האָט נישט געוואָלט געבן, האָט מען פאַרשריבן זיין נאָמען און אַדרעס. ס׳האָט געהייסן: מיר וועלן דאָס איבערגעבן דער אָרגאַניזאַציע און זי וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן... דאָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין פינפטן יאָר; אָבער דעמאָלט זענען עס געווען נאָר איינצלנע פאַלן. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג איז געשטאַנען הויך; אויף אַזעלכע מעשים האָבן זיך דעמאָלט געלאָזן נאָר פּראָפעסי-אָנעלע קאָמבינאַטאָרן, און די האָבן אויך געציטערט: טאָמער דערוואוסט זיך די אָרגאַניזאַציע, וועלן זיי שלעכט אָפּשניידן. אין 1906 און 1907 זענען די קאָמבינאַציעס געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג; און געמאַכט האָבן זיי נישט בלויז פּראָפעסיאָנע-לע קאָמבינאַטאָרן, נאָר אויך דעמאָראַליזירטע אַרבעטער און אינטעליגענטן, וואָס זענען נאָך נעכטן געווען הייסע רעוואָ-לוציאָנערן. בפרט אַז די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס, און עס זענען געווען פאַרהונגערטע מענטשן, וועלכע האָבן נישט איבערגעקליבן וואָס צו טאָן, אַבי עפּעס פאַרדינען. ווען די אָרגאַניזאַציע פלעגט זיך דערוויסן, וואָס מ׳טוט אָפּ אין איר נאָמען, פלעגט זי אָננעמען שטרענגע מיטלען קעגן די אַנט-פּלעקטע קאָמבינאַטאָרן, אפילו צווינגען זיי אַרויסצופאָרן פון שטאָט. אָבער דעמאָלט איז שוין געווען צו פיל קאָמבינאַ-

טאָרן, און אַלעמען כאַפּן און אַרויסשיקן איז געוואָרן אומ-מעגלעך.

צוזאַמען מיט די קאָמבינאַציעס זענען געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג די „עקסן". די עקספּראָפּריאַציעס האָבן זיך אָנ-געהויבן נאָך אין 1905. אָבער דעמאָלט זענען זיי געמאַכט געוואָרן צוליב דער באַוועגונג: די רעוואָלוציע, האָט מען געזאָגט, דאַרף האָבן געלט, מעג זי נעמען, וואו עס לאָזט זיך... און עקספּראָפּריאירט האָט מען כמעט דורכאויס ביי מלוכה-אינסטיטוציעס, נישט ביי פּריוואַטע מענטשן. דער בונד איז בפירוש געווען קעגן די עקספּראָפּריאַציעס. אָבער אייניקע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס אין די קלענערע שטעט האָבן זיך געהאַלטן „רעוואָלוציאָנערער" פאַרן פּאַרטיי-צענטער און האָבן געקוקט צווישן די פינגער אויף די חברים, וואָס האָבן געמאַכט עקסן אויף זייער אייגענער אחריות; אַמאָל האָט אַזאַ אָר-גאַניזאַציע אפילו געגעבן איר שטילע ברכה אויף אַזעלכע מעשים. דער וועג איז געווען אַ גליטשיקער: צוזאַמען מיט רעוואָלוציאָנערע אַוואַנטוריסטן האָט ער מיטגעצויגן אויך פּשוטע אַפּעריסטן; און צווישן די אידעאישע עקסיסטן האָט אויך נישט איינמאָל געטראָפן, אַז נאָך דער ערשטער געלונ-גענער „שטיק אַרבעט", ווערט אַ מענטש געשטרויכלט און פאַלט אַריין אין נעץ פונם יצר-הרע. בפרט, אַז קאָנטראָלירן איז געווען אוממעגלעך: אַזעלכע זאַכן ווערן דאָך אָפּגעטאָן שטרענג קאָנספּיראַטיוו, און אָפיציעל האָט די אָרגאַניזאַציע אפילו נישט געטאָרט וויסן, פון וואַנען דער אָדער יענער חבר האָט גענומען די גרעסערע סומע, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן אין איר קאַסע.

פון זומער 1906, בעת די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע איז אַראָפּגעפאַלן זענען די עקסן געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג; און גענומען דערצו האָבן זיך כמעט דורכאויס פּשוטע אַוואַנ-טוריסטן, נישט צוליב אַן אידעע, נאָר צוליב געשעפט. די דאָזיקע לייט זענען, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען אויפן וועג פון קלענערן ווידערשטאַנד; דעריבער האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן נישט מיט עקספּראָפּריאירן מלוכה-געלט, וואו די ריזיקע איז

גרויס, נאָר מיט פּריוואַטע עקסן ביי אָנגעשראָקענע יידישע באַלעבאַטים, וואו ס'איז געווען שווער צו דערוואַרטן אַ ווידער־שטאַנד. און ביים אויסקלויבן אַן אָביעקט פאַר דער עקספּראָ־פּריאַציע האָט מען זיך אָפּגעשטעלט נישט אויפן רייכערן, נאָר אויפן גרעסערן פּחדן. מ'פלעגט שרייבן בריוו צו פאַרמעג־לעכע מענטשן און פאָדערן, אַז אין אַ באַשטימטער צייט זאָל אַ געוויסע סומע אַוועקגעלייגט ווערן אויף אַ באַשטימטן אָרט אָדער איבערגעגעבן ווערן אַ מענטש, וואָס וועט ספּעציעל נאָך דעם קומען; פאַר דעם, וואָס וועט נישט געבן, אָדער ער וועט זיך דערוועגן ווענדן צו דער פּאָליציי, איז אָנגעגרייט אַן אויפרייס. אַמאָל פלעגט מען עס טאָן נאָך פּשוטער. עטלעכע מענטשן קומען, ווייזן אַ באָמבע און טוען אַ געשריי: די הענט אַרויף! נישט רירן זיך פון אָרט! זיי נעמען צו אַלץ, וואָס איז פאַראַן, און פאַרן אַוועקגיין זאָגן זיי אָן: אַ פערטל שעה נאָך אונזער אַוועקגיין נישט רירן זיך פון אָרט! ווען נישט... אין איינצלנע פאַלן איז די באָמבע געווען אַ באָמבע און עס האָט געטראָפן, אַז זי האָט טאַקע אויפגעריסן אויך. אָבער דאָס רוב איז געווען גענוג, די אָנפאַלער זאָלן ברענגען מיט זיך אַ טעקטורענע שאַכטעלע און האַלטן עס אַזוי פאָרזיכטיק, אַז דער באַפאַלענער זאָל מיינען, דאָס איז אַ באָמבע. די אָנגעש־ראָקנקייט איז דעמאָלט געווען אַזוי גרויס, אַז ביי דעם ערשטן הויכן געשריי: די הענט אַרויף! פלעגן מענטשן בלייבן שטיין, ווי פאַראַליזירטע.

די עקסן זענען געמאַכט געוואָרן מערער ווי אַלץ פון אַזויגערופענע אַנאַרכיסטן. דאָס איז געווען דער שמוציקער רויבערישער „אַנאַרכיזם", וואָס האָט זיך פון ביאַליסטאָק און אָדעס פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן יידישן תּחום. ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, זענען דעמאָלט געוואַקסן קליינע אַנאַרכיסטישע גרופּקעס, וועלכע האָבן געפירט אַ שאַרפן קאַמף — ביז רעוואָל־ווערן — איינע קעגן די אַנדערע און זיי אַלע קעגן בונד. צוויי־דריי בחורים, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ פּאָר רעוואָלווערן און אַ רעצעפּט, ווי צו מאַכן דינאַמיט, גרינדן אַן אַנאַרכיסטישע גרופּע: „רויטע ברידער", צי „ברויט אָדער טויט", ביי וועלכע

דער ציל און דער מיטל איז עקספּראָפּריאַציע. ביי די דאָזיקע אַנאַרכיסטן האָט מען קיינמאָל נישט געקענט אָפּטיילן, וואו ענדיקט זיך דער אידעאישער מענטש און וואו הויבט זיך אָן דער קרימינעלער טיפּ; און אָפט איז קיין אידעע גאָר נישט געווען — דורכאויס קרימינאַל. אויף איין רעוואָלוציאָנערן אַוואַנטוריסט, וואָס האָט געהאַט וועלכע עס איז אידעע, זענען געווען 10 פּשוטע לאָבוזעס און אפילו אַ פּאָר פּראָפעסיאָנעלע גנבים.

אין וואַרשע איז מען אויסגעקומען אפילו אָן דעם וואָרט אַנאַרכיזם. אַ פּאָר קאָמבינאַטאָרן קלערן אויס אַ נאָמען פון דער הפטרה, מאַכן אַ שטעמפּל, און עס איז פאַרטיק אַן „אָרגאַניזאַציע", וואָס גייט קלייבן געלט, מאָנט „פּרעטענזיעס" א. ד. גל. אויב די קאָמבינאַטאָרן זענען פריער וועו עס איז געווען אין דער באַוועגונג, האָבן זיי לכל הפּחות אַביסל געוואוסט דעם שטייגער און דעם נוסח. אויב זיי זענען אין דער באַוועגונג קיינמאָל נישט געווען, פלעגן אַרויסקומען אומגעלומפּערטע טראַגי-קאָמישע פּאַסירונגען. בעת איך בין געזעסן אין דריטן פּאָרט פון וואַרשעווער פעסטונג, האַרבסט-צייט 1906, האָט מען אַהין געבראַכט דריי פאַרשוינען — דעם קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע „ערלעכע". די דאָזיקע פאַר-שוינען פלעגן גיין איבער געגנשע און די נאַלעווקעס פאָדערן ביי די סוחרים געלט. דערביי האָבן זיי זיך געהאַלטן אַזוי לעקישעוואַטע, אַז די סוחרים האָבן באַלד דערקענט מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן און געגעבן צו וויסן דער פּאָליציי. דער גרינדער פון דער חברה איז געווען אַ חסיד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ היטעלע. פריער איז ער געגאַנגען איבער די הויפן האַנדלען מיט אַלטוואַרג, דערנאָך האָט ער פאַרקויפט צייטונגען און צום סוף האָט ער געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע. אין פעסטונג פלעגט ער דריי מאָל אַ טאָג דאַווענען און כמעט באָכאַנאַנד תהילים זאָגן. פון זיין יעדער באַוועגונג איז געווען קענטיק, אַז די הויט ציטערט אויף אים. דערשלאָגן זיך פון אים אַ וואָרט — איז געווען אוממעגלעך. אַז מיר פלעגן צו אים צושטיין: וואָס, ווי און פאַרוואָס? פלעגט ער אָנשטעלן אַ פּנים

פון אַן אידיאָט און שווייגן. און מיר האָבן נישט געוואוסט, צי איז ער טאַקע אַ לעקיש, אָדער דאָס איז אַ מאַסקע, וואָס ער ציט אַרויף אויפן פּנים פון אונזערטוועגן. איין שותּף זיינער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער גנב, ער האָט זיך אין פעסטונג געפילט נישט שלעכט, געווען רוהיק: נישקשה, די נאַטשאַלסטווא קען מיך... נישט דעם ערשטן מאָל... מ׳ווייסט, איך בין נישט קיין פּאָליטיקער... פאַר וועמען עס איז אָנגעגרייט אַ שטריקל, אונזערן איינעם גיט מען טורמע, אפילו אַרעסטאַנסקע ראָטע איז ווערט אַ שפּיי...

אומגליקלעכער און קאָמישער איז געווען דער דריטער. אַ קליינשטעטלשער בּחור פון אַ יאָר 20. געקומען אין וואַרשע „זיך לערנען און האַלטן עקזאַמען", האָט זיך אים שרעקלעך געוואָלט אַריין אין אַן „אָרגאַניזאַציע": ער האָט נאָך אין דער היים דערפון אַ סך געהערט; און אין וואַרשע — וואו מ׳גייט און וואו מען שטייט אָרגאַניזאַציע און אָרגאַניזאַציע. אין שטעטל האָט ער געהערט, אַז כּדי אַריינגענומען צו ווערן, דאַרף מען דורכמאַכן אַ סודות-פולע צערעמאָניע: זיך לאָזן בּלוט, אָפּגעבן אַ שבועה האַלבּע נאַכט אויף אַ בּוידעם בּיי שוואַרצע ליכט. און די אָרגאַניזאַציע שמעקט מיט סיבּיר און קייטן, אפילו מיטן טויט. ער האָט מורא געהאַט און עס האָט אים געצויגן. ער פלעגט גיין איבּער די יידישע קאַוויאַרניעס נישטערן, ווער איז דאָ די אָרגאַניזאַציע. געווען אויף דער אַרבּעטער-בּערזע. נאָר ווייל ער האָט צופיל געזוכט און האָט זיך פאַרדעכטיק צוגעקוקט צו אַלץ, האָט מען אים אָנגענומען פאַר אַ שפּיאָן, גוט אָנגעבּראָכן די בּיינער און אַראָפּגעטריבּן פון דער בּערזע... לסוף איז ער בּאַקאַנט געוואָרן מיט דעם חסידל. בּיי קאָטיקן אין קאַוויאַרניע איז עס געווען, אויף די נאַלעווקעס. יענער פלעגט אַהין אַמאָל אַריינקומען און פון אונטער דער פּאָלע פאַרקויפן אַ קאָנפיסקירטע רוסישע צייטונג, דערבּיי פלעגט ער זיך אַרומקוקן און זאָגן צום קונה בּסוד: „וואָס דאָרטן טוט זיך... אמתע טריפס..." „קלער איך בּיי זיך, אָט דער ווייס... גיי איך צו זיים, גיס פאַר אים אויס דאָס האַרץ, דערצייל מיין בּאַגער. איך רייד און ער שווייגט... זע

איך דאָך, אַז איך האָב געטראָפן אין פּינטל... ער אַליין איז טאַקע פון יענע. ער הייסט מיר געבן אַ גלאָז קאַווע און זאָגט: טרינקט אויס און מיר וועלן גיין. פירט ער מיך איבער קרומע גליטשיקע טרעפּ, הויך אַרויף אַזש אויפן 6-טן שטאָק: איך קלעטער און איך טרייסל זיך פאַר פּחד און בין גרייט צו גיין טאַנצן פאַר שמחה: דאָס איז דאָס די רעכטע געדיכטע... אַריינגעקראָכן אין אַ האַלב פינסטערן חדרל, מאַכט ער ניט קיינע הקדמות און טוט מיר גלייך אַ זאָג: יונגערמאַן, איר ווילט אַ שטיקל אַרבעט? נעמט אָט די בריוו און טראָגט זיי מאָרגן פאַנאַנדער איבער די קראָמען אויף נאַלעווקיס. איר האָט דאָ צען שטיק. מ׳וועט געבן געלט — פאַרשרייבט אָט אין דעם פּאַפּירל. מ׳וועט נישט געבן — פאַרצייכנט דעם אַדרעס: די פאַמיליע, וועלכער נומער, וועלכע סחורה... מאַכט עס אַזוי, אַז דער באַלעבאָס זאָל זען, ווי איר פאַרצייכנט. קיין איבעריק וואָרט נישט רעדן: דאָס געלט אינגאַנצן מיר אָפּברענגען, איר הערט? פרעג איך: וואָס איז דאָס פאַר אַ בריוולעך און וואָס שטייט דערין? ענטפערט ער מיר: דאָס דאַרפט איר נישט וויסן... זע איך ווידער, אַז איך האָב געטראָפן טאַקע דעם רעכטן מענטשן; נאָר עפּעס געפעלט מיר נישט: שוין צו פּשוט און צו גיך... און וואו איז די שבועה?... זאָג איך אים: זייט אַזוי גוט, חבר, אַ פריער פראָגראַמירט מיך און אָרגאַניזירט מיך... פרעגט ער: וואָס טייטש? זאָג איך אים: דערקלערט מיר די פּראָגראַם און נעמט מיך אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע מיט אַלע צערעמאָניעס. זאָגט ער מיר, אַז אַ פריער דאַרף מען מיך אויספּרובן: איך מוז צוויי וואָכן צייט טראָגן די בריוולעך און אָפּברענגען דאָס געלט... זע איך, אַז ער איז גערעכט... האָב איך געטראָגן די בריוולעך. איך האָב געחלשט כאַפּן אַ קוק אין איינעם אַזאַ בריוול, אָבער איך האָב מיך איינגעהאַלטן. מ׳מוז אויסהאַלטן די פּראָבע... געלט האָב איך פאַר די צוויי וואָכן צונויפגעקליבן אַ רובל 30. אַז איך פלעג אַריינקומען אין אַ קראָם, פלעגן זיך די באַלעבאַטים אָנהויבן שושקען, מאַכן אַ קרומע מינע. אין איין קראָם פלעגט מען געבן אַ רובל, אין דריי פלעגט מען זאָגן: איך ניב דעם בונד, צי די ס. ס. אין

אַ פּאָר ערטער האָט מען מיר געסטראַשעט מיט פּאָליציי, אַז מ׳זאָגט, בורזשויען... דאָס געלט האָב איך אים אָפּגעטראָגן אינ־גאַנצן: ווי דען? דאָס איז דאָך געלט פון דער אָרגאַניזאַציע. פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער מיר איינמאָל געגעבן אַ רובל און איינמאָל גאַנצע דריי; איך האָב זיך פאַרוואונדערט און האָב גענומען. די באַלעבאָסטע מאָנט פאַרן צימער... פון דער היים האָב איך שוין דעם צווייטן חודש אַ גראָשן נישט באַקומען... אַזוי האָט זיך עס געצויגן צוויי וואָכן, און גראָד מיטוואָך, בעת איך האָב שוין געדאַרפט פאַרענדיקן די פּראָבע, האָט מען אונז ביידן אַרעסטירט אויף גענשע גאַס: אַ ייד האָט אויף אונז אָנגעוויזן... דעם דריטן האָט מען געפונען ביים חסיד אין שטוב... איך האָב אים פריער נישט געקענט... איצט האָב איך נאָר איין וועג: זיך מודה זיין. איך קען זיין מאַמע, זיין שוועסטער... איך בין נישט מחויב צו גיין אַ יונגער פון דער וועלט צוליב זיי... איך וועל אַלץ דערציילן..." איך האָב אים געזאָגט, אַז אַרויסגעבן חברים איז אַ פאַרברעך... האָט ער מיר געענטפערט: אָבער איך בין דאָך נאָך נישט געווען אין דער אָרגאַניזאַציע... איך האָב נאָך נישט פאַרענדיקט מיין פּראָבע, קיין שבועה נישט אָפּגעגעבן... מיר האָבן אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט אויסגעבן, איז ער אויף דער פריי נישט זיכער מיטן לעבן: פאַר אַזעלכע זאַכן שווייגט מען נישט... דאָס האָט אויף אים, דוכט זיך, געווירקט. מיר זענען אָבער נישט געווען זיכער, אויב זיינע שותּפים וועלן אויפן געריכט נישט אַרויספוואַרפן די גאַנצע שולד אויף אים, כּדי זיך צו ראַטעווען. בעת איך בין אַרויס פון פאָרט, האָב איך דאָרטן די „ערלעכע" נאָך געלאָזן און איך ווייס נישט, וואָס איז געוואָרן דער סוף פון זיי. די גאַנצע מעשה קלינגט, ווי אַן אַנעקדאָט. זי איז אָבער אמת, און איך האָב נאָך אַ סך קאָמישע שטריכן דורכ־געלאָזן.

אין 1906 און 1907 האָט דער בונד נישט געקאָנט איינ־האַמעווען די פאַרשיידענע מינים קאָמבינאַטאָרן, ווייל זיי זענען געווען צופיל, און ווייל דער בונד גופא, ווי די גאַנצע אַרבע־טער-באַוועגונג האָט אָנגעהויבן פאַרלירן די כּוחות אונטער די

קלעפּ פון דער רעאַקציע. די רעאַקציע פון איר זייט האָט דערוויילּ אויך נישט געקאָנט גובר זיין די אַנאַרכיע, ווייל זי האָט זיך נאָך נישט פאַרפעסטיקט און זי האָט געהאַט צו באַקעמפן גרעסערע שונאים איידער די קליינע ווערעם. און אפשר האָט זי גאָר נישט געוואָלט אויף גיך דערשטיקן די קאָמבינאַטאָרן און עקסיסטן, ווייל זיי זענען איר צונויף געקומען אין קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע. זיי האָבן אַראָפּגעריסן דעם מאָראַלישן אויטאָריטעט פון די רעוואָלוציאָנערן ביי די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג; זיי האָבן געוואָרפן אַ פחד אויף דער בורזשואַזיע און האָבן זי געטריבן אין די אָרעמס פון צאַריזם, און דער עיקר, זיי האָבן אַריינגעטראָגן אַ דעמאָראַליזאַציע אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. אין 1908 איז שוין די קאָנטררעוואָלוציע געזעסן פעסט אין זאָטל. די אַרבעטער-באַוועגונג האָט מען שוין נישט געדאַרפט דעמאָראַליזירן: זי איז אַזוי געווען כמעט אינגאַנצן צוגעשטיקט. די קאַפּיטאַליסטן ווידער זענען שוין געקומען צו זיך פון זייער פחד און זיי האָבן יעדן עקסיסט וכדומה אָן טענות ומענות איבערגעגעבן דער פּאָליציי. דעמאָלט האָט די צאַרישע רעגירונג זיך גענומען ערנסט באַקעמפן די קאָמבינאַציעס און עקספּראָפּריאַציעס. די עקסן האָבן אין די רוסישע גובערניעס, איבערהויפּט אין אוראַלער געגנט, אָנגענומען אַ סך שאַרפערע פאָרמען, ווי אין יידישן תחום. קעגן די עקסיסטן און קאָמבינאַטאָרן האָט מען אָנגעווענדט די האַרבסטע שטראָפן: לאַנגע יאָרן טורמע און קאַטאָרגע, אפילו טויט-שטראָף. און אַזוי ווי דער אויפברויז אין לאַנד האָט זיך צו יענער צייט שוין געהאַט איינגעשטילט, האָט זיך דער רעגירונג איינגעגעבן צו מאַכן אַ סוף פון זיי אין משך פון איין יאָר צייט. אין 1908 האָט מען שוין פון עקספּראָפּריאַציעס און קאָמבינאַציעס כמעט מער נישט געהערט.

אין 1908, בעת איך בין געזעסן אויף לוקישקעס אין ווילנע, איז די טורמע געווען פול מיט „אַנאַרכיסטן" און עקספּראָפּריאַטאָרן מכל המינים. איך האָב זיך מיט זיי באַגעגנט אויפן הויף ביים שפּאַצירן; מיר פלעגן רעדן דורכן פענצטער, זיך איבערקלאַפּן. מיט אַ פּאָר בין איך אַפילו געזעסן

אין איין קאַמער. זיי האָבן אויף מיר געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק. אַ וויפיל עס איז אידעאישער מענטש איז צווישן זיי געווען אַ זעלטענער אויסנאַם. דערפאַר זענען געווען נישט ווייניק האַלבע און גאַנצע גנבים, אפילו פּראָוואָקאַטאָרן. דאָס רוב זענען עס געווען צעטומלטע מענטשן, וואָס האָבן נישט געוואוסט, אויף וואָסער וועלט זיי זענען. זיי זענען געווען גרייט צו פאַרשיטן חברים, אפילו אויסקלערן אומגעלומפּערטע מעשיות אויף אינגאַנצן אומשולדיקע מענטשן, אַבי זיך ריין צווואַשן אָדער לכל הפחות אָפּציען אַביסל די שטראָף: טאָמער וועט דערווייל געשען אַ נס. דאָס איז געווען דער שמוציקער שוים, דער אָפּפאַל פון אַ צעטראָטענער רעוואָלוציע.

# דער „קליינער בונד"

מיר אַליין איז ווייניק אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט דעם אַזוי גערופענעם קליינעם בונד, אָבער איך האָב אויסגעפרעגט אַ ריי חברים, וועלכע זיינען אין די יאָרן 1904 – 1906 געווען טוער און פירער פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס, אויך אַזעלכע חברים, וואָס זיינען אין יענע יאָרן אַליין געווען מיטגלידער פונם קליינעם בונד. אויף דעם אַרטיקל, וואָס איך דרוק דאָ איצט, קוק איך נאָר ווי אויף אַן אָנהויב, אַ פּרוּב און איך וויל האָפן, אַז נאָך מיר וועלן קומען אַנדערע, וואָס פאַרמאָגן מער מאַטעריאַלן און וועלן באַהאַנדלען די טעמע ברייטער און גרינדלעכער.

דער קליינער בונד איז אַנטשטאַנען אַרום אָנהויב 1904. דאָס איז ניט געווען קיין פאַראייניקונג פון אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס מיט איין צענטראַלער אָנפירונג, ווי דער „עלטערער" *) בונד. יעדע שטאָט האָט געהאַט איר זעלבסשטענדיקן קליינעם בונד, וועלכער איז אַנטשטאַנען און האָט געאַרבעט דורכאויס אומאָפּהיינגיק פון ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע שטעט. די קליינע בונדן פון נאָענטע שכנישע שטעט פלעגן אַמאָל האָבן צווישן זיך צופעליקע באַציהונגען, אָבער ניט קיין שטענדיקע אָבליגאַטאָרישע פאַרבינדונג. די מיטגלידער פונם קליינעם בונד זיינען געווען קינדער פון 10 ביז 15 יאָר, אַמאָל, נאָך יינגער – אַרבעטער-יוגנט, תּלמידים פון די רוסישע שולן. די קליינע בונדן זיינען ניט געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פונם „עלטערן" בונד; זיי זענען אויסגעוואַקסן פון זיך אַליין, כמעט דורכאויס קעגן זיין ווילן. דער בונד האָט דעמאָלט ניט געפונען פאַר נויטיק צו גרינדן באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס

*) אַזוי האָט דער קליינער בונד גערופן דעם גרויסן.

פֿאַר דער אַרבעטער-יוגנט. וואָרום אַ בחורל אָדער אַ מיידל פֿון 16 יאָר האָט שוין דעמאָלט געקאָנט זיין אַ מיטגליד פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר דערוואַקסענע; 19—20 יאָריקע האָט מען געקאָנט געפֿונען אפֿילו אין די קאָמיטעטן. וואָס איז שייך צו קינדער, יינגער פֿון 15 יאָר, איז אין יענער צייט פֿון אונטערערדישער אַרבעט, וועלכע האָט געפֿאָדערט די שטרענגסטע קאָנספּיראַציע, פּשוט געווען אַ מוראָ זיך אָנצוהויבן מיט זיי: זיי וואָלטן לייכט געקאָנט אַליין אַריינפֿאַלן און מיטשלעפּן אַנדערע נאָך זיך

אָבער אין 1904 איז שוין די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פּאַקטיש אַרויס אויף דער גאַס. עס זיינען געווען אָפֿענע אַרבעטער-בערזעס אויף די טראָטואַרן פֿון די גרויסע גאַסן; פּראָקלאַמאַציעס זיינען געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג, פֿון גרעסערע שטרייקן האָבן אַלע געוואוסט, פֿון אַרעסטן האָבן גערעדט יונג און אַלט; עס האָבן שוין אויך געטראָפֿן דעמאָנסטראַציעס און טעראָריסטישע אַקטן. דאָס אַלץ האָט געוועקט די נייגיריקייט פֿון די קינדער, פֿאַרכאַפּט זייער פֿאַנטאַזיע, אַרויסגערופֿן דעם חשק נאָכצוטאָן די גרויסע. אין די הייזער, וואו די עלטערע ברידער און שוועסטער האָבן געהערט צום בונד, האָבן די יינגערע קינדער געוואוסט פֿון אומלעגאַלע ליטעראַטור און האָבן געחלשט זיי צו לייענען. אין די וואָרשטאַטן, וואו די עלטערע אַרבעטער האָבן אָנטייל גענומען אין דער באַוועגונג, האָבן די לערנייינגלעך געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, געהערט ריידן פֿון פֿאַרזאַמלונגען, פֿון דיסקוסיעס. אין דער צייט פֿון אַ שטרייק האָבן די לערנייינגלעך ניט געאַרבעט צוגלייך מיט די דערוואַקסענע. אויב זיי האָבן צוליב מורא פֿאַרן באַלעבאָס ניט געוואָלט שטרייקן מיטן גוטן ווילן, האָט מען זיי „אַראָפּגענומען“ פֿון דער אַרבעט. אין אַ וויט-פּאַל פֿלעגט אַן עלטערער אַרבעטער אַמאָל זיך ווענדן צום לערניינגל: יאַט, טו אַ טובה באַהאַלט דאָס פּעקעלע... אָדער: ביסט דאָך אַ פֿלינקער יונג, צעוואַרף הינטער די טירן אַביסל פּראָקלאַמאַציעס... אָדער: דיר קאָן מען דאָך געטרויען: טראָג אַוועק אַ צעטעלע, אָבער אַזוי, אַז קיין בן־אדם זאָל ניט

וויסן... די קינדער האָבן געפּרובט גיין אויף דער בערזע, נאָכגיין די עלטערע אין וואַלד אויף אַ פאַרזאַמלונג, פלעגן זיי די עלטערע ניט דערלאָזן, אַוועקטרייבן: „וואָס דרייען זיך די שנעקעס אונטער די פיס? מאַכן נאָר אָן אַן איבעריקן טומל, פליט דורך אַ פליג, פאַלט אויף זיי אַן אימה, זיי הויבן אָן לויפן און מאַכן אַ פאַניק. מ'וועט זיך נאָך אַמאָל אויסריכטן צרות מיט זיי..." און וואָס מער מ'האָט די קינדער געטריבן, אַלץ שטאַרקער האָט זיי געצויגן. ס'האָט זיך געוואָלט זען און הערן. ס'האָט זיך אויך געוואָלט באַווייזן, אַליין ריידן. איז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן אַן אייגענעם בונד, אַזוי ווי ביי די גרויסע.

דער קליינער-בונד איז געווען ווייט פון דעם, וואָס מ'רופט איצט יוגנט-אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אַ פרוכט פון שטורעם-יאָרן, אויסגעוואַקסן, ניט געזייט, אויפן רעוואָלוציאָנער צעאַקערטן באָדן. פאַר אייניקע קינדער איז דער קליינער בונד געווען אַ לעבעדיקער קוואַל פון רעוואָלוציאָנערן אידעאַליזם, פאַר אַנדערע – אַ טשיקאַווע שפיל; געווען מאָמענטן, ווען ער האָט פאַרחדושט מיט העלדישקייט און מסירת-נפש; און אָפטמאָל איז ער געווען נאָר אַ פאַראָדיע אויפן עלטערן בונד.

דער קליינער בונד האָט אָרגאַניזירט שטרייקן פון לערניינגלעך פאַר בעסער עסן, פאַר מענטשלעכע באַהאַנדלונג, אויך שטרייקן פון שילער אין די רוסישע קאַזיאָנע שולן, אין די יינגערע קלאַסן פון גימנאַזיע וכדומה. עס זענען אפילו געווען שטרייקן אין די חדרים – אויך פאַר מענטשלעכע באַהאַנדלונג. חוץ דעם – פאַר אַ קירצערן לערנטאָג. דער קליינער בונד האָט געהאַט זיינע קרייזלעך, פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס. זיינע פאָרשטייער פלעגן קומען אויף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען פון דערוואַקסענע – בעטן אַ וואָרט. די קליינע בונדיסטן פלעגן אָנטייל נעמען אין אַלגעמיינע דעמאָנסטראַציעס; זיי פלעגן אויך מאַכן אייגענע קינדער-דעמאָנסטראַציעס. מ'פלעגט אַמאָל אַריינקריגן אַ פאָר צענדליק פראָקלאַמאַציעס פון די גרויסע און מע פלעגט זיי פאַרשפרייטן צווישן די קינדער און אַמאָל

פלעגט מען אַרויסלאָזן אַן אייגענע פּראָקלאַמאַציע, אַ געשריבענע צי אַ העקטאָגראַפירטע. די טאַקטיק פון קאַמף איז געווען: ברעכן שויבן אָדער גאַסן־לאַמטערנעס, אָפּגיסן סחורה מיט נאַפט, שלאָגן. דאָס געווער איז געווען — „האַמעליעוויקעס“, — אַ מין שטעקן מיט אַן אייזערנעם קעפּל אויף אַ ספּרונזשינע, אַ געווער, וואָס שטאַמט פון האָמלע; אַז מ׳האָט זיך דערשלאָגן צו אַ רעוואָלווער, איז מען געווען איבערגליקלעך. די מדרגה פון אַנטוויקלונג איז בײַ די קליינע געווען זייער אַ נידעריקע. איך האָב אין 1905 געזען אַ העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציע פון קליינעם בונד. איך געדיינק שוין ניט גענוי: פון קרעסלאָווע צי פון דווינסק, נאָר דער איבערשריפט איז געווען: פּראָלע-טאַריער, פּאַראַייניקט אייערע לענדער! קיין זעלבסטבילדונגס-אַרבעט האָט זיך כמעט ניט געפירט: די שטימונג בײַ די קינדער איז געווען אַ נערוועזע, און זיי האָבן געטראַכט און געחלומט נאָר וועגן קאַמף. אויף זייערע דיסקוסיעס און פאַר-זאַמלונגען האָט מען דאָס רוב איבערגעקייט פּראַזן, וועלכע מ׳האָט געהערט פון די גרויסע און ניט פאַרשטאַנען. די רעדנער זיינען געווען אייגענע ייִנגלעך, נאָר אַביסל מער אַנטוויקלטע; זעלטן ווען מ׳האָט געקראָגן אַ לעקטאָר פון די עלטערע.

אונזערע אָרגאַניזאַציעס האָבן די ערשטע צייט אינ-גאַנצן איגנאָרירט דעם קליינעם בונד, ניט געוואָלט וויסן פון אים, אָבער ביסלעכווייז האָט מען אים אָנגעהויבן אויסנוצן בײַ פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס און ענלעכע טעכנישע אַרבעטן. דער קליינער בונד האָט אויף זיך גענומען די אַרבעט מיט פרייד; אָבער גלייכצייטיק האָט ער אָנגעהויבן קעמפן פאַר אָנערקענונג. ער האָט געפאָדערט ליטעראַטור, לעקטאָרן, שטענדיקע אינפאָרמירונג; ער האָט געוואָלט בלייבן אויטאָנאָם, נאָר די אָרגאַניזאַציע פון די עלטערע זאָל שיקן צו אים אירן אַ פאָרשטייער. די אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך מיט די דאָזיקע פאָדערונגען ניט גערעכנט, אָבער פון דעם קליינעם בונד האָבן זיך אַרויסגערוקט קינדער מיט אַ גרויסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, אייניקע פון זיי האָבן אָנטייל גענומען אין זעלבסטשוץ און האָבן אַרויסגעוויזן העלדישקייט. אויב די

קליינע האָבן אויף זיך גענומען אַ שטיקל אַרבעט, האָבן זיי אָנגעשטרענגט אַלע קרעפטן זי אויסצופירן וואָס בעסער. טאָמער האָט מען זיי אַרעסטירט, האָבן זיך דאָס רוב פון זיי געהאַלטן ניט ערגער פון די דערוואַקסענע. די זשאַנדאַרן פלעגן זיי שלאָגן, פייניקן, סטראַשען מיט טויט-שטראָף, כדי אַרויסצופרעסן פון זיי וועלכע ניט איז ידיעות. אָבער די קינדער האָבן געקאָנט שטאָלץ איבערליידן אַלע יסורים און האַלטן ס'מויל. אין רעוואָלוציאָנערע טעג זיינען די קליינע אָפט געגאַנגען אַנטקעגן טויט מיט ווייניקער פאָרזיכטיקייט אָבער דורכאויס ניט מיט ווייניקער מוט, ווי די דערוואַקסענע. דער קליינער בונד האָט שוין געהאַט צו פאַרצייכענען קרבנות, מאַרטירער. האָבן זיך אונזערע אָרגאַניזאַציעס אָנגעהויבן פאַרטראַכטן און מ'איז ביסלעכווייז געקומען צו דעם געדאַנק, אַז מ'דאַרף פאַרוואַנדלען דעם קליינעם בונד אין אַ יוגנט-פאַראיין, וואָס זיין הויפט-אויפגאַבע איז סאָציאַליסטישע אויפקלערונג. דאָס איז דעמאָלט געווען גאָר ניט קיין לייכטע זאַך. ערשטנס, האָבן אונזערע אָרגאַניזאַציעס אין דעם רעוואָלוציאָנערן 1905 געקאָנט אָפּגעבן ווייניק כוחות אויף אַזאַ מין אַרבעט; צווייטנס, ווי איך האָב שוין געשריבן, איז ביי די קינדער גופא דעמאָלט ניט געווען די געעריקע שטימונג פאַר בילדונג און אַנטוויקלונג. אין 1906, ווען די שטורעמדיקע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע איז אַראָפּגעפאַלן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פעריאָד פון ברייטער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, האָט מען אומעטום פאַרוואַנדלט די קליינע בונדן אין יוגנט-אָרגאַניזאַציעס מיט אויפגאַבן פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג; דער קליינער בונד האָט פאַרלאָרן זיין זעלבסטשטענדיקן כאַראַקטער און איז געוואָרן אַ רינג אין קייט פון דער אַלגעמיינער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אָבער גראָד אין יענער צייט האָט די אָקאָרשט געבאָרענע יוגנט-באַוועגונג זיך אָנגעשטויסן אָן אַ נייעם שטרויכלונגס-שטיין. עס האָט זיך אויפגעהויבן די שמוציקע כוואַליע פון פריוואַטע עקספּראָפּריאַציעס און ביאַליסטאָקער אַנאַרכיזם. די גייע „אַרבעט" איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויס געפאַר און איינשטעלעניש, האָט זי פאַר היץ-קעפּ

געהאַט אַ באַזונדערן רייץ, און אַ סך דענערווירטע קינדער האָט עס אַ צי געטאָן. די עקספּראָפּריאַטאָרן ווידער האָבן אויס־געניצט די קינדער אויף פּאַנאַנדערטראָגן דראָאונגס־בריוו. געוועזן קינדער, וואָס האָבן אויף זייער אייגענע אחריות אָנ־געהויבן שפּילן אין אַנאַרכיסטן, עקספּראָפּריאַציעס און באָמבעס. אַ היבש ביסל פון זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן. אין 1908, בעת די רעוואָלוציע איז געווען אינגאַנצן דערשטיקט און דער עלטערער בונד האָט קוים געצאַנקט מיטן לעבן, איז פון קליינעם בונד קיין זכר ניט געבליבן. ער האָט איבערגעלאָזן אונטערגעוואַקסענע, וועלכע האָבן מיט דער צייט פאַרביטן אין דער באַוועגונג די עלטערע, וואָס זיינען אַרויס פון פּראָנט. ער האָט אָבער אויך איבערגעלאָזן אַ נאָכוויייעניש פון דעמאָ־ראַליזירטע יוגנטלעכע, צעקלונגענע, אָפּגעוואוינטע פון סיס־טעמאַטישער אַרבעט.

אין 1905 און 1906 האָבן אין אייניקע שטעט פון פּוילן און, דוכט זיך, אויך אין ווילנע עקסיסטירט גרופּעס „קליינע ס. ס.". אין ביאַליסטאָק־גראָדנער ראַיאָן זיינען געווען „קליינע אַנאַרכיסטן". פון „קליינע פּועלי ציון" האָב איך ניט געהערט. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי אַ פּאָר פירער פון די פּועלי ציון, און זיי ווייסן אויך גאָרנישט פון אַזעלכע גרופּעס. צווישן דעם „קליינעם בונד" מיט די „קליינע ס. ס." פלעגן פּאָרקומען דיסקוסיעס און אויך געשלעגן.

נעענטער זיך באַגעגענען מיטן קליינעם בונד איז מיר אויסגעקומען אין האָמלע סוף זומער און אין הארבסט 1905. האָמלע איז געווען די ערשטע שטאָט, וואו מ'האָט פאַרוואַנדלט דעם קליינעם בונד אין אַן אויפקלערונגס־אינסטיטוציע. ער האָט זיך דאָרטן טאַקע גערופן „בילדונגס־פאַראיין" און האָט אָרגאַ־ניזירט קרייזלעך מיט סיסטעמאַטישע לעקציעס. דער בילדונגס־פאַראיין איז געשטאַנען אין אַ שטענדיקער פאַרבינדונג מיט אונזער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע און זי האָט אים געגעבן לעקטאָרן. איך בין געווען איינער פון אָט די לעקטאָרן און בין געווען נאָענט באַקאַנט מיט עטלעכע תּלמידים מיינע. איך געדענק, אַז צווישן אונזער אָרגאַניזאַציע מיטן בילדונגס־פאַראיין איז

אַרויסגעקומען אַ קאָנפליקט אויפן באָדן פון פּאַרטייאישקייט, אַ טייל יוגנטלעכע האָבן געפאָדערט, דער פאַראיין זאָל זיין נייטראַל צו די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען, ער זאָל זיין ניט קיין בונדישער און ניט קיין ס. ס.-שער, נאָר פּשוט אַ בילדונגס-פאַראיין. מיר ווידער האָבן געטענהט, אַז אונזער אויפגאַבע איז צו דערציען ניט קיין קאַבינעט-מענטשן, נאָר צוקונפטיקע טוער פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג; איז דעריבער פאַר אונז דורכאויס וויכטיק זיי זאָלן פון אָנהויב אָן דערצויגן ווערן אין איין באַשטימטער וועלט-באַנעמונג; מיר פאָדערן ניט, די מיטגלידער פון פאַראיין זאָלן שוין זיין אויסגע-שפּראָכענע בונדיסטן, אָבער דער פאַראיין מוז זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון בונד. סוף כּל סוף האָט זיך אונז איינגעגעבן איבערצוצייגן די ווידערשפּעניקע. פון האָמלער בילדונגס-פאַראיין זיינען אַרויסגעקומען עטלעכע גוטע טוער פאַר דעם עלטערן בונד. איינער פון זיי איז יענקל לעווין, אַ סטאָלאַר, וועלכער איז די שווערע יאָרן 1912–1917 געווען אַן אַגיטאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון בונד אין וואַרשע, מינסק, קיעוו און אין אַנדערע ערטער. אין 1917 איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון אונזער ווייסרוסישן געגנט-קאָמיטעט. אין מערץ 1918, אויף דער עלפטער קאָנפערענץ פון בונד אין מינסק, איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין צענטראַל קאָמיטעט. איצט איז ער אַ קאָמוניסט, און דער סעקרעטאַר פון די יידישע סעקציעס אין ווייסרוסלאַנד. פון האָמלער בילדונגס-פאַראיין איז אַרויס אויך די שניידערן דינה פריטיקין, אַ באַוואוסטע טוערקע פון בונד אין די יאָרן 1912 – 1919 אין ווייסרוסלאַנד אין אוקראַינע, אַ שיינע פאָלקס-רעדנערין. אין 1921 האָט זי געוואוינט אין האָמלע, אָן אַ זייט פון אַקטיווער אַרבעט, אָבער נאָך אַלץ אַ בונדיסטין.

זומער 1905 האָב איך אַ פּאָר חדשים געוואוינט אין דווינסק. איך האָב געוואוסט, אַז דאָרטן איז פאַראַנען אַ קליינער בונד, אָבער איך האָב קיין באַגריף ניט געהאַט וועגן זיין באַשטאַנד און טעטיגקייט. דער חבר ב. מיכאַלעוויטש האָט געאַרבעט אין דווינסק אין פרילינג און אין הארבסט פונם זעלביקן

יאָר. ווי ער האָט מיר דערציילט, איז דער קליינער בונד דאָרטן אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַ בעקער-יינגל, וועלכער איז אַלט געווען אַ יאָר 13 און איז געווען זייער אַ פעהיקער און מוטיקער. אויסער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זיינען אין דווינסקער קליינעם בונד געווען אַ היבש ביסל שול-יוגנט. אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאָמפּאַניע צו באָיקאָטירן בוליגינס דומע, פלעגן אויף די האַלב-עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און גאַסן-מיטינגען קומען גימנאַזיסטן און אין רוסיש בעטן אַ וואָרט אינם נאָמען פונם קליינם בונד. אַזוי ווי מ'האָט דעם קליינעם בונד ניט אָנערקענט, האָט מען זיי קיין וואָרט ניט געגעבן. אין אָקטאָבער און נאָוועמבער, אין דער צייט פון די צוויי גרויסע אַלגעמיין-רוסלענדער שטרייקן, האָט מען געדאַרפט אָפּשטעלן די למודים אין די שולן. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט עס איבערגעגעבן די שילער פונם קליינעם בונד און זיי האָבן עס דורכגעפירט. פון דעמאָלט אָן האָט זיך די אָרגאַניזאַציע געשטעלט מיט זיי אין שטענדיקער פאַרבינדונג, און דער קליינער בונד איז געוואָרן די שילער-אָרגאַניזאַציע פונם בונד אין דווינסק. דער ערשטער פאָרשטייער, וואָס דער אָרטיקער קאָמיטעט האָט געשיקט צו אָט דער שילער-אָרגאַניזאַציע איז געווען טאַקע דער חבר ביינוש.

אין ווילנע האָט דער קליינער בונד אויך אָנטייל גענומען אין דער באָיקאָט-קאָמפּאַניע קעגן בוליגינס דומע. די מאַכט פלעגט כמעט אַלע טאָג אויסקלעפּן אויף די גאַסן גרויסע מעלדונגען וועגן דעם סדר פון די וואַלן. און דער קליינער בונד פלעגט די דאָזיקע מעלדונגען כסדר אַראָפּרייסן. דאָס רוב פלעגן עס די קינדער טאָן שטילערהייט, זיך אונטערגנבענדיק. נאָר איינמאָל האָט געטראָפן, אַז נאָכן אַראָפּרייסן די מעלדונגען האָבן זיך די קליינע צונויפגעקליבן אינאיינעם און מיט קולות: נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! הוראַ! האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן איבער די גאַסן. באַלד זיינען אָנגעלאָפן קאָזאַקן, אָבער די קינדער זיינען אין דער רגע נעלם געוואָרן. גיי יאָג זיך נאָך אַ ווינט אין פעלד...

דעם גרעסטן טייל פון 1905 און אַ פּאָר חדשים פון 1906

האָב איך געאַרבעט אין וואַרשע. איך האָב פון קיין קליינעם בונד דאָרטן ניט געהערט. אָבער וואַרשעווער חברים, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג פאַרזיכערן, אַז אַזאַ איז יאָ געווען, און איך האָב פון אים ניט געוואוסט נאָר דערפאַר, וואָס אונזער אָרגאַניזאַציע האָט מיט אים קיינע באַציהונגען ניט געהאַט. דער חבר שלמה זוסמאַן (אין יענע יאָרן אַ ס. ס.) האָט מיר דערציילט, אַז אין דעצעמבער 1905 האָבן די קליינע ס. ס. צוזאַמען מיטן קליינעם בונד באַשלאָסן צו גיין מיט אַ דעמאָנסטראַציע צום פּאַוויאַק, אַ טורמע, וואו עס זיינען געזעסן אַ סך פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָס איז אַ פּנים געווען אַ נאָכמאַכונג פון דעם דעמאָנסטראַטיוון מאַסן-צוג, צום פּאַוויאַק, וואָס די עלטערע אַרבעטער האָבן געמאַכט אין די ערשטע טעג נאָך דעם אָקטאָבער-מאַניפעסט. די דעמאָנסטראַציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן, בעת די עלטערע ס. ס. האָבן זיך דערפון דערוואוסט און זיי זיינען געקומען איבערצייגן די קינדער, זיך פאַנאַנדערגיין, ניט ברענגען צו אומזיסטע קרבנות. די קליינע האָבן ניט געפאָלגט און אַז די עלטערע האָבן זיי גענומען צעטרייבן, האָבן זיי געענטפערט מיט שטעקנס. די דעמאָנסטראַציע איז צוגעגאַנגען צום פּאַוויאַק, אָבער דאָרטן האָבן זיי באַגעגנט זשאַנדאַרן און זעלנער מיט בלויזע שווערטן און באַיאָנעטן. אַ פּאָר צענדליק קינדער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן, עס זיינען אויך געווען געהרגעטע, דער חבר זוסמאַן געדענקט ניט גענוי, 6 צי 8.

דאָ ניט לאַנג בין איך געווען אין פעטריקאָוו און האָב דאָרטן געטראָפן חברים, וועלכע זיינען אין 1904–1905 געווען מיטגלידער פונם קליינעם בונד. דער חבר פּינקוסעוויטש און אַנדערע האָבן מיר דערציילט כאַראַקטעריסטישע פאַקטן פונם קליינעם בונד אין זייער שטאָט.

ווי אומעטום, האָבן די קליינע דאָרטן געמאַכט פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס. מער ווי אַלץ האָט מען גערעדט וועגן צוויי פראַגן: די ברויט-פראַגע און די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט. די ברויט-פראַגע דאָס איז געווען דער בונדיזם. דערוואַקסענע אַרבעטער פלעגן דעמאָלט אויך ריידן צווישן זיך: דער בונד

גיט אַן ענטפער אויף דער ברויט-פראַגע. די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט — דאָס איז געווען דער ס. ס.-יזם. איבער אָט די פראַגן פלעגן פאָרקומען אָפטע דיסקוסיעס צווישן דעם קליינעם בונד מיט די קליינע ס. ס. קיין קלאָרן באַגריף וועגן די שטרייט-פראַגן האָט מען ניט געהאַט: קיין עלטערע פראָפּאַגאַנדיסטן זיינען דאָך ביים קליינעם בונד ניט געווען. עפּעס איין מאָל האָבן מיר אַריינגעקריגן אַן עלטערן בונדיסט, ער איז דוכט זיך געווען דער טעכניקער פון דער אָרגאַניזאַציע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע, די ערשטע זאַך האָבן מיר ביי אים געפרעגט, וואָס זאָגט ער צו דער ברויט-פראַגע. ער האָט עפּעס געענטפערט, אָבער מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל. האָט אים איינער פון אונזערע אַ פרעג געטאָן: זאָגט, חבר, „די מעשה מיט די פיר ברידער *) האָט איר געלייענט״? ניין, ער האָט ניט געלייענט! האָבן מיר אים געמאַכט אַ גרויסן מעֶעֶ! און געהייסן זיך אָפּטראָגן. איינמאָל איז צו אונז געקומען אַ קליינער בונדיסט פון לאָדז; ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער ברויט-פראַגע. מיר זיינען אַוועק ניט באַפרידיקט. מיט זיין הילף האָבן מיר געמאַכט אַ דיסקוסיע מיט די קליינע ס. ס. וועגן דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, עס האָט זיך געענדיקט מיט אַ געשלעג און מיר האָבן בעסער געגעבן.

אַ שווערן קאַמף איז דעם קליינעם בונד אין פּעטריקאָוו אויסגעקומען צו פירן מיט די טאַטעס. עס האָט געטראָפן, אַז די טאַטעס האָבן זיך צונויפגערעדט און אַ שבת נאָכן טשאָלנט אַראָפּגעצויגן ביי די קינדער די שיך, זיי זאָלן ניט קאָנען גיין אויף אַ פאַרזאַמלונג. זיינען די קינדער אַרויס אויף דער גאַס אָן שיך און האָבן געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע פון באָרוויסע.

*) די „מעשה מיט די פיר ברידער״ איז אַ פּרימיטיווע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אין אַ לייכטער בעלעטריסטישער פאָרם. אין רוסיש איז עס אַרויס נאָך אין דער צייט פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ״. אין יידיש האָט עס איבערגעמאַכט ב. בלומשטיין און אַרויסגעגעבן האָט עס דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון בונד אין זשענעוו.

איינעם אַ טאַטן, וואָס האָט סיסטעמאַטיש ניט געלאָזן זיין יינגל גיין אויף פאַרזאַמלונגען, האָבן די יוגנטלעכע האַרט באַשטראָפט. געווען אין שטאָט אַ גרויסער שטאַל פון אָקסן. דער דאָזיקער שטאַל האָט דעמאָלט געדינט פאַר אַ קאָזע, וואו דער עלטערער בונד פלעגט פאַרשפאַרן אויף אַ פּאָר שעה און אַמאָל אפילו אויף אַ פּאָר טעג די באַלעבאַטעמלעך, וועלכע זיינען זיך באַגאַנגען שלעכט מיט זייערע אַרבעטער אָדער די וואָס האָבן זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט קעגן דער אָרגאַניזאַציע. אָט דעם אָקסן שטאַל האָבן די קינדער אויסגעקליבן צו באַשטראָפן דעם פאַרזינדיקטן טאַטן. זיי האָבן אים אָפּגעטשאַטעוועט שפּעט אין אָוונט אויף אַ שטילן געסל, אַרומגערינגלט און מיט „האַמעליאַוו-קעס" געבראַכט אין שטאַל אַריין. דאָרטן האָבן זיי אים גע-האַלטן פאַרשלאָסן, ביז ער האָט איבערגעבעטן זיין יינגל און צוגעזאָגט אויף ווייטער זיך ניט מישן אין זיינע געשעפטן.

דער קליינער בונד אין פעטריקאָוו איז געווען זייער קעמפעריש. ווען אַ באַלעבאָס איז זיך באַגאַנגען שלעכט מיט אַ יוגנטלעכן, האָט מען ביי אים אויסגעשלאָגן די שויבן. אַמאָל בעת אַ מאַי דעמאָנסטראַציע זיינען אָנגעקומען קאָזאַקן און אָנגעהויבן שלאָגן. דער עולם איז זיך צעלאָפן, באַהאַלטן אין די טויערן. איינער אַ הויז-ווירט, שאַפּירא פון דער אַלטוואַר-שעווער גאַס, האָט געהייסן פאַרמאַכן זיין טויער און ניט אַריינלאָזן די געלאָפענע; האָט דער קליינער בונד אויף מאָרגן ביי אים אין הויז אויסגעשלאָגן אַלע שויבן. די פּאָליציי האָט אַמאָל געשלאָגן צוויי יוגנטלעכע. האָט דער קליינער בונד אַלס פּראָטעסט צעבראָכן אַלע לאַמטערנעס אין שטאָט. ביי אַ בעקער איז געווען אַ שטרייק. דער באַלעבאָס האָט זיך געהאַלטן זייער איינגעשפּאַרט. האָט אַ יוגנטלעכער גענומען אַ גרויסן קריג נאַפט, האָט זיך אַריינגעגנבעט אין פאָרהויז פון דער בעקעריי, וואו עס איז געשטאַנען די מעל און ער האָט אַלע זעקלעך באַגאָסן מיט נאַפט. עס האָט אַפילו אַמאָל געטראָפן, אַז אַ יוגנטלעכער האָט אויסגעברענט אַ סטראַזשניק די אויגן מיט אַלים.

געווען אין קליינעם בונד אויך מעשיות מיט פּראָוואָקאַ-

טאָרן, אַלץ ווי בײַ די גרויסע. אין דער רוסישער פאָלקס-שול פּאַר יידישע קינדער איז געווען אַ שטרייק, און דער לערער האָט זיך דערוואוסט, ווער די אָנפירער זיינען. האָבן די שילער גענומען טשאַטעווען, פאָרשן, ווער דער פאַררעטער איז. ערשט מ׳זעט, אַ יינגל אַ מיטגליד פון קליינעם בונד, גייט שטילער-הייט אַריין צום לערער אין דירה און בלייבט דאָרטן אַ לענגערע צייט. אַז ער איז אַרויס פון לערער, האָבן אים די חברים אַרעסטירט, און גענומען אויף אַ שטרענגן פאַרהער. דער יינגל האָט זיך גלייך מודה געווען. האָט ער פריער פאַר אַלץ אַריינגעכאַפּט הייסע פּעטש, דערנאָך האָט מען אויף אים אַרויפגעלייגט אַ באָיקאָט. וואָס האָט דער יינגל געטאָן? ער איז אַוועק צו די קליינע ס. ס. און האָט זיך געראַטעוועט. אַ צווייטער פאַל איז געווען אַ סך ערנסטער. געווען אין קליינעם בונד אַ יינגל פון אַ יאָר 12, וואָס זיין פאָטער האָט געדינט אין דער קרימינעלער פּאָליציי. אַז עס זיינען דורכ-געפאַלן עטלעכע דירות, איז געפאַלן אַ חשד אויף אָט דעם יינגל. די קינדער האָבן אים אָן זיין וויסן געמשפּט און פאַראורטיילט צום טויט. מ׳וואָלט אפשר אויסגעפירט דעם טויט-אורטייל אויך; אָבער אַ גוטער פריינט, וואָס איז געווען אויפן משפּט, האָט דעם יינגל געגעבן צו וויסן פון דעם געפאַר, און ער איז אין דער גיך אַוועקגעפאָרן פון פּעטריקאָוו. דערפאַר האָט דער קליינער בונד אויסגעשלאָסן דעם גוטן פריינט פון דער אָרגאַניזאַציע.

די עלטערע בונדיסטן האָבן מיר פיינט געהאַט. מיר האָבן זיי געהאַלטן פאַר בעל-גאוהס, פאַר טיראַנען, וואָס טרעטן אונזערע רעכט מיט די פיס. און פונדעסטוועגן, ווען אין שטאָט איז אַמאָל פאָרגעקומען אַ געשלעג צווישן בונד מיט די ס. ס. און די בונדיסטן האָבן געכאַפּט קלעפּ, האָט עס אונז קליינע שטאַרק פאַרדראָסן. מיר האָבן געפילט אַזאַ טיפע באַליידיקונג, פּונקט ווי מ׳וואָלט אונזערע מאַמעס געשלאָגן. האָבן מיר אַ פּאָר וואָכן נאָכאַנאַנד ניט דערלאָזן די קליינע ס. ס. אויף אונזער געמיינזאַמע בערזע; אַז זיי פלעגן קומען, פלעגן מיר זיי אַראָפּטרייבן מיט שטעקנס.

אַ קאָמישע מעשה האָט מיר דערציילט וועגן די באַציהונגען צווישן קליינעם בונד מיטן עלטערן אין וואַרשע. אין אַ שול אויף פראַנציסקאַנער גאַס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פונם קליינעם בונד. דער שמש האָט עפּעס באַקומען אין האַנט אַריין און ער האָט זיי אַריינגעלאָזן. מיט אַמאָל קומען אָן די גרויסע און פאָדערן, די קינדער זאָלן אַוועק. דאָ דאַרף פאָרקומען אַ פאַרזאַמלונג פון עלטערע אַרבעטער. די פירער פון די קליינע האָבן אויפן אָרט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און באַשטימט: צוליב די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע לאָזן זיי אָפּ די שול פאַר די גרויסע. אַ טייל קינדער זיינען אַוועק, אַ טייל האָבן זיך שטילערהייט באַהאַלטן אונטער די בענק, צו הערן וועגן וואָס די עלטערע ריידן. דערווייל זיינען אָנגעקומען אַ פּאָר פּאָליציאַנטן און האָבן געהייסן די פאַרדעכטיקע דאַוונער זיך פונאַנדערגיין: „מיר קענען אייך די גאָטספאָרכטיקע לייט, וואָס איר זייט...“ די דערוואַקסענע זיינען אַוועק צוזאַמען מיט די פּאָליציאַנטן, און די קינדער זיינען אַרויסגעקראָכן פון אונטער די בענק און אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלנג.

---

דאָס אַלץ קלינגט היינט אַנעקדאָטיש. אָבער דעמאָלט איז אין דעם געווען ניט בלויז פּאַראָדיע, נאָר אויך אַ ביטערער ערנסט. די יידישע קינדער, וועלכע זיינען געווען דריימאָל געבונדן, פון טאַטעס, מלמדים, באַלעבאַטים, און האָבן זיך געפונען אונטער אַ שטענדיקער אַגעסטיע פון פיזישן און גייסטיקן קאַנטשיק, האָבן זיך מיט שטורם אַרויסגעריסן אויף דער פריי, וואָס דערנאָך איז ניט געשען, קיין קאָנטערעוואָלוציע איז מער ניט געווען בכוח איינצושפּאַנען צוריק דאָס יידישע קינד אינם אַלטן יאָך. ניט אומזיסט פלעגן זיך אָפּגעשטאַנענע עלטערן קלאָגן: „מ׳האָט אונז איבערגעפירט די קינדער“. ניט אומזיסט פלעגן זיי זאָגן מיט אַ בייסנדיקער איראָניע: „שוין אַריבער די צייט, ווען אַ טאַטע האָט געמעגט געבן זיין קינד צוריק...“ דורך דעם קליינעם בונד האָט די רעוואָלוציע געגעבן דעם ערשטן מעכטיקן שטויס צו דער באַפרייאונג פונם יידישן קינד.

אַ סך פון די קליינע זיינען באמת געווען פאַרכאַפּט פון אַ פייעריקן רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, האָבן געדורשט נאָך גרויסע מעשים און געקאָנט רוהיק קוקן דעם טויט אין די אויגן. ביי אַנדערע באַדינגונגען וואָלט די דאָזיקע באַוועגונג געווען אַ סך פּרוכטבאַרער. אָבער ניט די קליינע האָבן די באַדינגונגען באַשאַפן און ניט אין זייער כּוח די באַדינגונגען צו בייטן. און זאָל זיין, אַז אין קליינעם בונד זיינען געווען אַ סך קאָמישע אַנעקדאָטישע מאָמענטן. עס זיינען אָבער געווען ניט ווייניק הערלעכע, געהויבענע מאָמענטן אויך. זאָל זיין, אַז אַ סך פון די קליינע זיינען געוואָרן צעבראָכן, אַנדערע אפילו דעמאָראַליזירט, אָבער עס זיינען אויך געווען גענוג קליינע, וועלכע האָבן דורכגעטראָגן דעם פייער פון ענטוזיאַזם דורך די פינסטערע יאָרן פון קאָנטררעוואָלוציע, האָבן שפּעטער איבערגענומען פון די עלטערע די רעוואָלוציאָנערע ירושה און געצויגן ווייטער די רויטע קייט.

---

דער קליינער בונד אין רוסלאַנד איז אויפגעשטאַנען תּחית המתים אין 1917, נאָך דער פעברואַר-רעוואָלוציע. ער האָט אָנגענומען אַ נייעם נאָמען „דער יוגנט בונד“ און איז געוואָרן אַ מאָדערנע סאָציאַליסטישע יוגנט-אָרגאַניזאַציע, ווי די „צוקונפט“ אין פוילן.

# דאָס יידישע אַרבעטער-ליד

בעת איך בין אַריין אין דער קרייזל-באַוועגונג, האָבן די יידישע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער געזונגען כמעט דורכאויס רוסישע לידער, ניעקראַסאָווס: „נאַזאָווי מניע טאַקויו אָביטעל", „יעדו לי נאָטשיו", „זשעלעזנאַיאַ דאָראָגאַ" און אַנדערע, די רעוואָלוציאָנערע לידער פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ, איבערהויפּט די רוסישע מאַרסעליעזע, „ווי זשערטוואָיו פּאַלי" און „סמיעלאָ, ווּפּעריאָד". קיין יידישע אַרבעטער-לידער האָב איך ניט געהערט. אין די מאַסן האָט מען געזונגען לידער פון פאַך, וואָס די אַרבעטער פלעגן אַליין צוקלערן. אַ באַוואוסטזיניקער אַרבעטער פלעגט אַמאָל זינגען אַזאַ לידל נאָר פון חוזק-וועגן. איין לידל אַזאַ האָט מיר אין 1894 איבערגעגעבן די זאָקנ-מאַכערין פייגע „ראַבאָטשי נאַראָד". ביי מיר אין זכרון האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָר עטלעכע שורות:

„איך גיי אַריין אין פאַבריקע, כאַפּט מיר אָן אַ חושך*) —
די באַלעבאָסטע זאָגט: איך וועל געבן געלט נאָך פסח.
רבונו-של-עולם, האָב אויף מיר רחמנות!
אַז איך וועל פּטור ווערן פון די זאָקן, פאַסט איך דיר
אַ תענית.

אינגיכן האָבן צו אונז אָנגעהויבן דערגיין אומלעגאַלע יידישע לידער פון לאָנדאָן און ניו-יאָרק, אַפּריער עדלשטאַטס און ווינטשעווסקיס, דערנאָך ראָזענפעלדס.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַז איך בין אַריין צום ראש-ישיבה, האָבן די מיידלעך געזונגען אַ נייע ליד „צום אַרבעטער-פריינד".

---

*) אין ווילנע פלעגט מען דעמאָלט זאָגן חייסאָך, און ער האָט זיך גוט געגראַמט מיט פּסח. א. ל.

איך האָב אָנגעהויבן זיך צוצוהערן. די מעלאָדיע איז געווען פון א נאַציאָנאַלע ליד, וואָס האָט געטראָגן אַ דייטשמערישן נאָמען: „דער צימבעל שטאָט די אַרפּע" און האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ פּשוטן יידיש: „פון שפּאַניע טראָג איך דיר מיין צימבל אַהער..." די חובבי־ציון פלעגן עס זינגען צעצויגן אין אַ קרעכץ און פלעגן כמעט וויינען ביי די ווערטער: „איך בלייב ביי דאָס מיינינקע: איך וויל זיין אַ ייד!" די זאָקנמאַכערינס זינגען דעם זעלביקן ניגון, אָבער אין אַ גיכן טעמפּ; עס קלינגט ענערגיש, גאָר ניט צו דערקענען די ציוניסטישע איכה.

איך הער דיך — דיין שטימע, די שטימע דער וואַרהייט,
דער קול פון דעם ווירקלעכן אַרבעטער־פריינט.
איך הער דיך פון ווייטן, איך הער דיך מיט קלאָרהייט,
מיט אַ הערצלעכער פריידע באַגריס איך דיך היינט.

דער נאָמען ווינטשעווסקי איז מיר דעמאָלט געווען אומבאַ־קאַנט. אַז אין לאָנדאָן איז אַרויסגעגאַנגען אַ בלאַט „דער אַרבעטער־פריינט" און לכבוד דעם דאָזיקן בלאַט האָט עס ווינטשעווסקי גע־זונגען זיין ליד — וועגן דעם האָב איך זיך דערוואוסט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער. האָב איך די ערשטע שורות ניט קלאָר פאַרשטאַנען. „די שטימע דער וואַרהייט" און „אַ הערצלעכע פריידע" האָבן מיר געקלונגען פרעמד; אָבער די פּאָר אויסשניטן פון לאָנדאָנער יידישע אַרבעטער־צייטונגען, וואָס מיר איז אין יענער צייט אויסגעקומען צו זען, זיינען כמעט דורכאויס געווען געשריבן האַלב־דייטש. די מיידלעך זינגען ווייטער, און איך הער שוין גאָר קלאָרע, פּשוטע ווערטער:

איך בעט דיך, ערקלער מיינע אָרעמע ברידער,
וואָס האָרעווען שווער אין דער היינטיקער וועלט,
וואָס אָפּפערן אויף די מאַרך פון די גלידער
און אָפּפערן אַלעס אויפן מזבח פון געלט;

די וואָס זעגן און הובלען און שניצן טאָג־טעגלעך,
זיי מאַכן די ציגל און קנעטן די ליים —
יענע לעבן אַליין טרויעריק און קלעגלעך
און האָבן ניט קיין הויז און האָבן ניט קיין היים.

די, וואָס דרייען די רעדער פון אַלע מאַשינען,
זיי אַקערן און זייען און שניידן דעם ברויט, —
די קענען פאַר זיך קיין ברויט ניט געפינען,
ווען קראַנקהייט און עלטער שטירצט זיי אין נויט.

די מיידלעך זינגען מיט התלהבות. איך ווער אָנגעשטעקט פון זיי און זינג מיט די פערטע שורה פון יעדן פערז, וואָס חזרט זיך איבער צוויי מאָל. פּלוצלונג:

איך בעט דיך, דערקלער זיי, אַז זיי קענען מאַכן
אַ סוף צו דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליסט.
און קוק ניט אויף די, וואָס וועלן פון דיר לאַכן,
וואָס וועלן דיר פאַרפאָלגן מיטן נאָמען או־או־או!

איך בין פאַרחידושט: וואָס איז עס עפּעס פאַר אַ: או־או־או? אַ מיידל ווינקט מיר מיט אויגן אויף מאַטליע דעם ראש־ישיבהס ווייב, וועלכע הערט זיך אויך צו צום לידל, און בעת מ׳חזרט איבער די שורה נאָכאַמאָל, רוימט מיר אַן אַנדער מיידל איין אין אויער: סאָ—ציִ—אַליסט... איך שמייכל מיט פאַרגעניגן פון דעם איינפאַל און בעט איבערזינגען דעם פערז נאָך אַמאָל. דאָס ליד איז לאַנג. וואָס ווייטער ווערט זי ענערגישער, און דער סוף קלינגט שוין ביי די מיידלעך גאָר שטורעמדיק:

קוק ניט אויף קיינעם און פריידיק דיין לערע
פון פרייהייט, פון גלייכהייט, פון ברידערלעכקייט.
זאָג זיי, אַז אַרבעטן וועט זיין זייער ערע
און ליידיק אַרומגיין אַ שאַנדע פאַר דער צייט.

שנעל וויקל פונאַנדער מיט שטאָלץ דיין פאָנע,
די פאָנע די רויטע. שריי: ברידער, ערוואַכט!
ווייז זיי דעם אויפגאַנג פון דער ליכטיקער זאָנע!
ווייז זיי דעם סוף פון דער פינסטערער נאַכט!

איך שרייב איבער דאָס ליד אויף אַ קליין שטיקל פּאַפּיר, פאַרשטעק עס אין רוקן פון אַ בוך און, אַז איך קום אַהיים, לייען

איך עס איבער אַליין פאַר זיך נאָך אַמאָל. גאָט מײַנער! עס איז דאָך קיין ליד ניט... בלויז אַ שטיקל אַגיטאַציע אין גראַמען. פאַרוואָס איז עס אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן די מיידלעך? פאַרוואָס בין איך אַליין מיט אַ שעה צוריק געווען דערפון באַגייסטערט? שפּעטער האָט מיר ניט איינמאָל געטראָפן: איך לייען אַ ליד און עס געפעלט מיר לחלוטין ניט. איך הער ווי אַרבעטער זינגען דאָס זעלבע ליד און איך ווער באַגייסטערט און זינג מיט. ניט שוין=זשע איז עס נאָר דער כּוח פון דער מאַסע, וואָס סוגעסטירט? אָבער 3—4 אַרבעטער זײַנען נאָך ניט קיין מאַסע, און פאַרוואָס קוועלן די אַרבעטער גופא אַזוי אָן פון שורות, וואָס האָבן ניט קיין טעם, ניט קיין ריח?

אין קרעסלאַווע (לעבן דווינסק) איז געווען דער ערשטער שטרייק. די אַרבעטער האָבן געוואונען אַלע פאָדערונגען. די באַלעבאַטים האָבן אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך בײַם רב. אַרויסגייענדיק פונם רבס שטוב, האָבן זיך די אַרבעטער אַוועקגעלאָזן איבער די גאַסן טאַנצנדיק און געזונגען מיט אַ חסידישן ניגון:

אַרבעטן פון 8 ביז 8
און 6 רובל אַ וואָך שכירות!
אַרבעטן פון 8 ביז 8
און 6 רובל אַ וואָך שכירות!

מער ווי צוויי שורות האָט דאָס דאָזיקע עקספּראָמט=ליד ניט פאַרמאָגט, אָבער מ'האָט זיי איבערגעחזרט אַמאָל הונדערט, וואָס ווײַטער אַלץ אין אַ גיכערן טעמפּ און מיט מער התלהבות. בײַ די אַרבעטער איז געווען פול דאָס האַרץ מיט זייער נצחון. זיי האָבן געמוזט אויסזינגען זייער שמחה; האָבן זיי אין די צוויי קאַלטע שורות אַרײַנגעלייגט גאָר דעם פײַער פון זייער שטימונג, און טרוקענע פּראָזע האָט זיך מיט אַמאָל פאַרוואַנדלט אין געהויבענער פּאָעזיע.

אַזוי טרעפט אין ווײַטן סיביר, ווען אַ יאַקוט גליקט אָפּ, און אין זײַן פאַסטקע פאַלט אַרײַן אַ פוקס. פאָרט ער אַהיים און זינגט: איך האָב אים געפאַנגען דעם פוקס, דעם פוקס. מיט אַ שוואַרץ-

ברוינעם פעל אַ שוואַרץ-ברוינעם פעל. איך פיר אים אַהיים דעם פוקס, דעם פוקס... און אַזוי ווייטער אָן אַ סוף.

מענדעלע מוכר ספרים האָט געפּרוּווט איבערזעצן אויף יידיש די שבתדיקע זמירות, און די איבערזעצונג איז אַרויס זייער ניט געלונגען. און דער זעלביקער מענדעלע האָט אין „שלמה ר׳ חיימס" גאַנץ שיין פאַרטייטשט די יידישע לעגענדע וועגן האַלבער נאַכט און אין „ווינטש-פינגערל" האָט ער פּונקט אַזוי שיין פאַרטייטשט דעם הבן יקיר לי אפרים. ניט שווער-זשע נעמט זיך דער אונטער-שייד נאָר דערפון, וואָס מענדעלע איז געווען נאָר אַ קינסטלער אין פּראָזע און האָט ניט געוואוסט דעם סוד פון פּאָעטישן ריטם? מיר דוכט, אַז ניט דערפון אַליין. די מעשה דערפון איז, וואָס הבן יקיר לי אפרים און די האַלבע-נאַכט-לעגענדע זיינען פאַר זיך שיין, בעת די שבתדיקע זמירות זיינען אַ שטיק פּויט (פּאַיט) אָן טעם און אָן ריח. אויב יידן האָבן די זמירות געזונגען מיט גרויס טעם, איז עס געווען ניט צוליב די ווערטער, נאָר צוליב דעם תענוג פון שבתדיקן טיש, צוליב דער נשמה יתרה, וואָס זיי האָבן אין די האָזיקע ווערטער אַריינגעלייגט. שוין דערמיט אַליין, וואָס מ׳גיט די ווערטער פון זמירות איבער אין יידיש, ציט מען פון זיי אַראָפּ די יום-טובדיקע קליידער און מ׳דעקט אויף זייער נאַקעטן אינהאַלט, זיינען עס פאַר אונז גאָר ניט די זמירות, וואָס מיר קענען. און נאָך איינס, וואָס איז פאַר מיר דאָ דער עיקר. ווען מענדעלע וואָלט אונז געזוען געגעבן עטלעכע שורות זמירות אויף אַ ברייטן פאָן פון עונג שבת, וואָלטן זיי אונז געווען ליב און טייער, ניט געקוקט אויף זייער געשמאַקלאָזיקייט. דעם הבן יקיר לי אפרים האָט ער אונז גראָד געוויזן אין אַ ברייטן ראַם פון אלול-שטימונגען אינם יידישן קליין-שטעטל. די זמירות אָבער האָט ער איבערגעזעצט אין זייער גאַנצער לענג און באַזונדער, דורכאויס אָפּגעריסן פון זייער שבתדיקער אַטמאָספערע, האָבן זיי אונז געמוזט אויסזען פרעמד און קאָמיש.

דאָס מוז מען אויך האָבן אין זינען, בעת מ׳גייט צו צו דער גרעסטער מערהייט פון די יידישע אַרבעטער-לידער. רייסט איר זיי אָפּ פון דעם פרימיטיוון צושטאַנד, אין וועלכן זיי זיינען געשאַפן

געוואָרן, רייסט איר זיי אַרויס פֿון זייער מאַסן־אַטמאָספֿערע און פֿונם רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, וועט איר ניט אָנהייבן צו פֿאַרשטיין זייער ווערט און באַדייטונג. די צייט איז געווען אַזעלכע, ווען פֿונם אָקאָרשט געבוירענעם נייעם יידישן אַרבעטער האָט אַרויסגעזונגען; זיין האַרץ איז געווען איבערפֿולט; ער האָט געזוכט ווערטער פֿאַר זיין אינעווייניקסטן ניגון און ער האָט זיי געפֿונען אין לידער, וואָס זיינען פֿאַר אים געווען לייכט צו פֿאַרשטיין, לייכט אַרויסצורייד‌ן, וואָס זיינען ניט ווייט אַוועק פֿון די איינגעבראַכטע פּשוטע שורות פֿון די קרעסלאַווער שטרייקער. דאָס, וואָס מיר רופֿן אָן פּאָעזיע, וואָלט פֿאַר דעם יידישן אַרבעטער פֿון יענער צייט געווען צו קאָמפּליצירט. זאָל זיין, אַז דאָס רוב לידער, וואָס ער האָט געזונגען, זיינען אין דער אמתן געווען ניט מער, ווי רעוואָלוציאָנערע בדחנות; אָבער ער האָט אין זיי אַריינגעלייגט זיין שטימונג און ביי אים אויף די ליפּן זיינען זיי געוואָרן פּאָעזיע. פֿאַרוואָס האָט זיך איין ליד אָנגענומען און אַן אַנדערע ניט? אַמאָל דערפֿאַר, וואָס דאָס ערשטע איז געווען קלערער, פֿאַרשטענדלעכער, סענטימענטאַלער, צי ווייל די מעלאָדיע איז געווען איינפֿאַכער און האָט דערמאָנט אַ ניגון, וואָס איז שוין געווען באַקאַנט און באַליבט פֿון פֿריער; און אַמאָל דערפֿאַר וואָס דער ריטם פֿונם ערשטן ליד האָט זיך געלאָזט בעסער זינגען, לייכטער איינפּאַסן אין אַ ניגון. אמת, אַ מאַסן־מענטש קימערט זיך ניט שטאַרק, ווען די שורה איז צו לאַנג אָדער צו קורץ פֿאַרן ניגון. ער גיט זיך אַן עצה, פֿאַרשלינגט די ווערטער אין איין טאָן, דרייט איבער איין טראַף פֿינף מאָל. פֿאַראַן אָבער אַזעלכע שורות, וואָס ווי איר זאָלט זיי ניט שלינגען און דרייען, וועט איר זיי אַליין אין אַ פּרימיטיוון ניגון ניט איינפּאַסן.

די ערשטע יידישע אַרבעטער־לידער, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן אין ליטע און פּוילן, זיינען געווען עדעלשטאַטס: „ווי קום איך, ברידער, פֿריילעך זינגען, „אָ, גוטער פֿריינט, אַז איך וועל שטאַרבן“, „אין שטורעם און אין דראַנג“, „אָ, מוזע, רוף מיך נישט“, „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן“, „צו סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ“ און „אַרבעטער־פֿרויען“; ווינטשעווסקיס: „צום אַרבעטער־פֿריינט“, „אָ, דו געדולד“, „די מאַרסעליעזע“, „אַז די וועלט וועט ווערן ייִנגער“ און „אַ

בּעזים און אַקער“; די לעצטע צוויי פּלעגט מען מערער דעקלאַמירן, ווי זינגען; ווינטשעווסקיס מאַרסעליעזע האָט זיך בּיי אונז שוואַך צוגענומען, און אין ווילנע אין וואַרשע האָט מען זי געזונגען אַ סך ווייניקער, ווי אין לאָנדאָן און ניו־יאָרק; מאָריס ראָזענפעלדס: „דער אָפּרייטער“ און „איך האָב אַ קליינעם יינגעלע“. דאָס רוב פון די אויסגערעכנטע לידער האָבן זיך בּיי אונז ניט לאַנג געהאַלטן; אַ לענגערע צייט האָט מען געזונגען נאָר: „אָ, גוטער פריינט“, „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן“, „אָ מוזע“, „צום אַרבּעטער־פריינט“ און „איך האָב אַ קליינעם יינגעלע“.

אין דער צווייטער העלפט פון די ניינציקער יאָרן זיינען בּיי אונז געווען פּאָפּולער לידער פון אַ יונגן דיכטער, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט און געשריבן אין רוסלאַנד גופא. אין אַ קליינעם העקטאָגראַ־פירטן זאַמלביכל פון פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען, וואָס איז אַרויס אין ווילנע אין 1896, איז געווען אַ ליד „אַ טראָפּן בּלוט“ פון אַ. וואַלט (איצט ליעסין). אין 1897 זיינען 10—12 וואַלטס לידער אַרויס אין מינסק, העקטאָגראַפירט אין אַ בּאַזונדער העפט. אַנדערע לידער זיינע זיינען געגאַנגען איבּער די הענט געשריבּענע. אויף וויפל איך געדענק, האָט מען פון אַ. וואַלטס לידער געזונגען: „אַ טראָפּן בּלוט“, „צום קעמפער“, „דאָרט, וואו די לענע די קאַלטע“ און „אַהין, אַהין“. זיין גרעסערע פּאָעמע „דער יונגער פאַרבּרעכער“ פלעגט מען דעקלאַמירן אויף אַרבּעטער־אָוונטן.

דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד האָט געשפּילט אַ בּאַדייטנדיקע ראָלע אין אונזער בּאַוועגונג. נאָך פּסח 1896 בּין איך געשיקט געוואָרן קיין אָשמענע (ניט ווייט פון ווילנע) אָנפירן דאָרט די גאַרבּער־בּאַוועגונג. דאָס איז געווען מיין ערשטע זעלבּשטענדיקע אַרבּעט. איך בּין געפאָרן דורך סמאָרגאָן, וואו איך האָב זיך געטראָפן מיט דעם פירער פון דער דאָרטיקער בּאַוועגונג דעם לערער שמואל לעווין (געשטאָרבּן אין 1906 אין ניו־יאָרק, וואו ער האָט געענדיקט מע־דיצין). ער איז געווען עלטער און געניטער פאַר מיר, האָט ער מיר געגעבּן אָנווייזונגען, וואָס און ווי איך האָב צו טאָן. צווישן אַנדערע האָט ער מיר געזאָגט: נעמט־מיט אַ פּאָר אַרבּעטער־לידער — זיי וועלן אייך צוניץ קומען... און אין דער אמתן. דעם ערשטן שבּת, ווען

איך האָב זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט דעם אָרגאַניזיר־קרייזל אין וואַלד, האָבן מיר אַפֿריער אַרומגערעדט די נאָענטסטע פּראַקטישע פֿראַגן, דערנאָך האָב איך זיי עפּעס איבערגעלייענט, און אַז איך האָב געמיינט, איך בין שוין פֿאַרטיק, האָט מיר איינער אַן אַרבעטער אַ פֿרעג געטאָן: „האָט איר עפּעס נייס צום זינגען? אין סמאָרגאָן לערנט דער אינטעליגענט מיט זיין קרייזל אַרבעטער־לידער“... אין די ערשטע יאָרן פֿון דער באַוועגונג האָט אַ ליד אַמאָל געווירקט שטאַרקער, ווי אַ רעדע אָדער אַ בראָשור: די זינגענדיקע אַגיטאַציע האָט מערער גערעדט צום האַרצן פֿונם פּרימיטיוון אַרבעטער. אין 1899 אין פּינסק, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די שוועבעלעך־אַרבעטער, האָבן מיר אַפֿריער אַרויסגעלאָזן אַ העקטאָגראַפֿירטע פּראָקלאַמאַציע וועגן דער לאַגע אויפֿן פֿאַבריק, וועגן בולטע פֿאַקטן פֿון שאַרפֿער עקספּלואַטאַציע און ד. גל. אין אַ וואָך אַרום האָבן מיר אָפּגעקלאַפּט אויפֿן העקטאָגראַף צוויי לידער: ווינטשעווסקיס „צום אַרבעטער־פֿריינט“ און עדעלשטאַטס „אָ, גוטער פֿריינט, אַז איך וועל שטאַרבן“. די פּראָקלאַמאַציע האָט געמאַכט אַ רושם און די לידער האָבן דעם דאָזיקן רושם פֿאַרטיפֿט און פֿאַרפֿעסטיקט. די העקטאָגראַפֿירטע בלעטלעך מיט די לידער האָט מען פּשוט געריסן פֿון די הענט; מ'האָט זיי איבערגעשריבן איינע ביי די אַנדערע, אויסגעלערנט אויף אויסווייניק. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן אַלע אַרבעטער אויף דער פֿאַבריק געזונגען די אומלעגאַלע לידער און זיי האָבן זיך אַליין שוין גערעכנט פֿאַר אונזערע.

צוזאַמען מיט לידער פֿון באַקאַנטע*) פּאָעטן, האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע לידער, פֿאַרפֿאַסט פֿון אַרבעטער גופֿא, פֿון מאַסן־מענטשן, וואָס זייערע נעמען זיינען דאָס רוב געבליבן אומבאַוואוסט. אַ טייל פֿון די דאָזיקע לידער האָט צוזאַמענגעקליבן שמואל לעהמאַן אין זיין בוך „אַרבעט און פֿרייהייט“ (וואַרשע 1921). דאָס רוב לידער פֿון דעם מין טראָגן אַ לאָקאַלן כאַראַקטער און זיי האָבן זיך ווייטער פֿון אַ געוויסער שטאָט אָדער

*) באַקאַנטע פּאָעטן מיינט דאָ ניט באַרימטע, נאָר אין קעגנזאַץ צו די פֿאָלקס־לידער, וואו דער נאָמען פֿון מחבר בלייבט דאָס רוב אומבאַקאַנט.

געגנט ניט פֿאַרשפּרייט. אַזוי למשל זיינען אַלע וואַריאַנטן פֿונם
ליד: „ששו ושמחו בשמחת־תורה,‟ מ׳האָט שוין פּאָר סטרייקערס
ניט קיין מורא‟ געזונגען געוואָרן נאָר אין פּוילן; אין ליטע, ווייס־
רוסלאַנד און אוקראַינע האָט מען פֿון זיי ניט געהערט. דאָס זעלבע
איז מיט די לידער וועגן ברוך שולמאַן. דאָס ליד „טריט פֿון טיראַנען
האָבן זיך געלאָזט הערן‟ (געזונגען מיטן ניגון פֿון אליקום צונ־
זערס טרויער־ליד אויף לעוואַנדעס טויט „עס האָבן נאָך ניט גע־
טריקנט די טרערן‟) איז געזונגען געוואָרן מער ווי אַליץ אין ביאַלי־
סטאָק, וואו עס איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן צוליב די אַרעסטן פֿון 1895.
געווען אָבער אויך אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקס־לידער, וועלכע
האָבן זיך פֿאַרשפּרייט איבערן גאַנצן יידישן תחום, למשל די לידער
וועגן הירש לעקערט. געווען אויך לידער, וואָס זיינען פֿאַרפֿאַסט
געוואָרן צוליב אַ מעשה, וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אין איין שטאָט,
און דערנאָך זיינען זיי איבערגעטראָגן געוואָרן אין אַנדערע שטעט, וואו
עס האָבן געטראָפֿן ענלעכע מעשיות; איבערגעטראָגן געוואָרן מיט
מיט וואַריאַציעס, אין יעדער שטאָט צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע באַ־
דינגונגען. אַזוי איז געווען מיטן ליד וועגן שטרייק אויף אַ פּאַ־
פּיראָסן־פֿאַבריק: אין ביאַליסטאָק איז עס געווען צוגעפּאַסט צו יאַ־
נאָווסקיס פֿאַבריק, אין וואַרשע צו פֿיינקינדס, אין גראָדנע צו שערע־
שעווסקיס און אין טשערקאַס צו זאַריצקיס (זע די וואַריאַנטן ביי
לעהמאַנען).

אין 1899—1904 זיינען אין ליטע געווען פּאָפּולער לידער פֿון
איינעם אַ ווילקאָמירער שמוקלער (זיין נאָמען געדענק איך ניט. איך
האָב אים אין 1916 געטראָפֿן אין אַמעריקע, דוכט זיך, אין ברידזש־
פּאָרט). אין דער מאַסע האָט מען זיי אַזוי טאַקע גערופֿן: דעם
שמוקלערס לידער. מער ווי אַליץ האָט מען געזונגען זיין לאַנגע
סענטימענטאַל־וויינענדיקע צוואה, וועלכע הייבט זיך אָן:

דאָרט אין ווינקל אין אַ נאַסן קעלער
האַרט אויף דר׳ערד אויף אַ ביסל שטרוי
דאָרט ליגט אַ מאַן מיט אַ ברוסטפֿעלער,
ער ליגט און קרעכצט און שרייט: אוי ווי.
(זע לעהמאַנס זאַמלביכל ז. 111—114).

דער ניגון איז געווען פֿון פּאָלאָנסקיס „מאָי קאָסטיאָר“, אָבער ניט די לעבעדיקע ציגיינער־מעלאָדיע, נאָר אַ מינאָר־צעצויגענער ניגון, מיט וועלכן מ׳פֿלעגט אין יענע יאָרן דאָס דאָזיקע רוסישע ליד זינגען אין תּחום. די יידישע רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקסלידער, איבערהויפּט די, אויף וועלכע עס איז קענטיק דער שטעמפּל פֿון ליטע, פֿאַרמאָגן בכלל מער טרערן, ווי קעמפֿערישע האָפֿערדיקייט. דאָס רוב איז עס רעזאָנירנדיקע אַגיטאַציע, און וועלכער עס וואַרפֿט זיך נאָר זעלטן ווען דורך אַ פֿרישע זאַפֿטיקע שורה. פֿאַראַן לידער, וועלכע זיינען באַזאַלצט און באַפֿעפֿערט מיט אַ געזונטן פֿאָלקס־הומאָר. צו אַזעלכע געהערן די שפּאָט־לידער אויף ניקאָלאַי דעם צווייטן, אויף די מפּלות פֿון רוסלאַנד אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן. דאָס זיינען פֿאָלקס־קופּלעטן פֿון דעם מין, וואָס די רוסן רופֿן אָן „טשאַסטושקי“. אַזעלכע שפּאָט־לידער האָב איך אַ סך געהערט אין האַרבסט 1906, בעת איך בין געזעסן אין די פּאָרטן פֿון וואַרשעווער פֿעסטונג, דורך וועלכע עס פֿלעגן דעמאָלט דורכגיין אַ סך פּאָליטישע אַרעסטירטע. אויף וויפֿל איך ווייס, זיינען די לידער פֿון דעם מין מער ווי אַלץ געזונגען געוואָרן אין פּוילן. און קענטיק, אַז דאָס רוב זיינען זיי טאַקע אין פּוילן פֿאַרפֿאַסט געוואָרן.

די רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקס־לידער זיינען מער ווי אַלץ געזונגען געוואָרן ביז 1905. אין 1905—6 האַלטן זיי זיך נאָך שטאַרק אין דער פּראָווינץ. אין די גרעסערע שטעט זינגט מען זיי שוין אַ סך ווייניקער. די גרויס־שטאָטישע מאַסע איז זיי שוין אַ ביסל אַריבער־געוואַקסן. די פּראָפֿעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן — אינטעליגענטן און אינטעליגענטע אַרבעטער, וועלכע האָבן אין יענע יאָרן געגעבן דעם טאָן אין דער באַוועגונג און צוליב קאָנספּיראַציע פֿלעגן זיי אַלע 3—4 חדשים בייטן זייער וואוינאָרט, האָבן אומעטום פֿאַרשפּרייט אײַנע און די זעלביקע לידער פֿון באַקאַנטע פּאָעטן. עס זיינען שוין אויך געווען געדרוקטע זאַמלביכער פֿון רעוואָלוציאָנערע לידער. פֿון 1907 אָן הייבן די אַלטע רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקסלידער אָן אינגאַנצן פֿאַרגעסן צו ווערן און קיין נייע ווערן כּמעט ניט געשאַפֿן. די זינגענדיקע צייט איז אַריבער, די באַוועגונג איז עלטער געוואָרן.

צו די רעוואָלוציאָנערע פֿאָלקסלידער געהערט אויך די אַזוי־

גערופענע אַלטע שבועה, וועלכע איז געזונגען געוואָרן אין גאַנצן תחום פון אומגעפער 1896 ביז 1903 און איז דערנאָך אַראָפּ פון סצע־נע. זי איז פּרימיטיוו, אַגיטאַציע־מעסיק, צייכנט זיך אָבער אויס מיט איר געהויבענער פייערלעכקייט סיי אין די ווערטער, סיי אין דעם ניגון, וועלכער איז איבערגעמאַכט פון אַ מעלאָדיע צו אַ לאַט־ווישן אַרבעטער ליד. איך האָב די אַלטע שבועה ניט געזען קיין געדרוקטע און איך געפין דעריבער פאַר נייטיק צו ברענגען דאָ איר גאַנצן טעקסט:

לאָמיר לייגן אויפן האַרצן די רעכטע האַנט
און שווערן ביי סאָוועסט איצט,
אַז דורך טויט און לעבן, ווי אַן אייזערנע וואַנט,
און דער שווערט פון אמת בליצט.
איינער פון אונז איז צו שוואַך געווים,
ווייל צו גיפטיק איז דער קאַפּיטאַל,
ווי פון אַ שלאַנג דער ביס.
נאָר ווען מיט אמת און ליבע געבונדן,
אונזער בונד, ווי אַ מויער, פעסט שטייט,
גייט אויף *) די זון אין אונזער בלוט אָנגעצונדן —
די זאָנע פון פרייהייט אויפגייט.
די נקמה פאָדערט אונזער בלוט,
פון אונזער געזונט וואַקסט שטענדיק זייער גוטס.
גוטס און רייכקייט ציען זיי פון אונזערע ביינער,
און דאָך טרעט מען אונז, ווי די שטיינער.
דערום, ברידער, שוועסטער, גיט זיך אַלע די הענט
און שווערט ביי דער פאָנע, וואו דער פאַקעל ברענט **).
מיר זיינען דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס מ׳רופט אונז דער
פּראָסטער נאַראָד ***).
די קייטן די שווערע וועלן מיר צערייסן.

*) וואריאַנט: פאַרגייט.
**) וואריאַנט: ביי דעם פייער, וואָס דער פאַקעל ברענט.
***) וואריאַנט: דער טשאָרני נאַראָד.

דעם יאָך דעם שווערן אַרונטערשמייסן.
טאָ שרייט־זשע ברידער: נאַראָד וופּעריאָד!
וופּעריאָד, וופּעריאָד, וופּעריאָד!
וופּעריאָד!

אומגעפער פון 1901 הייבן אָן אַריין אין אומגאַנג נייע לי־דער פון באַקאַנטע פּאָעטן. ווינטשעווסקיס „אין די גאַסן צו די מאַסן". דאָס דאָזיקע ליד איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט. מ'פלעגט עס זינגען אויף אַלע דעמאָנסטראַציעס. עס איז ניט קיין פולע בע־סער פאַר אַנדערע ווינטשעווסקיס לידער. הגם אין אים איז ניטאָ זיין זיסלעכע געמאַכטע פאָלקסטימלעכקייט. דאָס ליד צייכנט זיך אָבער אויס מיטן ריטם פון אַ מאַרש, אונטער וועלכן עס איז זיך גוט געגאַנגען אין אַ מאַסע. איך געדענק אַזאַ פאַקט. אַ גרויסער אַרבעטער־עולם האָט זיך דעם ערשטן מאַי צונויפגעקליבן אין אַ גאָרטן. מ'האָט שפּאַצירט צעוואָרפן, כדי די פּאָליציי זאָל ניט באַמערקן, אַז מע גרייט זיך צו עפּעס. פלוצלונג האָבן אַ מענטשן צען אָנגעהויבן זינגען „אין די גאַסן צו די מאַסן". דער עולם האָט אונטערגעכאַפּט, און דאָס ליד האָט מיטאַמאָל באַהעפט די שפּאַצירנדיקע אין פּאָרלעך, זיי געמאַכט גיין צום טאַקט. די פּאָנע האָט מען נאָך ניט אויפ־געהויבן, אָבער צו די ווערטער „איך קום מעלדן יענע העלדן, וועל־כע שמאַכטן אין די קעלטן פון סיביר אַצינד" איז עס שוין געווען ניט קיין צעוואָרפענע מאַסע, נאָר אַ געשלאָסן מאַרשירנדיקער צוג.

אומגעפער פון 1902 ביז 1908 האָט מען אַ סך געזונגען אַנ—סקיס „צום בונד" — אַ געגראַמטע פּאָלעמיק קעגן ציוניזם. די מאַסע האָט דאָס דאָזיקע ליד ליב געהאַט דווקא צוליב אָט דער פּאָלעמיק, אָבער נאָכמער צוליב די לעצטע צוויי שורות: „עס לעבע אין רוסלאַנד, אין ליטע און פּוילן דער יידישער אַרבעטער־בונד!"

פון 1908 אָן האָט מען דאָס ליד כמעט אויפגעהערט צו זינגען. אין 1917 האָט מען עס ווידער געזונגען. אָבער שוין אַ סך ווייניקער, ווי אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָלוציע; אַנ—סקי איז שוין דעמאָלט געווען אַ בעל־תשובה מיט שטאַרקע ציוניסטישע שטי־מונגען; האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מען דרוקט זיין ליד

איבער אין אַלע בונדישע לידער־זאַמלונגען. איבערהויפּט האָט ער געפֿאָדערט, מ׳זאָל אויסמעקן די ווערטער: „גאָט און משיח אינאיינעם געשטאָרבן“. אָבער דאָס ליד איז שוין לאַנג אַרויס פֿונם מחברס רשות; עס איז געוואָרן דאָס אייגנטום פֿון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, וועלכע האָט זיך ניט גערעכנט ניט מיט אַן־סקיס פּראָטעסטן, ניט מיט דער מיינונג פֿון אַ סך אייגענע חברים, וואָס וואָלטן גערן מוחל געווען דעם דאָזיקן „פּערל“, און זי האָט געזונגען „צום בונד“, ווי זי איז געוויינט געווען און ווי איר איז געפֿעלן. אַ סך אַ גרעסערן ערפֿאָלג האָט געהאַט אַן־סקיס אַ צווייטע ליד, וואָס אים איז באַשערט געווען צו ווערן דער הימן פֿון בונד; מ׳האָט עס קיינמאָל ניט אויפֿגעהערט צו זינגען, און אומעטום, וואו עס זיינען פֿאַראַן בונדיסטן אָדער סימפּאַטיקער פֿון בונד, ווערט עס נאָך עד־היום געזונגען בײַ יעדער פֿייערלעכער געלעגנהייט. איך מיין, פֿאַרשטייט זיך, „די שבועה“. דער ערשטער פּערז איז אַזוי איינפֿאַך, פֿאַרשטענדלעך פֿאַר יעדן אַרבעטער און דאָך אַזוי פּאַטעטיש און פֿייערלעך. דאָס זעלבע איז מיטן צוזונג: „הימל און ערד וועט אונז הערן“. דערנאָך גייען צוויי פּראָזאַישע פּערזן, וועלכע זיינען שוואַכער פֿון שוואַך: „מיר שווערן צו פֿילן אַן אייביקן האַס צו די פֿיינט און באַדריקער פֿון אַרבעטער־קלאַס“ אאַז״וו. דער לעצטער פּערז: „מיר שווערן אַ טרייהייט אָן גרענעצן צום בונד“ איז אַ ביסל שטאַרקער, הגם ער שטייט ווייט אָפּ פֿונם ערשטן. די מאַסע האָט בנוגע צו אַן־סקיס שבועה אַרויסגעוויזן אַ ריכטיקן חוש. בלויז אין קליינשטעטלעך זינגט מען זי אינגאַנצן. אין די גרעסערע שטעט זינגט מען געוויינלעך נאָר דעם ערשטן פּערז און דעם לעצטן. איך פֿלעג אָפֿט פֿרעגן באַקאַנטע אַרבעטער, פֿאַרוואָס זיי זינגען ניט די מיטלסטע פּערזן. דער ענטפֿער איז דאָס רוב געווען: זיי געפֿעלן אונז ניט... שוואַך... צו וואָס? אַ פּאָר מאָל האָט מען מיר געענטפֿערט: אַ שבועה דאַרף זיין קורץ און שטאַרק... אָדער: וואָס קירצער, אַלץ פֿייערלעכער... און בעת מ׳הערט, מיט וואָס פֿאַר אַ התלהבות יידישע אַרבעטער זינגען זייער „שבועה“, טאָר מען ניט פֿאַרגעסן, אַז דער כּוח ליגט דאָ ניט אַזוי אין אַן־סקיס ווערטער גופֿא, ווי אין דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, וואָס

זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אין משך פון לאַנגע יאָרן. ווערטער, מיט וועלכע מענטשן זיינען געגאַנגען צו אַ גרויסן קאַמף, געגאַנגען אויף מסירת נפש, מוזן ווערן פּאָעטיש, אומאָפּהענגיק פון זייער אינהאַלט.

אין יענע יאָרן האָט מען אַ סך געזונגען הערוועגס אַ ליד, וואָס זשיטלאָווסקי (אונטערן נאָמען בן אהוד) האָט געלונגען איבער־געזעצט פון דייטש: „און דו אַקערסט און דו זייסט". די מאַסע האָט צוגעפּאַסט צום ליד אירן אַן אייגענעם צוזונג:

„קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג!
קלאַפּט דער האַמער מיט זיין געזאַנג.
„קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג!
צערייס די קייטן פון שקלאַפן־צוואַנג!

דאָס דאָזיקע ליד ווערט נאָך אויך איצט געזונגען. אין די יאָרן 1904—7 האָט מען אַ סך געזונגען רייזענס: „מיר ברעכן די וואַנט!" „אָ, וואָס קלינגט איר קירכן־גלאָקן" און „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן!" רייזענס ווערטער, וועלכע אָטעמען מיט אמתער פאָלקס־טימלעכקייט און זיינען אַזוי ווי גענומען ביים פאָלק פון מויל, האָבן מער ווי אַלץ געפּאַסט פאַר די מאַסן אין יענער צייט. אינטערעסאַנט: „הוליעט, הוליעט" איז דאָס בעסטע פון די דריי. די מאַסע האָט עס טאַקע אַזוי אָפּגעשאַצט און זי פלעגט אָט דאָס ליד זינגען מער ווי די איבעריקע צוויי. אָבער דאָס ליד איז אָנגעזאַפּט מיט רייזענס מעלאַנכאָלישער שטימונג און ענדיקט זיך: „לאַנג וועט דויערן דער ווינטער, זומער איז נאָך ווייט". אין 1904—6 האָט די יידישע מאַסע ניט געקאָנט איינגיין אויף אַזאַ טרויעריקן סוף און זי האָט איבער־געמאַכט די לעצטע שורה פון רייזענס ליד אַזוי: „זומער איז שוין ניט ווייט". אַפילו אין 1908—12, ווען די שטימונג ביי דער יידישער מאַסע איז געווען גאָרניט אַזוי אָפּטימיסטיש, האָט זי נאָך אַלץ געזונגען רייזענס ליד אויף איר אייגענעם האָפענונגספולן אופן. אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָלוציע האָט מען ביי אונז אַ סך געזונגען אויך נאָמבערגס וויג־ליד, וואָס הייבט זיך אָן:

„ס'לויפן, ס'יאָגן קאַלטע ווינטן,
ס'רוישט און פייפט דער ווינט.
פון סיביריען שיקט דער טאַטע
דיר אַ גרוס, מיין קינד".

פון מאָריס ראָזנפעלדן האָט מען אָנגעהויבן זינגען צוויי נייע לידער: „רוסלאַנד, קוים הער איך דיין שפּראַכע" און „ניט זוך מיך דאָרט". אפשר מער ווי אַנדערע לידער האָט מען אין 7—1905 געזונגען אַלעקסאַנדראָווס (שרה ריוועס) קאַמפּס-ליד, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

„אָ, ליבער, מיר האָבן געשלאָסן
אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד.
מיר שטייען אין קאַמף, ווי געגאָסן,
די פאָנע די רויטע אין האַנט.
און ביסטו געפאַלן אַ טויטער"... און אַז. וו.

ס'איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דאָס דאָזיקע ליד האָט אין די יאָרן פון שאַרפן קאַמף געהאַט אַזאַ גרויסן ערפאָלג.

פון 1908 ביז 1917 האָט מען אין די אַרבעטער-קרייזן בכלל געזונגען ווייניק רעוואָלוציאָנערע לידער. ניט געווען קיין שטימונג דערפאַר. אַזוי ווי די נאַציאָנאַלע שטימונג האָט זיך דעמאָלט פאַרשטאַרקט, האָט מען צווישן די אַרבעטער מער ווי אַלץ געזונגען אַלטע פאָלקס-לידער. אפילו די אַרבעטער-כאָרן ביי אונזערע ליטעראַרישע און דראַמאַטישע געזעלשאַפטן האָבן געזונגען „זאָג מיר, דו שיין מיידעלע", „אַמאָל איז געווען אַ מלך" און ד. גל. אָדער מענדעלסאָנס און שוּבערטס לידער אין יידישער איבערזעצונג. פון אַרבעטער-לידער פלעגן אונזערע כאָרן זעלטן-ווען זינגען נאָר: „די שבועה", „און דו אַקערסט און דו זייסט", „הוליעט, הוליעט", „אַ גוטער פריינד", „איך האָב אַ קליינעם יינגעלע" און „ניט זוך מיך דאָרט". די כאָרן פלעגן נאָך זינגען ווינטשעווסקיס אַ ליד פון 1907 (אַ מתנה דעם „בונד") „דער הימל געהערט דעם רבונו-של-עולם"

אין די יאָרן פון רעאַקציע פלעגט מען אויך אָפט זינגען ליטווינס לאַקריץ=סענטימענטאַלע פסעוודאָ=פאָלקסלידלעך מיט די זיאַמעלעך, פיידעלעך, קליידעלעך און ד. גל. קיין נייע אַרבעטער=לידער זיינען אין יענער צייט כמעט ניט צוגעקומען.

נאָך דער רעוואָלוציע פון מערץ 1917 שטייען ביי די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד ווידער אויף תחית=המתים די אַלטע רעוואָלוציאָנערע לידער פון 1905 און נאָך פריער. קיין נייע ווערן כמעט ניט געבאָרן: אמת די יידישע אַרבעטער הייבן אָן אַ סך צו זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל"; אָבער אָט דאָס ליד איז אין יידיש שוין גאָרניט אַזאַ נייס: עס איז איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָך אין 1906. אין 1917—19 האָט מען אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע אָפט געזונגען צוויי יידישע לידער, וועלכע איך האָב פריער ניט געהערט: „דאָרט אין קוזניע ביי דעם פייער" און „מיר זיינען שמידן"; דאָס צווייטע איז געוויס אַן איבערזעצונג פון רוסיש; דאָס ערשטע זעט אויך אויס צו זיין אַ איבערזעצונג, און ביי מיר איז נאָך אַ גרויסער ספק, צי זיינען זיי שוין ביידע ניט געווען אין 1905. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע פון אָקטאָבער 1917 האָט אויך קיין נייע יידישע רעוואָלוציאָנערע לידער ניט געבראַכט. אפילו צווישן די יידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער אין רוסלאַנד זינגט מען איצט אויפער דעם „אינטערנאַציאָנאַל", מער ווי אַלץ אַלטע יידישע פאָלקסלידער, למשל, „אַז דער רבי אלימלך" און ד. גל. און פאַר די לעצטע 8 יאָר האָבן דאָך האָפשטיין, קוויטקאָ, מאַרקיש, שוואַרצמאַן און אַנדערע יידישע פּאָעטן אָנגעשריבן ניט ווייניק רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס זיינען אַלנפאַלס ניט אין ערך בעסער פאַר עדעלשטאַטס און ווינטשעווסקיס, און דאָך ווערן זייערע לידער פון יידישע אַרבעטער ניט געזונגען, ביי דוד האָפשטיין זיינען פאַראַן צוויי לידער מיט מעלאָדיען: דער אַרבעטער=הימן און „מיר זיינען ווי פעלזן", און אָט די ביידע לידער ווערן אויך ניט געזונגען. ניט שווין=זשע דערקלערט זיך עס בלויז דערמיט, וואָס די לידער פון אונזערע „יונגע" זיינען פאַר די יידישע מאַסן תרגום? זיינען דאָך ביי שוואַרצמאַנען פאַראַן פשוטע לידער אָן קונצן; און ניט בלויז ביי שוואַרצמאַנען אַליין; און אפילו אָט די לידער, אויך

וועלכע די; מאַסע דאַרף ניט ברעכן די ציין, ווערן אויך ניט גע־זונגען. אויך אין פוילן זינגען די יידישע אַרבעטער נאָך אַלץ די אַלטע רעוואָלוציאָנערע לידער; וואָס זיינען געשריבן געוואָרן מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק און נאָך פריער.

דאָס רוב לידער, וואָס די רוסישע אַרבעטער האָבן געזונגען און זינגען נאָך היינט, שטאַמען פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“ און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די ס. ר., ווי בכלל דער פעריאָד פון 1894 — 1906, האָבן אין דעם פרט גאָר ווייניק צוגעגעבן. די רעוואָלוציע פון מערץ 1917 האָט, דוכט זיך, קיין נייע לידער צום זינגען ניט געשאַפן. בכלל האָט מען פון מערץ ביז אָקטאָבער געזונגען מער ווי אַלץ דריי לידער: די רוסישע „מאַרסעליעזע“, דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ און „מי זשערטוואָיו פאַלי“. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע פון אָקטאָבער האָט אויס־געשטראָכן די ערשטע און איבערגעלאָזן די לעצטע צוויי. פון 1917 האָבן יעסענין, מאַיאַקאָווסקי און די פראָלעטאַרישע דיכטער געשאַפן אַ היבש ביסל רעוואָלוציאָנערע לידער, אָבער געזונגען פון די אַרבע־טער ווערן זיי ניט. אַלעקסאַנדער בלאָקס „צוועלף“ איז פאָפולער צווישן די אינטעליגענטע אַרבעטער. אָבער איך האָב ניט געהערט, אַז די אָדער יענע שטיקלעך פון דער דאָזיקער פאָעמע זאָלן גע־זונגען ווערן. ווי דאָס איז אַמאָל געווען מיט שטיקלעך פון נעקראַ־סאָווס פאָעמען. און די שפראַך פון „צוועלף“ איז דאָך אַזוי פאָלקס־טימלעך. די לידער, וואָס די רויטע אַרמיי זינגט, זיינען דאָס רוב רעוואָלוציאָנערע טשאַסטושקעס מיטן ניגון פון אַלטע סאָלדאַטישע לידער. אַזוי איז צום ווייניקסטן געווען ביז 1922. און איך רעכן, אַז קיין סך האָט זיך איצט אויך ניט געביטן. וואָרים, ווען אין רוסלאַנד וואָלטן געזונגען געוואָרן נייע לידער, וואָלטן זיי דערגאַנגען צו אונז אויך. לידער גייען אַריבער גרענעצן אָן פאַספאָרטן און וויזעס. אויף וויפל איך ווייס, זינגען די פוילישע אַרבעטער אויך איצט אויך די אַלטע רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס פאַר 1905. צו־געקומען איז נאָר דער אינטערנאַציאָנאַל.

איך נעם זיך ניט אונטער צו דערקלערן, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. איך האָב צו ווייניק פאַקטן, כדי אַרויסצוזאָגן וועלכע ניט

איז פּעסטע השערות. עס ווייזט אָבער אויס, אַז אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון יעדן פאָלק שלאָגט דער קוואַל פון געזאַנג שטאַרק נאָר אין אירע ערשטע פריילינג־יאָרן.

---

# אַ פאַרצייכעניש

סוף יוני 1906 איז אין ווילנע אין רעדאַקציע פון „פאָלקס-צייטונג" פאָרגעקומען אַ באַראַטונג ביים צענטראַל-קאָמיטעט פון בונד. דעם גאַנצן טאָג-אָרדענונג געדענק איך ניט. צווישן אַנדערע איז געשטאַנען די פראַגע וועגן זעלבסטשוץ.

דער זעלבסטשוץ איז צו יענער צייט פאַרגאַנגען אין אַ טעמפּן ווינקל. דאָס איז געווען אָקאָרשט נאָך דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, אין וועלכן ס'האָבן אָנטייל גענומען די זעלנער פונם אָרטיקן גאַרניזאָן. מ'האָט זיך געריכט אויף אַ נייע סדרה פּאָגראָמען, אַלע מיטן אָנטייל פון מיליטער, ווי אין ביאַליסטאָק. דער סעדלעצער פּאָגראָם, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין אַ פּאָר חדשים אַרום, איז טאַקע געווען איינגאַנצן אַ מיליטערישער. וואָס קאָן אין אַזעלכע פּאָגראָמען טאָן אַ ציווילער זעלבסטשוץ? בעת פּאָגראָמען זיינען געמאַכט געוואָרן פון אַ כוליגאַנישער מאַסע, אַפילו פון האַלב-אָרגאַניזירטע שוואַרצע מאות, האָט אונזער זעלבסטשוץ געקאָנט האָבן אַ באַדייטונג. אַמאָל האָט ער געקאָנט פאַרהיטן, דער פּאָגראָם זאָל זיך גאָר ניט אָנהייבן; אַמאָל—ניט לאָזן אים זיך פאַרשפּרייטן; כמעט שטענדיק—פאַרקלענערן זיין בלוטיקן כאַראַקטער. אָבער וואָס האָט אונזער זעלבסטשוץ געקאָנט טאָן קעגן מיליטער, וואָס פירט אויס די בלוטיקע אַרבעט לויט קאָמאַנדע? אַוועקשטעלן כמעט צופעליקע רעוואָלווערן קעגן געלערנטע און אָרגאַניזירטע ביקסן, הייסט נאָר ברענגען אומזיסטע קרבנות. און עפּעס טאָן מוז מען דאָך... וואו איז דער אויסוועג?

אין דער דיסקוסיע איז אַרויסגעשוואומען אַ פאָרשלאָג: דער בונד זאָל אַרויסלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע מיט אַ בפירושער וואָרענונג, אַז אין פאַל פון אַ מיליטערישן פּאָגראָם, וועט ער מיט דינאַמיט אויפרייסן די שטאָט. פאַר אַזאַ מין קאַטאַסטראָפע וועט זיך

די מיליטערישע קאָמאַנדע אויך אָפשטעלן. ווער עס האָט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג געמאַכט, געדענק איך ניט. מעגלעך, אַז איך אַליין; אַלנפאַלס האָב איך אים שטאַרק אונטערגעהאַלטן.

קעגן דעם האָבן זיך אַרויסגעזאָגט עטלעכע חברים, דער עיקר פון טאַקטישן שטאַנדפונקט: מיר וועלן אַזאַ זאַך ניט קענען אויספירן; היינט צו וואָס זיך מאַכן לעכערלעך און אַרויסרופן קעגן זיך די שאַרפסטע רעפרעסיעס?... ליבער, האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פאָרשלאָג פאָליטיש. מיט אַזאַ טאַקטיק, האָט ער געזאָגט, וועלן מיר אויפשטעלן קעגן זיך די גאַנצע ניט־יידישע באַפעלקערונג. אַפילו אַזעלכע, וואָס זיינען היינט קעגן אַ פאָגראָם אָדער זיי באַציען זיך צו אים נייטראַל, וועלן מאָרגן ווערן אונזערע ביטערסטע שונאים. געווינען דערפון וועט בלויז דער צאַריזם. ער וועט געוויס ניט זשאַלעווען די ניט־יידישע באַפעלקערונג; ער וועט אונז אַפילו פראָוואָצירן אויף דעם, אַז אין דער אָדער יענער שטאָט זאָלן דורך אונזערן אַן אויפרייס ליידן הונדערטער אָדער טויזנטער אומשולדיקע קריסטן, אַבי דורך דעם זאָל סוף־כל־סוף אין דער אמתן אַרויסקומען דער שאַרפער קאַמף צווישן אַלע קריסטן קעגן אַלע יידן, וועלכן ער מוז איצטער בלויז אינסצענירן. אויב מיר זאָלן זיך שטעלן אויף דעם וועג, וועלכן מ'לייגט אונז דאָ פאָר, קאָן אין אונזער געגנט זיך איבערחזרן דאָס זעלביקע, וואָס אויף קאַווקאַז, וואו דער צאַריזם האָט אָנגעהעצט די טאָטערן מיט די אַרמענער איינע אויף די אַנדערע; זיי קוילענען זיך, און ער קוקט צו פון ווייטן און קוועלט...

ליבערס מאָטיוון האָבן אויף אונז אַלעמען געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק; דאָך האָב איך אינגאַנצן ניט אָפגעטראָטן. איך האָב פאָרגעלייגט, מיר זאָלן אויפרייסן ניט די גאַנצע שטאָט, נאָר די רעגירונגס־בנינים, און מיר זאָלן עס טאָן אַזוי, אַז די באַפעלקערונג זאָל דערפון ניט ליידן. איך בין אין דעם לעצטן פאָרשלאָג אויך ניט געווען אינגאַנצן פעסט — ווער ווייס, צי מ'קאָן אַ גרויסן אויפרייס לאָקאַליזירן? — אָבער די לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע, און אין מוח האָט מיר געעקבערט: ניט שוין־זשע לאָזן זיך אויסשעכטן נאָר אָן אַ ווידערשטאַנד?...

קיין פֿאָרשלאָג איז ניט געשטעלט געוואָרן צו אָפּשטימונג, און די פֿראַגע איז פֿאָרמעל געבליבן אָפֿן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך אין אַ נומער „גלאָק“ (אומלעגאַלער אָרגאַן פֿון אונזער וואַרשעווער קאָמיטעט, אום זומער און האַרבסט 1906, אינגאַנצן אַרויס דריי נומערן) אונטערן נאָמען לוי אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אין וועלכן איך האָב מיט אייניקע פֿאָרבאַהאַלטונגען פֿאַרטיידיקט מיין צווייטן פֿאָרשלאָג. קיינער האָט זיך אויף מיין אַרטיקל ניט אָפּגערופֿן: דער סעדלעצער פּאָגראָם איז געווען דער לעצטער אין יענעם פּעריאָד, און די גאַנצע פֿראַגע האָט באַלד אויפֿגעהערט צו זיין אַקטועל. אויף וויפֿל איך געדענק, האָבן אין 1906 ענלעכע פֿאָרשלאָגן זיך אויך באַהאַנדלט ביי די פּועלי-ציון; צי איז פֿאַראַן עפּעס וועגן דעם אין זייער פּרעסע פֿון יענער צייט, ווייס איך ניט.

דאָ ניט לאַנג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער פֿאָרשלאָג, וואָס איז אַרויפֿגעשוואומען אויף דער אויבנדערמאָנטער באַראַטונג, איז שוין אין בונד ניט געווען קיין נייס. גלייך נאָך קישינעווער פּאָגראָם— איך בין דעמאָלט געווען פֿאַרשיקט אין יאַקוטער געגנט, אָפּגעריסן פֿון דער באַוועגונג — בעת די מוחות זיינען געווען שטאַרק צערודערט, האָבן אַ סך פֿון אונזערע טוער זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנקען צו ענטפֿערן אויף אַ פּאָגראָם מיט אַן אויפֿרייס. באַזונדערס שטאַרק האָט דעמאָלט אַגיטירט פֿאַר דעם דאָזיקן פּלאַן דער חבר שלום לעווין. (אַן איינבינדער, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ געהיימער דרוקעריי פֿון בונד. איצט איז ער אין ניו-יאָרק אַ קאָמוניסט).

דער חבר פֿראַניץ — דער לעבעדיקער זכרון פֿון בונד — האָט מיר דערציילט, אַז סוף 1905 האָט ער באַקומען אַ פֿאַראָרדענונג פֿון ווילנע צו באַשטעלן אין בערלין אַ גרעסערן סכום דינאַמיט און וואַרטן ביז ער וועט באַקומען אַן אָנווייזונג, ווי עס אַריבערצוטראַנספּאָרטירן קיין רוסלאַנד. ח' פֿראַניץ האָט די דינאַמיט באַשטעלט; אָבער עס זיינען אַריבער וואָכן און חדשים און פֿון ווילנע האָט מען די באַשטעלונג ניט געפֿאָדערט, אַזוי, אַז פֿון דער גאַנצער מעשה איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. ח' פֿראַניץ געדענקט ניט גענוי, פֿון וועמען ער האָט די פֿאַראָרדענונג באַקומען; ער רעכנט, אַז פֿון

דער גרופּע מ״ם — אַ ספּעציעלע גרופּע וואָס דער צ. ק. האָט נאָך דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט אָרגאַניזירט אויף צו פאַרזאָרגן אונזערע אָרגאַניזאַציעס מיט געווער און צו אינסטרויִרן אונזערע באַוואָפנטע שלאָג־גרופּעס (ב.אָ.). פאַרוואָס מ״ם? אין אָט דעם נאָמען איז געלעגן אַ דאָפּלטע קאָנספּיראַציע: געווער האָט מען אַ נאָמען געגעבן אֵש־פייער און, כּדי די זאַך נאָכמער צו פאַרבאָרגן, האָט מען פון פייער געמאַכט וואַסער — מ״ם. ח׳ פראַניץ האָט דעמאָלט ניט געוואוסט, צו וואָס מ׳האָט געדאַרפט אַזוי פיל דינאַמיט. איצט מיינט ער, אפשר האָט מען עס געדאַרפט פאַר אונזער זעלבסטשוץ: דאָס איז דאָך געווען נאָך די בלוטיקע פּאָגראָמען פון סוף אָקטאָבער און אָנהייב נאָוועמבער. אָבער דער חבר פראַניץ אַליין רעכנט, אַז גיכער ווי אַלץ האָט מען באַשטעלט די דינאַמיט, ווייל מ׳האָט אויסגערעכנט אויף אַן אויפשטאַנד: דאָס איז געווען האַרט פאַרן דעצעמבער־אויפשטאַנד אין מאָסקווע. שפּעטער, ווען עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די פּערספּעקטיוו פון אויפשטאַנד רוקט זיך אָפּ אויף לאַנג, האָט מען די באַשטעלונג שוין ניט געדאַרפט.

עלטערע חברים, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען ביים רודער פון דער באַוועגונג האָבן וועגן דעם געדאַרפט וויסן גענוי; אָבער ווען מ׳פרעגט עמעצן ענטפערט ער: ווער קאָן עס אַלץ געדענקען?... און אין דער אמתן. אין יענע וואָכן זיינען געווען אַזוי פיל גע־שעענישן, דער קאָפּ איז געווען איבערפולט מיט איינדרוקן און איינ־האַלטן אַלץ אין זכרון איז זייער שווער.

איך האָב עס געפונען פאַר נייטיק צו פאַרצייכענען, ווייל עס האָט אַ געוויסן אינטערעס פאַר די שטימונגען פון יענער צייט. אפשר ווייס עמעצער מערער, זאָל ער זיך אָפּרופן.

---

# אין די פינסטערע יאָרן

I.

1908 — 1911 זיינען געווען יאָרן פון חושך. פון דרויסן איז די רעאַקציע געהאָנגען איבערן קאָפּ, ווי אַ שווערע כמאַרע. אינעווייניק איז געווען גרוי, פויל און זומפּיק.

סוף 1906 און אָנהייב 1907 האָט נאָך דער בונד געבליט. אַ גאַנץ זומער 1907 האָט מען אין אַלע אונזערע אָרגאַניזאַציעס גערעדט וועגן אַ קריזיס; מען האָט דיסקוטירט, געזוכט די סיבות. אין 1908 איז שוין כמעט ניט געווען, ווער עס זאָל ריידן וועגן דעם קריזיס. די אָרגאַניזאַציעס זיינען איינע נאָך דער אַנדערער צעפאַלן אָדער איינגעשלאָפן אַ טיפן ווינטער־שלאָף.

אין 1906 האָבן מיר געהאַט אַזוי פיל אינטעליגענטן, אַקטיווע פּאַרטיי־טוער, מיטלויפער און נאָכשלעפער. אין 1907 האָבן זיי אָנגעהויבן צעלויפן, און אין 1908 זיינען זיי ווי אויסגערונען געוואָרן. אַרום אונז איז געבליבן אַ ליידיק אָרט. אַפריער זיינען אַוועק די מיטלויפער און נאָכשלעפער. בעת מיר האָבן נאָך געפירט לאַנגע דיסקוסיעס, צי איז די רעוואָלוציע געענדיקט אָדער ניט, האָבן זיי שוין דערשמעקט די קאָנטר־רעוואָלוציע. זיי האַלטן דאָך שטענדיק די נאָז נאָכן ווינט. זיי זיינען געווען מיט אונז, ווייל זיי האָבן געהאָפט, אַז מיר וועלן מיט איין קלאַפּ ברענגען פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג. און איצט האָבן זיי אויף אונז געקוקט ווי אויף בעלי־חובות, וואָס האָבן ניט מיט וואָס צו צאָלן, ווי אויף אַ באַנקראָט. מיר האָבן ביי זיי פאַרלאָרן דעם שטראַלן־קראַנץ: מיר זיינען געווען שולדיק אין אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטראָפן... אַנדערע זיינען געקומען צו אונז, ווייל מיר זיינען געווען אין דער מאָדע; געווען „אינטערעסאַנט“. איצט זיינען מיר געוואָרן אויס מאָדע, דער אינטערעס איז אַראָפּ. און

די זעלביקע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך אַקאָרשט געהאַלטן פֿאַרן גרעסטן כּבֿוד צו האָבן וועלכע עס איז מגע ומשא מיט אַ רעוואָלוציאָנער, האָבן זיך פֿלוצלונג אָפּגעקערט פֿון אונז, גענומען אונז אויסמייַדן. אַקאָרשט ערשט האָט מען זיך געפֿלייסט נאָכמאַכן אַלע תּנועות פֿונם פּאַרטיי־מאַן. פּלוצלונג האָט מען דעם פּאַרטיי־מאַן אָנגעהויבן פֿיינט האָבן, מאַכן חוזק פֿון אים, בריקען אים מיטן פֿוס, ווי אַ געפֿאַלענעם. די מאָדע האָט זיך געביטן; דער אינטערעס איז אַוועק אַנדערשוואו. אין דער מאָדע איז געווען „סאַנין“, אַרומגעזוימט מיט אַ קאָנאַקעדיקער נאַציאָנאַליסטישער פּראַזע, מיט אונטערשלאַק פֿון געקינצלטער חסידות. דער אינטערעס איז אַוועק אין צירק, אין דער אָפּערעטע, און דער עיקר אויף תּכלית, קאַריערע.

שפּעטער אַ ביסל האָבן אָנגעהויבן שיטער ווערן די רייען פֿון די אַקטיווע טוער. די נייע, די יונגע, וואָס זיינען געקומען אין דער צייט פֿון שטורעם, — זיי זיינען צום ערשטן אַוועק. בעת ביי אונז איז געווען פֿריילעך, ליכט האָבן געברענט און קלעזמער האָבן געשפּילט, זיינען זיי געקומען אויף חתונה. ווי נאָר די מוזיק איז אַנטשוויגן געוואָרן און די ליכט האָבן זיך גענומען לעשן, האָבן זיי זיך גענומען איילן אַהיים, אין זייערע שפּעלטעלעך. געווען צווישן די העלדן אויף אַ מינוט אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צו דער גרויער אַלטעגלעכקייט מיט ווייטאָג, מיט אַ טיפֿער בענקעניש. און אין אַ ווינקל פֿון זייער נשמה האָבן זיי ביזן סוף לעבן באַהאַלטן אַ פֿונק שטאָלץ אויף דעם, וואָס זיי איז אויך באַשערט געווען אַריינצושרייבן אַ טויזנט־חלק פֿון אַ פּינטעלע אין דער ליכטיקער געשיכטע פֿון מענטשן־באַפֿרייאונג. דאָס רובֿ האָבן זייער נעכטן אינגאַנצן פֿאַרגעסן און זיינען געוואָרן דורכאויס יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר.

דערנאָך האָבן גענומען אַוועקגיין אַלטע טוער, מענטשן וואָס האָבן אָפּגעגעבן דער באַוועגונג זייער גאַנצע יוגנט און אַ טייל פֿון די מיטעלע יאָרן. דאָס איז געווען אַ טראַגעדיע. מענטשן זיינען געווען מיד און צעבראָכן. דער שווערער וועג האָט ביי זיי אויסגעשעפּט די לעצטע כּוחות, דאָס לעצטע ביסל מוט. און ווען עס איז געקומען אַ נייע, שווערע צייט, ווען פֿאָראויס האָט זיך געזען אַ לאַנגער, שווערער וועג, האָבן זיי זיך אָפּגעשראָקן, זיינען זיי

אָפּגעטראָטן. אין האַרצן האָבן זיי געוויינט אויף זיך אַליין. זיי האָבן זיך שולדיק געמאַכט; פאַרשאָלטן די פאַרפלוכטע באַדינגונגען, וועלכע צווינגען אַרויף אויפן שלאַכט־פעלד אין די פריע נאָך כמעט־קינדישע יאָרן, ווען אין אַנדערע, גליקלעכערע לענדער קלערט מען נאָר וועגן לערנען און שפּילן; די שווערע באַדינגונגען, ביי וועלכע יעדער שריט איז מיט קרבנות פאַרבונדן, וועלכע מאַכן אַלט, אויסגעמאַטערט און אָפּגעלעבט פאַר דער צייט, ווען אַנדערשוואו הייבט מען ערשט אָן מיט פרישע כוחות פון דער יוגנט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטראָגן זייער ווייטאָג אין דער שטיל. אַנדערע האָבן געבויט טעאָריעס צו פאַרענטפערן זיך פאַר חברים און פאַר זייער אייגענעם געוויסן. איינער אַזעלכער האָט אָנגעווענדט אַלע כוחות צו דערהויזן, אַז אויב „איר טוט נאָך עפּעס" גייט איר קעגן מאַרקסיזם. „די באַדינגונגען פון דער אַנטוויקלונג זיינען איצט קעגן אונז, מוזן מיר דערוויייל" אַוועק". אַ צווייטער האָט געטענהט: „כל־זמן עס וועט ניט אויסשטאַרבן דער גאַנצער אַלטער דור, וואָס האָט געזען די ערשטע רעוואָלוציע, איז נישטאָ וואָס צו קלערן וועגן אַ צווייטער". אַ דריטער האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט בכלל אַ טעות געהאַט: דער פּראָלעטאַריאַט איז ניט זיין קלאַס; און זיין אַ ווייסער ראָב און אָנפירן אַ פרעמדן קלאַסן־קאַמף, דערויף איז ער ניט פעיִק. איינע האָבן אונז געוואָרנט: יידישע רעוואָלוציאָנערן טאָרן זיך ניט רוקן. זיי דאַרפן וואַרטן, ביז דער גוי וועט ווערן אַ רעוואָלוציאָנער, ווען ניט, וועלן זיין פּאָגראָמען. אָנדערע האָבן זיך פאַרענטפערט: דער פּראָלעטאַריאַט איז דאָך מער ניט, ווי אַ טייל פון פאָלק... מען דאַרף עפּעס טאָן פאַרן גאַנצן. אין דער אמתן האָבן זיי פאַר קיינעם ניט געטאָן, ניט פאַרן טייל, ניט פאַרן גאַנצן. נאָר אַ תירוץ האָבן זיי געפונען און מער האָבן זיי דאָך ניט געדאַרפט. אייניקע זיינען אַוועק אין לעגאַלע קולטור־אַרבעט. אָבער אַזוי ווי די לעגאַלע מעגלעכקייטן אויף דער יידישער גאַס זיינען געווען קליין, און פון אַ לעגאַלער חברה האָט מען אַמאָל געקאָנט אַריינפאַלן אין נאָך אַ לעגאַלער טורמע, האָבן זיי דאָס רוב נאָר גערעדט וועגן קולטור־אַרבעט, געטאָן האָבן זיי ווייניק. און אַזוי ווי די קולטור־חברות זיינען שטענדיק געשטאַנען אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט פון דער פּאָ־

ליציי, און פּאַר אַ ליאַדע האָר האָט מען זיי געקאָנט פּאַרמאַכן,
איז געוואָרן אַ טענדענץ צו „היטן די געזעלשאַפטן", ניט דערלאָזן
צו זיי חלילה קיין ווינטעלע פון סאָציאַליזם, קיין זכר פון רעוואָלוציע,
נאָר ריינע „קולטור", נאָר „זאָג מיר, דו שיין מיידעלע", און „אַמאָל
איז געווען אַ מלך"... דאָס רוב פון די „געוועזענע" זיינען אין
די קולטור־חברות אויך ניט געגאַנגען. זיי האָבן זיך בכלל באַהאַלטן.

אָבער צווישן די „געוועזענע" זיינען געווען אויך אַ סך ציניקער,
וואָס האָבן חרטה געהאַט אויף זייער נעכטן, וואָס האָבן אַליין באַשפּיגן
די שענסטע מינוטן פון זייער לעבן. איצט האָבן זיי אַזוי ווי געוואָלט
אַריינכאַפּן און אָפּטאָן אַלץ דאָס קליינלעכע און נידעריקע, וואָס
זיי האָבן אין יענע שיינע יאָרן דורכגעלאָזן. איצט האָבן זיי זיך גע־
איילט מיט באַזונדערן אימפּעט צו ווערן וואָס מיאוסער, וואָס אָפּ־
שיילעכער, כדי צו מאַכן פאַרגעסן, אַז זיי זיינען נעכטן אַנדערע
געווען. אויף יעדן טריט און שריט האָט איר אין יענע יאָרן גע־
טראָפן קריכן די העלדן פון ציניזם, וועלכע האָבן געשריען, אַז
זיי זיינען קרבנות פון דער מאַסע, אַז צוליב די „היהקעס מיט די
שרהקעס" האָבן זיי זייער לעבן אויסגעבראַכט, אַז „די גאַנצע מעשה
האָט זיי ניט געלוינט". אויף די וואָס זיינען געבליבן, אויף די
וואָס האָבן נאָך עפּעס געטאָן, האָבן זיי געקוקט ווי אויף שונאים,
ווי אויף אַ לעבעדיקן פאָרוואורף, און די גרעסטע שמחה איז ביי
זיי געווען, ווען זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי האָבן געפונען אַ גע־
לעגנהייט אַזעלכן איינעם אַראָפּצוואַרפן, צו באַשיטן זיין נאָמען מיט
שמוץ. די גרעסטע שמחה איז ביי זיי געווען צו מאַכן אַש און
רויך פון דעם, וואָס ביי אַנדערע איז הייליק, וואָס איז נאָך ניט
לאַנג צוריק ביי זיי אַליין הייליק געווען. מיט אַ באַזונדערער בייזער
הנאה האָבן זיי פאַרברענט דאָס, צו וואָס זיי האָבן זיך נעכטן גע־
בוקט, און געטראָטן די אַש מיט די פיס. אַזאַ איינער איז שטענדיק
געווען אין איין ציטערניש, טאָמער וועט מען אים דערמאָנען דאָס,
וואָס איז געווען. ער האָט זיך געטרייסלט מער ווי אַ ייד פון
אַ גאַנץ יאָר. ער האָט זיך פאַרבאָטן דאָס, וואָס פאַר אַנדערע איז
געווען ערלויבט: „איר ווייסט דאָך... אַמאָל... מיר קאָן שאַטן"....
און האָט אים גאָט געהאָלפן צו ווערן אַ שטיקל באַלעבאָס אָדער

עפּעס אַ קעפּל איבער אַרבעטער, האָט ער זיך דערווייטערט פון די, וואָס זיינען אים אַמאָל נאָענט געווען, ווי פון פייער. זיי קאָנען דאָך נאָך אים פון אַמאָל... חברים וועלן ניט האָבן קיין דרך־ארץ... פלעגט ער נעמען דווקא אַזעלכע, וואָס וועלן פאַר אים שטיין אָן אַ היטל, פלעגט ער בכלל זען פּטור צו ווערן פון יידישע אַרבעטער... צו גרויסע יחסנים... ווייסן ניט ווער עלטער און ווער יינגער... פלעגט ער זיך האַלטן מיט זיינע אָנגעשטעלטע ערגער, ווי די וואָס זיינען קיינמאָל גאָרנישט געווען. ווער אים אַ פאַראיין, וואָס אים אַן אָרגאַניזאַציע... דאָס איז פאַר אַנדערע, ניט פאַר אים; ער ווייס, ווי מיט די דאָזיקע צו ריידן... ער וועט זיי באַווייזן...

איינער אַזאַ „געוועזענער“, וואָס האָט נאָך דער צווייטער רעוואָלוציע אויף אַ ווײַלע ווידער אָנגעהויבן שמייכלען צו אונז, האָט מיר זומער 1917 געזאָגט: „וואָס קוקט איר אַזוי קרום אויף מיר? מאַלע וואָס עס איז געווען... דעמאָלט זיינען אַלע געווען שרעקעדיקע האָזן... האָב איך אויך געהאַט פּחד. די צייט איז געווען אַזעלכע“... ווען עס וואָלט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן פּחד, וואָלט געווען אַ האַלבע צרה. אַ ציניקער איז דאָך אַ סך ערגער ווי אַ פּחדן. אין יענע טרויעריקע יאָרן האָט זייער צינישער געלעכטער פאַרסמט די לופט. אין יענער פינסטערער נאַכט האָבן זיי, ווי כת־ליצנים, זייער שדים־טאַנץ געפּראַוועט.

אין יוני 1908 בין איך אַרויס פון לוקישקער טורמע אין ווילנע און איך האָב אויף דער פרײַ געפונען אַ גאַנצע איבערקערעניש. דוכט זיך, די זעלביקע סביבה פון חברים, וואָס מיט אַכט חדשים צוריק, און דאָך אַ פרעמדע וועלט. איינער אַן אַלטער גאָר אַ נאָענטער חבר, פון די ערשטע, וועלכער איז אין זיין לעבן אין טורמעס געזעסן און אין ווייטן סיביר געווען, איז פאַריקן ווינטער אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אין לוקישקעס. איך פרעג זיך נאָך אויף אים און מ׳דערציילט מיר, אַז נאָכדעם, ווי ער איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער זיך אויפגעהערט באַגעגענען מיט אונזערע, און ווען חבר ליבער איז אַמאָל צו אים געקומען, האָט אים זיין ווייב — אויך אַן אַלטע חברטע, — ניט אַרייַנגעלאָזן.

נאָך מיט אַ יאָר פריער, ווען די פינאַנציעלע לאַגע פון בונד,

האָט געהאַלטן שמאָל, די פּאַרטיי־פּראָפֿעסיאָנאַלן האָבֿן ניט באַקומען קיין שכירות, און עס האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ גליק, ווען עס האָט זיך איינגעגעבֿן אויסצובעטן בײַם פּאַרטיי־קאַסיר 50 קאָפּיקעס אָדער אַ רובל אויף דאָס נייטיקסטע — האָט אַ חברטע, אַ ווײַב פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנאַל, געגעבֿן דעם לאָזונג: דער שיף טרינקט זיך — ראַטעוועט זיך, ווער עס קאָן!... איצט האָט זיך די פּאַרטיי־אינטעליגענץ אַ וואָרף געטאָן אויף שטעלעס, אויף שטונדן. מ'האָט אויסגענוצט אַלטע פֿאַרבינדונג, וואו עס איז נאָר געווען אַ שטיקל פּראָטעקציע. אייגנטלעך האָט מען זיי ניט געקענט פֿאַרדענקען: לעבֿן מוז מען דאָך. אָבֿער מ'האָט דערבײַ אַרויסגעוויזן שוין צופֿיל אימפּעט. אַלע געדאַנקען זײַנען געווען קאָנצענטרירט אויף דער יאָגעניש נאָך פֿאַרדינסט, נאָך אַ גוט לעבֿן.

דער אינטערעס צו פּאָליטישע פֿראַגן איז אָפּגעשטאָרבֿן. אַרבעטער־לידער זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן. אין דער מאָדע זײַנען אַרײַן יידישע פֿאָלקסלידער. און אַזוי ווי קיין גרויסע מבֿינים אין דעם דאָזיקן ענין איז מען ניט געווען, האָט מען גענומען אַ מאַכערייקע פֿון דער יידישער אָפּערעטע און געקרוינט פֿאַר אַ פֿאָלקס־ליד; אַ משׂכּילישע פּאַראָדיע אויף חסידים האָט מען אָנגענומען פֿאַר אַן עכט חסידיש ליד. נאָר וואָס מאַכט עס אויס, אַבי מקיים זײַן די מצווה פֿון פֿאָלקס־ליד. אין יענער צײַט איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו פֿאַרברענגען אַן אָוונט אין סוועניציאַן לעבֿן ווילנע. נאָכן רעפֿעראַט, אויף דער ליאַמע, האָבֿן מיר אַלע געבעטן, איך זאָל דערציילן „וואָס הערט זיך". זאָגט מיר אַ יונגער אינטעליגענט, וועלכער איז אין 1906 געווען אַ מיטגליד פֿון אונזער קאָמיטעט: דערציילט, וואָס פֿאַר אַ לידער מ'זינגט בײַ אײַך אין די גרויסע שטעט, וועל איך וויסן, וואָס דאָרטן טוט זיך...

איך האָבֿ זיך געדרייט איבער די זומער־וואָוינונגען פֿון אַנטאָקאָל, וואו עס האָבֿן געוואוינט אַזוי פֿיל ווײַטע און נאָענטע חברים, און איך האָבֿ געהונגערט, ניט געהאַט וואו צו נעכטיקן. אָט וואוינען חברים, מיט וועלכע מיר פֿלעגן מיט אַ יאָר צוויי צוריק אָפּט נעכטיקן זאַלבעדריט אָדער זאַלבעפֿערט אין איין צימער, מענער און פֿרויען; און האָט זיך אַ מאַנספּאַרשוין געדאַרפֿט אָנ־

טאָן צי אויסטאָן, האָט ער געזאָגט צו די פֿרויען: חברטעס, קערט זיך אויף אַ ווײלע אָפּ מיטן פּנים צו דער וואַנט!... און אַזוי פֿלעגן אויך טאָן די פֿרויען. איצט זאָגט מען מיר: מיר האָבן ניט מער, ווי איין צימער... און מיט צוויי יאָר צוריק איז מען געווען ניט אין ערך צניעותדיקער, ווי איצט, בעת די אויסגעלאַסנקייט איז געוואַקסן פֿון טאָג. איך פֿלעג נעכטיקן אויף אַ ווערענדע, אַמאָל ביי אַ חבר, וואָס האָט זיך נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעוועבט. אָט איז מיינער אַ נאָענטער חבר. ניט לאַנג נאָך איז ער געווען אַ פּראָפֿעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער און מ'האָט אים גערופֿן וולאַדיסלאַוו. אין יענעם זומער, וועגן וועלכן איך דערצייל, איז ער געווען אַ לערער פֿאַר עקסטערניקעס און ער האָט שוין געהייסן גריגאָרי יעפֿימאָוויטש. פֿון דער באַוועגונג האָט ער זיך דערווייטערט, נאָר מיט חברים באַגעגנט ער זיך, איז סענטימענטאַל צו די זכרונות פֿון נעכטן און טרוקן צו אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום היינט. אין 18—1917 איז ער ווידער געוואָרן אַקטיוו אין בונד אויף אוקראַינע. אין 1920 בעת די לאַגע פֿון בונד איז אין סאָוועט-רוסלאַנד געוואָרן אוממעגלעך שווער, האָט ער זיך ביסלעכווייז אָפּגערוקט, ביז ער האָט זיך לעצטנס באַרויִקט אין מאָסקווע אויף אַ גוט-באַצאָלטער שטעלע אין אַן אָרגאַניזאַציע פֿון דער יידישער אינטערנאַציאָנאַלער פֿילאַנטראָפּיע. זומער 1908 האָט ער געוואוינט אין ווילנע אויף אַנטאָקאָל, פֿאַרנומען אַליין אַ גערוימען צימער, זיך אָנגעהויבן פּוצן, געבן זיך „ווִיגאָדע", היטן דאָס געזונט. אויף די זומער-וואוינונגען פֿלעגן אָפֿט פֿאַרקומען פֿאַרשיידענע שפּילערייען. די נעכטיקע אַרבעטער-טוער האָבן זיך געפּלייסט אין לויפֿעניש, איבעריאָגעניש, אין פֿאַנטן; דאָס אַלץ האָט געטראָגן אַ טראַגי-קאָמישן כאַראַקטער. דערוואַקסענע מענטשן, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אַ שווערע שול פֿון דער רעוואָלוציע, האָבן זיך באַגאָסן מיט שוויים צו מאַכן קינדיש און עס איז זיי ניט געלונגען; עס איז אַרויסגעקומען געמלאָכהט. אויף אַנטאָקאָל פֿלעגן אַמאָל פֿאַרבלאָנדזשען אַ פּאָר אַקטיווע חברים, וואָס האָבן אין יענעם זומער אָנגעפֿירט דעם אַלגעמיינעם שטרייק פֿון די זאָקנאַרבעטערקעס. זיי פֿלעגן זיך אַרומדרייען פֿאַריתומטע אינם אַרומיקן טומל. צוקוקנדיק זיך צו אַ שפּיל אין לויפֿעניש. האָט מיר איינער פֿון

זיי געזאָגט מיט פּאַרדרוס: זעסט, די זקנים האָרעווען נעבעך... אפשר אַרויסרופן בײַ זיי אַ שטרייק?... גריגאָרי יעפּימאָוויטש איז געווען אַ הייסער אָנטיילנעמער, אַפילו אַן איניציאַטאָר פון אַזעלכע מינים שפּילערייען; ער האָט אין זיי אַרײַנגעלייגט די זעלביקע אַמביציע, וואָס פריער אין באַוועגונג. איך בין מיט אים געווען גוטע פרײַנד, אָבער איבערנעכטיקן בײַ זיך האָט ער מיר ניט געלאָזן: ער קאָן אָרגאַניש ניט נעכטיקן זאַלבעצווייט אין איין צימער... אַז מ׳זאָגט אָרגאַניש, איז דאָך ניט שייך. קומט צו פאָרן קיין ווילנע חבר ב. מיכאַלעוויטש, אַ מיטגליד פון צ. ק., אַן אַרומפאָרנדיקער אָרגאַניזאַטאָר. וואָס טוט מען מיטן נעכטיקן? קיין געלט אויף אַ האָטעל איז ניטאָ. שלאָפן אויף דער וועראַנדע — האָט ער שוואַכע לונגען, און דער אָוונט איז אַ רעגנדיקער. איז ער אַרײַן צו גריגאָרי יעפּימאָוויטשן: איך וועל בײַ אײַך נעכטיקן... מאַכט יענער אַ זויערן פּנים: אָבער איר ווייסט, מײַן געזונט... אָרגאַניש אוממעגלעך... איז חבר בײַנוש אין כּעס געוואָרן: הערט, פּאַן חבר וולאַדיסלאַוו, איך קאָן אויפן גאַס ניט שלאָפן, און איך וועל בײַ אײַך נעכטיקן, ווען איר וועט אַפילו אָרגאַניש צעזעצט ווערן. איבעריקנס האָט איר אַ ברירה: וואַרפט מיך אַרויס מיטן סטרוזש אָדער גייט אַליין אַוועק פון שטוב... און ער האָט גענעכטיקט...

איך האָב געהאַט באַקאַנטע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, נעכטיקע פירער פון זייער פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אייניקע פון זיי האָבן זיך שוין דעמאָלט אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן וואָיאַזשאָרן, קאָמיסיאָנערן. שפּעטער אַ ביסל זײַנען זיי פון אונז אינגאַנצן אַוועק. אָנגעהויבן זוכן רײַכע כּלות, כּדי אַרײַנצולייגן דעם נדן אין געשעפט. יענעם זומער זײַנען זיי נאָך געווען אייגענע מענטשן און איך פלעג זיך מיט זיי אַמאָל באַגעגענען. זיי האָבן מיר געקאָנט געבן אַ זשיראָ, איך זאָל אין קליין־קרעדיט־באַנק באַקומען אַ הלוואה אויף 25 רובל. קיינער פון זיי האָט עס ניט געטאָן. דער צ. ק. איז געווען אָן געלט. אַבראַמאָוויטש איז געוואָרן אַ לערער פון געשיכטע אין דער רוסיש־יידישער גימנאַזיע פון אַנטאָקאָלסקי־גורעוויטש. ליבער האָט געזוכט שטונדן און ער האָט זיי ווייניק געפונען. סוף־כּל־סוף, שוין אין האַרבסט, האָט מיר דער צ. ק. אויסגעליען 15 רובל. ריוועלע די הוטנפוצערקע,

אַ חברטע, וועלכע איז געווען פֿאַר אירע באַקאַנטע אַרבעטער-טוער
אַ זאָרגפֿעלטיקע ניאַנקע, האָט מיר געקראָגן אַ האַלב טונקעלן קע=
מערל בײַ אַ קראָם פֿון פּרויען-היט אויף סטעפּן גאַס. דערווײַל
איז אונטערגעקומען דאָס וואָכנבלאַט „דער טאָג אויף שבת״ און
דערנאָך דער „פֿרײַנד״ און די הונגעריקע חדשים האָבן זיך פֿאַר
מיר דעם מאָל געענדיקט. וועגן דעם וואָכנבלאַט מיטן משונהדיקן
נאָמען און וועגן דער קורצער צײַט, וואָס איך האָב רעדאַגירט דעם
פּעטערבורגער „פֿרײַנד״ האָף איך צו שרײַבן בײַ אַן אַנדער גע=
לעגנהייט.

זומער 1908 איז אַרויס דאָס פֿערטע און לעצטע ביכל „לי=
טעראַרישע מאָנאַטסשריפֿטן״. אויף דעם דאָזיקן זשורנאַל האָט מען
איין צײַט בײַ אונדז געקוקט, ווי אויף אַן אָנהייב פֿון אַ נײַער עפּאָכע,
פֿונם יידישן קולטור-רענעסאַנס. ניט דאָ איז דאָס אָרט און עס
איז ניט מײַן אויפֿגאַבע אָפּצושאַצן די „מאָנאַטסשריפֿטן״ פֿון רײַן
ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט. איך וויל נאָר אָנווײַזן אויף זייער גע=
זעלשאַפֿטלעכע באַדײַטונג. שוין דער צונויפֿשטעל פֿון דער רע=
דאַקציע האָט אין יענער צײַט שאָקירט די חברים, וואָס זײַנען גע=
בליבן טרײַ דער באַוועגונג; די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פֿון אַ
געוועזענעם בונדיסט — א. ווײַטער, אַ געוועזענעם ס. ס. — ש.
ניגער און פֿונם ציוניסטישן בוימלדיק-זיסן עסטעטיקער שמריהו האָ=
רעליק. דאָס האָט געזאָלט באַדײַטן אומפּאַרטייִשקייט, איבערפּאַרטייִש=
קייט, אַנטוישונג אין פּאַרטייען. די דעקלאַראַציע פֿונם נײַעם זשור=
נאַל איז געווען צונויפֿגעשטעלט אין הויכע ניט-קלאָרע פֿראַזן. איר
אינהאַלט איז געווען: גרינגשעצונג צו פּאָליטיק; אויף די חורבות
פֿון פּאַרטייען און באַוועגונגען בליט אויף אַ יידישער קולטור-רענע=
סאַנס. קיין אַרטיקלען איבער געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן זײַנען אינם זשור=
נאַל גאָרניט געווען. דער לאָזונג איז געווען: קולטור לשם קולטור. די
אינטעליגענץ דאַרף זיך פּאַרטיפֿן אין זיך. ניגערס פֿאָרמול איז דעמאָלט
געווען: ניט טראָגן קולטור נאָר שאַפֿן קולטור. לאָגיש האָט די דאָזיקע
פֿאָרמול קיין זינען ניט געהאַט. אין קולטור קאָן מען ניט אָפּטיילן
דעם פּראָצעס פֿון שאַפֿן פֿונם פּראָצעס פֿון טראָגן: מ׳שאַפֿט טראָגנ=
דיק און מ׳טראָגט שאַפֿנדיק. היסטאָריש האָט ניגערס פֿאָרמול גע=

האָט אין זיך אַ פּאָזיטיווע זייט און אַ נעגאַטיווע. זי איז געווען אַ געזונטע רעאַקציע אויף דעם ביליגן שטאַנדפּונקט, אַז די יידישע ליטעראַטור איז נאָר אַ מיטל פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, ניט פֿאַר די שעפֿער גופֿא, ניט פֿאַר דער אינטעליגענץ, נאָר פֿאַר די אָרעמע מאַסן, וועלכע זיינען נאָך ליידער ניט דערוואַקסן צו דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור... אָבער אַזוי ווי ניגערס פֿאָרמול האָט אויפֿגעהויבן אויפֿן פּאָן בלויז דאָס שאַפֿן און האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויפֿן יחיד, האָט זי אָפּגעריסן די קולטור פֿון די מאַסן, פֿון איר באָדן און ניט שאַפֿנדיק קיין רעזאָנאַנס. אַזאַ טענדענץ איז אין אַלע צייטן שעדלעך; נאָך שעדלעכער איז זי אין אַ צייט פֿון רעאַקציע, ווען די אינטעליגענץ איז בכלל גענייגט צו אַנטלויפֿן פֿון די מאַסן. ש. ניגער, וועלכן מיר קענען איצט אַלס קריטיקער מיט אַ שטאַרקן חוש פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכקייט, איז אין יענער צייט געווען אַן עסטעטישער קריטיקער. און די אַלגעמיינע ריכטונג פֿון די „מאָנאַטסשריפֿטן“: קולטור לשם קולטור, אָפּגעריסן פֿון געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען און באַוועגונגען — דאָס איז דאָך אַ טענדענץ, וואָס ציט איר יניקה פֿון דער רעאַקציע און פֿון איר זייט פֿאַרשטאַרקט זי די רעאַקציע נאָך מערער.

אַרום די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפֿטן“ האָבן זיך געפֿירט דיסקוסיעס. די „געזעלשאַפֿטלער“ האָבן זיך אַרויסגעזאָגט שאַרף קעגן דער ריכטונג פֿונם דאָזיקן זשורנאַל. דוכט זיך, אין פֿרילינג יענעם יאָר איז אין ווילנער ליטעראַריש-דראַמאַטישער געזעלשאַפֿט פֿאָרגעקומען אַן אָפֿענע דיסקוסיע איבער דער פֿראַגע און ש. אַנ—סקי האָט זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן. אויסער אַ קליין הייפֿל אַסימילאַטאָריש-געשטימטע, זיינען כמעט אַלע „געוועזענע“ געשטאַנען פֿאַר די „מאָנאַטסשריפֿטן“. ניט אַזוי צוליב דער פּאָזיטיווער קולטור-אויפֿגאַבע פֿונם זשורנאַל, ווי צוליב זיין נעגאַטיווע שטעלונג צו פּאָליטיק און געזעלשאַפֿטלעכקייט. חוץ דעם האָבן די „געוועזענע“ געוואָלט ניט אַנדערש זיין מאָדערן און די ליטעראַרישע ריכטונג פֿון די „מאָנאַטסשריפֿטן“ האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פֿאַר מאָדערניסטיש. ווי ווייט דער עולם האָט דעמאָלט ניט געוואָלט וויסן פֿון

יעדן מין געזעלשאַפטלעכע פראַגן, קאָן באַווייזן דער פאָלגנדיקער פאַקט. אין האַרבסט פון יענעם יאָר איז אין אונזער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט געווען אַ שלום־עליכם־אָוונט: רעפעראַטן און רעציטאַציעס. די רעפערענטן זיינען געווען ש. ניגער און איך. איך האָב אין אָנהייב פון מיין רעפעראַט זיך געפרווט אָפּשטעלן ברייטער אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספערע אין רוסלאַנד בכלל און ביי יידן בפרט אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, בעת שלום־עליכם האָט געשטעלט זיינע ערשטע ליטעראַרישע טריט, אויף דער ווירקונג פון דער דאָזיקער אַטמאָספערע אויף זיין שע־פערישער פערזענלעכקייט. האָט מען מיך ניט געוואָלט הערן, מ'האָט גאַנץ הויך געשריען: גענוג, ווער דאַרף עס? און נאָר ווען איך האָב אָנגעהויבן פונאַנדערצוקלייבן די געשטאַלטן פון סטעמפעניו און רחלע, האָט זיך די אוידיטאָריע באַרויקט און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט.

די אַלטע אינטעליגענץ איז אַוועק. קיין יונגע איז ניט צו־געקומען. די יוגנט איז געווען אַריינגעטאָן מיטן קאָפּ און לייב און לעבן אין בוך, אין תכלית־זאַכן. טאַטע־מאַמע האָבן פון זיי נחת געקליבן... דאָס איז געווען אַ יוגנט מיט פאַרקילט בלוט פון זקנים. איך ווייס ניט, אויב אין די פאָר יאָר, פון 1908 ביז 1912 איז אין „בונד" אַריין אַ האַלבער צענדליק אינטעליגענטן. ערשט אין 1912 און 1913 האָבן זיך באַוויזן יונגע סטודענטן, וועלכע זיינען אין 1905 און 1906 נאָך געווען גימנאַזיסטן פון צווייטן און דריטן קלאַס, קינדער, וועלכע האָבן ניט איבערגעלעבט יענע שטורעמס, ניט יענע אַנטוישונגען. אין 1912 און 1913 האָבן זיי אין די גרויסע אוניווערסיטעט־שטעט שוין געפונען אַ נייע רעוואָלוציאָנערע שטימונג צווישן די אַרבעטער און צווישן דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, און דאָס האָט זיי געמאַכט פרישער, זאַפטיקער. אין די אוניווערסיטעט־שטעט פון דער שווייץ און פון דייטשלאַנד האָט זיך דעמאָלט צווישן אונזער שטודירדער יוגנט אויך באַוויזן אַ פרישערער גייסט, אַ גרע־סערער אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכע שטרעבונגען. קומענדיק אַהיים אויף וואַקאַציע, האָבן די יונגע סטודענטן אַריינגעבראַכט דעם נייעם גייסט צו די גימנאַזיסטן פון די לעצטע קלאַסן. ברייט איז די באַ־

וועגונג צווישן אונזער שטודירנדער יוגנט אין די צוויי יאָר וואָס פאַרן וועלט־קריג אויך ניט געווען. אָבער אין פאַרגלייך מיט די פינ־סטערע יאָרן, וואָס פריער, איז עס שוין געווען אַ שטיקל פּראָגרעס. אין 1914 האָב איך אין דווינסק שוין געטראָפן אַ קרייז פון יידישע גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט זעלבסט־בילדונג און זיינען געווען אַ ביסל פאַרבונדן מיט דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג. דער קרייז האָט מיר דערמאָנט די קרייזן פון שטודירנדער יוגנט, וואָס האָבן עקסיסטירט סוף די ניינציקער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט. מער ניט, וואָס דאָ האָט מען זיך מער אינטערעסירט מיט יידישע פראַגן. אין 1917 האָב איך צווישן אונזערע יונגע טוער באַגעגנט עטלעכע אַזעלכע, וואָס איך האָב זומער 1914 געטראָפן אין דווינסקער קרייז.

אַזאַ מין קרייז איז דעמאָלט אויך געווען אין וואַרשע. דער וואַרשעווער קרייז איז געווען אַ ביסל ברייטער און אַקטיווער פאַר דעם דווינסקער. ווייניק זיינען געווען אַזעלכע קרייזן. זאָלן דערמאָנט ווערן צו גוטן די ווייניקע, וואָס זיינען געווען.

אַ אינטערעסאַנטע ערשיינונג, וואָס מוז פאַרצייכנט ווערן. צו־זאַמען מיט נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען איז אין יענע יאָרן צווישן דער יידישער אינטעליגענטער יוגנט געוואַקסן די צאָל געטויפטע. אין 1905—1 איז די „פּראָצענט־נאָרמע“ געווים געווען ניט ווייניקער שטרענג, ווי אין 8—1912. אָבער דעמאָלט איז די יוגנט געווען פאַרכאַפּט פון אַ רעוואָלוציאָנערער אידעאַליסטישער שטימונג; יעדער איינער האָט געהאָפט, אַז מיט זיין טעטיקייט וועט ער העלפן לייזן די פראַגע פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע יידן און ממילא פאַר אים אַליין אויך. איצט, ווען די אַלגעמיינע לייזונג האָט זיך אָפּגערוקט, האָט יעדערער גענומען לייזן די פראַגע פאַר זיך אַליין; און אַזוי ווי דער אידעאַליזם איז אויסגעלאָשן געוואָרן און זיין אָרט האָבן פאַרנומען פּרינציפּלאָזיקייט און טרוקענער קאַריעריזם, איז שמד פון אַ זעלטענער איינצלהייט געוואָרן אַן אָפטערע ערשיינונג, איבער־הויפּט פאַרן אָנהייב פון לערניאָר, בעת יידישע יונגעלייט האָבן געקלאַפּט אין די פאַר זיי פאַרשלאָסענע טירן פון די אוניווערסיטעטן און טעכנאָלאָגישע אינסטיטוטן. ד. זאַסלאַווסקי (האָמונקולוס) האָט

די געטויפֿטע פֿון דעם מין אַ נאָמען געגעבֿן סעפּטעמבער־קריסטן. אַזוי ווי שמד איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל, איז די טעכניק דערפֿון פֿאַרפֿולקומט געוואָרן. איר האָט אַפֿילו אַליין ניט געדאַרפֿט דורכמאַכן די צערעמאָניע; מ׳האָט זיך געקענט טויפֿן און אַליין אַפֿילו דערבײַ ניט זײַן. אין פֿינלאַנד ניט ווייט פֿון פּעטערבורג איז געווען אַזאַ גלח, צו וועמען איר האָט געקאָנט אָפּשיקן אײַער יידישן פּאַספּאָרט, און בעת איר האָט אים באַקומען צוריק, זײַט איר שוין געווען אַ כשרער קריסט. יידן האָבן עס גערופֿן: טויפֿן דעם פּאַספּאָרט. פֿון אָדעס האָט מען געקאָנט אָפּשיקן דעם פּאַספּאָרט קיין אַקערמאַן; דאָרטן האָט געוואוינט אַן אַרמענישער גלח, וועלכער פֿלעגט אָן צערעמאָניעס אַריבערפֿירן די יונגע יידן אין אַרמענאָ־גרעגאָריאַנישן גלויבן. מײַן פֿרײַנד דער פֿאַרשטאָרבענער חבֿר פּאַוויעס־אַסטראָוו, האָט די דאָזיקע נײַע קריסטן אַ נאָמען געגעבֿן: אַרמענאָ־אַקערמאַנער.

אויף אַ יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר, וואָס איז זיך מקריבֿ צו קריגן פֿאַר זײַן זון אַ דיפּלאָם. האָט דער שמד שוין איצט ניט געוואָרפֿן קיין אימה, ווי אַמאָל. ער האָט אויף דעם, ווי אויף אַלץ אין דער וועלט, געקוקט פֿון ריין פּראַקטישן שטאַנדפּונקט: הלוואי זאָל מען עס ניט באַדאַרפֿן; אָבער ווען מ׳דאַרף יאָ, קאָן מען דאָך קיין נאַר ניט זײַן און איבערפֿירן אַ קינד די קאַריערע. וואָס זאָל מען טאָן — יידן זײַנען אין גלות... און דאָס, וואָס די עלטערן האָבן דערפֿון ניט געמאַכט קיין גרויסע טראַגעדיע, האָט געמאַכט לײַכטער פֿאַר די קינדער זיך צו באַשליסן: זיי האָבן פֿאַרשפּאָרט רײַסן מיט דער משפּחה, וואָס איז פֿאַר אַ סך פֿון דער יוגנט געווען דער שווערסטער אָפּהאַלט. צווישן די ציוניסטן און נאַציאָנאַליסטן זײַנען געווען אַ סך, וואָס האָבן די געטויפֿטע באָיקאָטירט. די טאָכטער פֿון אַ באַוואוסטן יידישן געלערנטן און הייסן נאַציאָנאַליסט האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסט; אָבער געטויפֿט האָט זי זיך ניט; אירע צוויי קינדער האָט זי ניט געטויפֿט און ניט געיידישט. שוין דעמאָלט האָבן פֿרײַנד און באַקאַנטע אָנגעהויבן זיך צו דערווײַטערן פֿון איר; צו באָיקאָט איז נאָך ניט דערגאַנגען. אָבער אָט זײַנען די קינדער קראַנק געוואָרן און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי האַלטן בײַם שטאַרבן.

איז צוגעשטאַנען די שוויגער: מ׳מוז און מ׳מוז די קינדער טויפֿן; ווען ניט, וואו וועט מען זיי מקבר זיין? ניט אויפֿן יידישן בית־עולם, ניט אויפֿן קריסטלעכן. די קינדער האָט מען געטויפֿט און גראָד זיינען זיי לעבן געבליבן. האָט מען אָנגעהויבן די יונגע מוטער צו באַיקאָטירן. דער פֿאָטער האָט מיט איר איבערגעריסן די באַציונגען, אַלע באַקאַנטע און פֿריינד אויך. זי איז געבליבן אָן שטונדן, אָן אַרבעט, מיט אַ קראַנקן מאַן און קראַנקע קינדער, און איז שיר פֿון הונגער ניט געשטאָרבן.

דערפֿאַר האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פֿאַר אַ גבורה פֿון אַ יונגנמאַן, ווען ער טויפֿט זיך ניט. איך ווייס למשל אַזאַ מעשה: אין 1913 איז איינער אַ יונגער ייד פֿון רוסלאַנד אָנגעקומען אין קעניגס־בערגער אוניווערסיטעט. האָט ער געבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו פֿון אַ באַקאַנטער ציוניסטישער פּערזענלעכקייט צו דעם קעניגס־בערגער יידישן סטודענטן־פֿאַראיין, און אין בריוו איז געשטאַנען אומגעפֿער אַזוי: דער מוכ״ז פֿאַרדינט אייער אויפֿמערקזאַמקייט און שטיצע. היינטיקע צייטן, ווען אַ יונגערמאַן וויל בעסער פֿאַרוואָגלט ווערן קיין אויסלאַנד און בלייבן אַ ייד, איידער זיך איבערוואַרפֿן און מאַכן לייכט אַ קאַריערע אין דער היים. איז עס אַ גרויסע זאַך...

ביי די בונדיסטן, אַפֿילו ביי די געוועזענע איז שמד געווען זייער אַ זעלטענע זאַך. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צוויי פֿאַלן. אומגעפֿער אין 1910 האָבן זיך אין באַקו־קאַווקאַז צוליב וואוינרעכט געטויפֿט אַ פּאָר פֿאָלק, וועלכע האָבן אַ סך יאָרן געשפּילט אַ חשובע ראָלע אין בונד. איך מיין טאַראַס (דוד קאַץ) און זיין ווייב מאַריאַ זשאַלוסקאַ — ביידע פֿון ווילנע. צוזאַמען מיט זיך האָבן זיי אָפּגעטונקט אין היי־ליקן וואַסער פֿון גלייכבאַרעכטיקונג אויך זייער פֿיר־יאָריק קינד. טאַראַס און מאַריאַ זיינען שוין דעמאָלט ביידע געווען ווייט פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. און אינטערעסאַנט: בעת טאַראַס האָט זיך געטויפֿט, איז ער געווען אַ מיטגליד פֿון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפֿט אין באַקו, דוכט זיך, אַפֿילו אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג.

און נאָך איין פֿאַל, זייער אַ כאַראַקטעריסטישער. מיינער אַ פֿריינד איז געקומען פֿון ה. קיין פּעטערבורג און האָט אָנגעהויבן

זוכן זײַנעם אַ לאַנדסמאַן און נאָענטן חבר, אַ סטודענט. אין אַדרעס־אָפּטײלונג האָט מען אים געזאָגט: אַזעלכער אָדער אַן ענלעכער איז פֿאַראַן און ער וואוינט דאָ און דאָ, אָבער ער הייסט ניט אַברהם, נאָר איוואַן און ער איז ניט קיין ייד, נאָר אַ פּראַוואָסלאַוונער. מײַן פֿרײַנד איז אַוועק לויט דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס און האָט געפֿונען דעם, וואָס ער האָט געזוכט. ווערט ער אויפֿגערעגט און פֿרעגט: ס'טײַטש, היתּכן? דו ביסט דאָך אַ בונדיסט און דערצו נאָך שטאַרק נאַציאָנאַל געשטימט... און פֿאַרוואָס האָסטו עס באַהאַלטן? האָט דער סטודענט אַפּריער געפּרוּווט לײַקענען שטיין און ביין: ס'איז אַ טעות, אַ מיספֿאַרשטענדעניש. דערנאָך האָט ער זיך מודה געווען: ער האָט זיך טאַקע געטױפֿט, אָבער נאָר אויף דערווײַלע, כּדי אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט; אַז ער וועט ענדיקן, וועט ער גלײַך ווידער ווערן אַ ייד. און צוליב דעם טאַקע און ווײַל ער קלערט ניט איבעררײַסן ניט מיט חברים, ניט מיט דער יידישער סביבה, האָט ער פֿון דער גאַנצער מעשה געמאַכט אַ שווײַג... לאָמיר אײַך זאָגן, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט געענדיקט און איז דאָך געבליבן אַ קריסט — כּדי צו ווערן אַ געשוואָרענער אַדוואָקאַט אָן באַגרענעצונגען און נאָר די מערץ־רעוואָלוציע פֿון 1917 מיט דער גלײַכבאַרעכטיקונג, וואָס זי האָט יידן געגעבן, האָט צוריק אומגעקערט צום יידישן פֿאָלק דעם דאָזיקן בן־יקיר. און אַזעלכע געהיימע קריסטן, אַזעלכע נײַ־מאָדנע „מאַראַנען” זײַנען דעמאָלט געווען מער, וויפֿל מ'קלערט.

ווי האָבן די בונדיסטן און אַנדערע סאָציאַליסטן זיך באַצויגן צו די געטױפֿטע? פֿאַרשטייט זיך, אַז גאָטס קריוודע האָבן מיר זיך ניט אָנגענומען. אָבער דער שמד איז געווען אַ סימפּטאָם פֿון דער רעאַקציע אויף דער יידישער גאַס און מיר האָבן מיט שרעק געקוקט אויף דעם זומפּ, אין וועלכן עס זינקט אונזער אינטעליגענץ. און עס האָט געעקלט פֿון די קאַריעריסטן, וואָס צוליב תּכלית מאַכן זיי די אמונה פֿאַר אַ געשעפֿט־זאַך און נעמען אָן אַ רעליגיע, אין וועלכע זיי גלויבן ניט. חוץ דעם, דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק איז דאָך געבליבן רעכטלאָז, האָט עס דאָך געהייסן, אַז די געטױפֿטע דעזערטירן — זיי אַנטלויפֿן פֿונם לאַגער פֿון געשלאָגענע און גייען

איבער אינם לאַגער פֿון די שלעגער, לויט אַן אַלטן אויסדרוק; אין אַ שפּראַך, וואָס איז אונז, רעוואָלוציאָנערן, געווען מער באַקאַנט, האָט עס געהייסן, אַז זיי גיבן אָן אַ פּראָשעניע נאַ וויסאָטשאַישעיע אימיאַ, בעטן גנאָד ביי דער קריסטלעכער קירך און זיינען זיך אָפֿן מתוודה, אַז ביז אַהער זיינען זיי געגאַנגען אויף אַ פֿאַלשן וועג, שפּייען עפֿנטלעך אויף זייער פֿאַרגאַנגענהייט. אויב איינער ווייזט אַרויס אַזאַ פּרינציפּלאָזיקייט, אַזאַ קאַריעריזם, איז ער פּאָליטיש געוויס ניט קיין זיכערער מענטש, און עס איז אים אוממעגלעך צו געטרויען. אַ סך פֿון אונז פֿלעגן ניט געבן די האַנט די געטויפֿטע. אַנדערע ווידער, איך וועל אָנרופֿן דעם זעלביקן ד. זאַסלאַווסקי, האָבן אין דעם געזען אַ שעדלעכע אומטאָלעראַנץ פֿון אונזער זייט, און קוקנדיק אויף די געטויפֿטע מיט אַ לייכטער איראָניע, האָבן זיי אויף אונז געקוקט מיט כּעס.

געווען אַזעלכע געטויפֿטע, וואָס האָבן פֿאַרזיכערט, אַז דער שמד האָט גאָרניט געביטן אין זייערע באַציונגען צום יידישן פֿאָלק: זיי זיינען קריסטן לויט רעליגיע, אָבער לויט נאַציע זיינען זיי און ווילן בלייבן יידן. פֿאַר דאָס רוב איז עס געווען מער ניט ווי אַ תּירוץ, אַ באַרעכטיקונג פֿאַר זיך און פֿאַר אַנדערע, אַ בריקל, וואָס מאַכט לייכטער דעם איבערגאַנג. עס זיינען אָבער געווען געציילטע געטויפֿטע, וואָס האָבן געפֿאָדערט, מ'זאָל זיי לאָזן זיין מיטגלידער פֿון יידישע קולטור־געזעלשאַפֿטן. מיר האָבן געוואוסט, אַז יידישע קריסטן אָדער קריסטלעכע יידן, אַלס עטוואָס אַ ברייטערע דערשיינונג, וואָלט מעגלעך געווען — אויב אַזאַ זאַך איז בכלל מעגלעך — נאָר ביי פֿולער גלייכבאַרעכטיקונג. ביי רעכטלאָזיקייט און באַגרענעצונגען, ווען אַ ייד טויפֿט זיך, נעמט ער געוויינלעך אָן אַלע מיטלען, ער זאָל וואָס מערער ענלעך זיין אויף אַ רוס, קיינער זאָל אין אים ניט דערקענען זיין יידישע אָפּשטאַמונג. וואָרים אויב ניט — למה זה אנוכי — צו וואָס האָט ער דעם גאַנצן עסק געדאַרפֿט? און די קינדער זיינע וועט ער געוויס האַלטן ווייט פֿון אַ יידישער ערציונג און פֿון אַ יידישער סביבה. אָננעמען די קריסטלעכע רעליגיע ביי אַזעלכע באַדינגונגען באַטייט פּאַקטיש גיכער אָדער לאַנגזאַמער אָננעמען די רוסישע נאַציע, אַלנפֿאַלס אַוועקגיין פֿון דער יידישער נאַציע. אָבער

דאָס אַלץ איז געערדט געוואָרן וועגן געטויפטע, אַלס ברייטערע ערשיינונג. ביי איינצלנע מענטשן איז אַמאָל מעגלעך אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע; און די אָנגעהעריקייט צו דער אָדער יענער נאַציע איז אַ זאַך, וואָס יעדער איינער דאַרף באַשטימען פאַר זיך אַליין. אין שטרייט מיט די ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן איז אונז געגאַנגען אום פּרינציפּ: וואָס זיינען יידן, אַ רעליגיעזע צי אַ וועלטלעכע נאַציע? זיי האָבן געהאַלטן, אַז פּרינציפּיעל קאָנען אין יידישע אינסטיטוציעס אַריינגעלאָזן ווערן נאָר אַזעלכע יידן, וואָס לפּחות לויט זייער מעטריקע געהערן זיי נאָך צו דער יידישער רעליגיע. מיר ווידער זיינען געשטאַנען דערפאַר, אַז אין די יידישע אינסטיטוציעס קאָן מען אַריינגעמען אויך געטויפטע, וועלכע באַשטימען זיך אַליין אַלס אָנגעהעריקע צו דער יידישער נאַציע. דער האָזיקער שטרייט איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, בעת עס האָט זיך געהאַנדלט אום אָנטייל אין די קהילות און אין 1917—אין די וואַלן צום געפּלאַנעוועטן יידישן צוזאַמענפאָר. און דאָ האָט די פראַגע געטראָגן שוין מער ניט, ווי אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער, זי האָט כמעט ניט געהאַט קיין שום פּראַקטישע באַדייטונג. איך ווייס ניט פון אַזאַ פאַל, ווען אַ געטויפטער זאָל, אַלס אַזעלכער, וועלן אַריין אין דער קהילה אָדער אָנטיילנעמען אין די וואַלן צום יידישן צוזאַמענפאָר. אויב אַזעלכע זיינען יאָ געווען, איז געוויס זייער צאָל געווען אַזוי נישטיק, אַז פּראַקטיש האָט אַפילו וועגן דעם ניט געלוינט צו ריידן. די „סעפּטעמבער־קריסטן" האָבן דאָך איצטער געהאַט פולע מעגלעכקייט זיך צו דערקלערן פאַר רעליגיאָנסלאָזע יידן. אָדער אַפילו פאַר אָנהענגער פון דער יידישער רעליגיע און דערביי ניט פאַרלירן דאָס מינדסטע פון זייערע רעכט. אָבער ווי געזאָגט, אונזער שטרייט איז געווען אַ פּרינציפּיעלער און האָט אָנגערירט די גרונט־פראַגע: אַ רעליגיעזע אָדער וועלטלעכע יידישקייט. , די פּועלי־ציון, ס. ס. און י. ס. זיינען געשטאַנען פאַר אַ וועלטלעכער יידישקייט, און דאָך זיינען זיי געווען קעגן אָנטייל פון געטויפטע אין די קהילות און אין די וואַלן צום יידישן צוזאַמענפאָר. אויף וויפל איך געדענק, האָבן זיי עס דערקלערט אַזוי: די געטויפטע זיינען מאָראַליש נידעריקע מענטשן און מיר ווילן ניט זיין מיט זיי אין איין סביבה. אָדער: מ'דאַרף

די געטויפטע באַשטראָפן פאַר דעם פאַרראַט, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען. זיי מוזן בלייבן מחוץ למחנה.

## II.

די אינטעליגענץ איז אַוועק. דאָס איז געשען ניט ביי די יידן אַליין. ביי די רוסן איז דעמאָלט אויך געווען אַזאַ איבערגאַנג. אָבער ביי זיי האָט סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שטענדיק געהאַט אַ סך אינטעליגענץ, און ווען די מערהייט איז אַוועק, איז דאָך עפּעס איבערגעבליבן. ביי אונז איז אין די בעסטע צייטן ניט געווען גענוג אינטעליגענץ, און ווען זי האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן, זיינען געבליבן נאָר געציילטע. ביי די רוסן איז חוץ דעם געבליבן אַן אַרבעטער-אינטעליגענץ, וועלכע האָט אין אַ נויט געקאָנט פאַרבייטן די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. ביי אונז איז דאָס אויך ניט געווען. מען מען מוז זאָגן דעם אמת. דער מאַסן-מענטש איז ביי אונז באַוואוסטזיניקער, קולטורעלער, ווי ביי זיי. דער מיטעלער אַרבעטער—אויך. אָבער אינטעליגענטע אַרבעטער האָבן זיי געהאַט מער און אַנטוויקלטערע, ווי מיר. ביי זיי איז געווען אַ וועלכע ס'איז פאָלקסשול, שטאָטישע, זעמסקע שולן; צום דינסט פון דעם בעסערן אַרבעטער איז געשטאַנען די רייכע רוסישע ליטעראַטור, אין די פרייע יאָרן— אַ סך לעקציעס און רעפעראַטן. ווייל די פּאַרטיי האָט ביי זיי געהאַט מער קולטור-קרעפטן, איז געווען מער פּראָפּאַגאַנדע. די אַרבעטער-אינטעליגענץ האָט געהאַט פון וואַנען צו ציען איר יניקה, געהאַט אויף וואָס צו וואַקסן. דער יידישער אַרבעטער פון יענער צייט האָט קיין פאָלקסשול כמעט אין די אויגן ניט געזען. דער חדר האָט דאָך קיין מאָדערנעם מענטשן ניט געקענט דערציען, און די ליטעראַטור איז נאָך געווען אָרעם, לעקציעס און רעפעראַטן— ווייניק, און צווישן די אינטעליגענטן, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט וויפל זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט זיך צונויפריידן מיט יידישע אַרבעטער אויף יידיש? אונזערע אינטעליגענטע כוחות זיינען געווען פאַרנומען אין דער פּראַקטישער אַרבעט. די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע און אין דער צייט פון דער רע-

וואָלוציע גופא, האָט זיך ביי אונז קיין פראָפּאַגאַנדע כמעט ניט געפירט. עס איז געווען אַגיטאַציע, און נאָר אַגיטאַציע. פון וואַנען האָט אַן אַרבעטער=אינטעליגענץ געזאָלט ציען איר יניקה? אויף וואָס האָט זי געקאָנט וואַקסן?

אין די ערשטע יאָרן פון אונזער באַוועגונג, אין דעם פעריאָד פון די קרייזלעך, ווען די פּראַקטישע אַרבעט איז נאָך ניט געווען גרויס, און אין פראָפּאָרץ צו די מאַסן, וואָס זיינען צו יענער צייט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג, איז נאָך געווען גענוג אינטעליגענטע כוחות — דעמאָלט איז ביי אונז אָנגעגאַנגען אַ ברייטע פראָפּאַגאַנדע. איז אויסגעוואַקסן אַ דור אינטעליגענטע אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעטראָגן אויף זייערע פּלייצעס די גאַנצע באַוועגונג ביז 1907. דאָס זיינען געווען די בונדישע אַגיטאַטאָרן און אָרגאַניזאַטאָרן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך געגרויסט קעגן דעם רוסישן טייל פון אונזער פּאַרטיי. אָבער די דאָזיקע אַרבעטער=אינטעליגענץ האָט זיך אויסגענומען. זיי האָבן אָנגעפילט די טורמעס, געווען פאַרוואָרפן אין די וויטסטע ווינקעלעך פון סיביר, אָדער די שווערע אָפּפּערפולע אַרבעט האָט זיי אַזוי אויסגעמאַטערט אַז זיי האָבן מיט אַ וויטאָג אין האַרצן געמוזט אָפּטרעטן אָן אַ זייט. אַ סך האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיי האָבן געגעבן טוער און פירער דער דאָרטיקער באַוועגונג: די יוניאָנס, דעם אַרבעטער=רינג, דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אַנדערע האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער ספּעציעלער מכה פונם יידישן אינטעליגענטן אַרבעטער: זיי זיינען געוואָרן עקסטערניקעס, אַריין אינגאַנצן אין גרייטן זיך צו אַן אינטעליגענטער פּראָפעסיע און זיינען אויף אַזאַ אופן אויף אַ לאַנגער צייט אָדער אויף שטענדיק אַוועק פון דער אַרבעטער=באַוועגונג. פילע ווידער האָבן זיך דערפילט אָפּגעשטאַנען, גייסטיק אויסגעשעפּט. יאָרנלאַנג האָבן זיי אָפּגעגעבן גאָר זייער צייט דער באַוועגונג. אויף זעלבסטבילדונג, אויף אַריינקוקן אין אַ בוך, איז קיין פרייע מינוט ניט געבליבן. זיי האָבן געטאָן און געהויבן די מאַסע צו זיך, אַליין אָבער האָבן זיי זיך ניט געהויבן; און צווישן דער מאַסע מיט זיי איז כמעט ניט געבליבן קיין אונטערשייד. און דאָ איז אָנגעקומען אַ נייע צייט, מיט נייע פאַרוויקלטע פראַגן, האָבן זיי זיך דערפילט,

ווי אויף אַ פרעמדער וועלט. אונזער אַלטע אַרבעטער־אינטעליגענץ האָט זיך אויסגעשעפט. קיין נייע איז ניט אויסגעוואַקסן, און ווען די פראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ איז אַוועק, איז צווישן די אַרבעטער ניט געווען, ווער עס זאָל איר אָרט פאַרנעמען.

אָבער עס איז געווען נאָך עפעס, וואָס איז אַ סך ערגער. פון 1907 האָט זיך אין די יידישע שטעט אָנגעהויבן אַ לאַנגער, שווערער עקאָנאָמישער קריזיס. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס. דער עקאָנאָמישער קאַמף כמעט אוממעגלעך. וועגן נייע געווינסן האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין. מען האָט נאָך פאַרלאָרן פיל פון די עקאָנאָמישע פאָזיציעס, וועלכע מען האָט געוואונען אין די שטורעם־יאָרן 1905—1906. און ווען די אַרבעטער האָבן ניט געקאָנט פאַרבעסערן זייער לאַגע דורך קאַמף, האָט מען אָנגעהויבן לויפן איינע איבער די אַנדערע, רייסן איינע ביי די אַנדערע. די שטיקאַרבעט, וועלכע איז שוין אין די מערסטע פאַכן געווען געשטאָרבן און באַגראָבן, איז איצט אויפגעשטאַנען תחית־המתים. מען האָט גענומען אַרבעטן אַ לענגערן טאָג, מען האָט זיך אָנגעהויבן אַיילן, אַרויסיאָגן פון זיך די נשמה, אַבי אויסאַרבעטן מיט עטלעכע שטיק מער און פאַרדינען מיט עטלעכע גילדן מער. די אַרבעט וואָס פריער פלעגן טאָן דריי, האָבן איצט אויפגעטאָן צוויי. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואָרן גרעסער. מען האָט געזוכט אַרויסצושטופן יענעם און פאַרנעמען זיין אָרט. פלינקערע אַרבעטער מיט אַ ביסל קאַפיטאַל זיינען געוואָרן קליינע באַלעבאַטימלעך און האָבן געשונדן די אַרבעטער, זייערע נעכטיקע חברים. געשטודירט די תורה פון אָרגאַניזאַציע אין חדר פון „בונד" האָבן זיי איצט געלערנט זייערע נייע חברים די באַלעבאַטים ווי זיך צו אָרגאַניזירן. און איר האָט געקאָנט טרעפן אַ מענטשן, וואָס איז נאָך נעכטן געווען אַ טוער אין אַ פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אַרבעטער, און היינט איז ער געוואָרן אַ פירער פון אַ באַלעבאַטים־פאַראיין. די דעמאָראַליזאַציע איז געווען גרויס אין אַלע פאַכן, נאָר גרעסער ווי אומעטום איז זי געווען ביי שניידער און גאַרבער.

ביי אַזעלכע אומשטענדן האָבן די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ניט געהאַט וואָס צו טאָן. שטרייקן זיינען געווען אוממעגלעך צוליב

דעם קריזיס; און וויפל-עס-איז רעגולירן די אַרבעט אויפן פרידלעכן וועג איז אויך געווען אוממעגלעך צוליב דער דעמאָראַליזאַציע אין די אַרבעטער-מאַסן, וואָס דער קריזיס האָט מיט זיך געבראַכט. און דערום, ווען די אַדמיניסטראַציע פלעגט פאַרמאַכן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, פלעגן די אַרבעטער כמעט גאָרניט טאָן צו עפּענען אַ נייעם אויף זיין אָרט. און וויפל פאַראיינען האָבן זיך אַליין פאַרמאַכט, ווייל די אַרבעטער האָבן צו זיי ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס... וויפל פאַראיינען זיינען געבליבן עקסיסטירן נאָר אויפן פּאַפּיר... און דאָס וואָס די אַרבעטער האָבן ניט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע, האָט נאָך די באַלעבאַטים צוגעגעבן מער העזה. נאָרעפּעס פלעגן זיי זאָגן: „צו אייער אָרגאַניזאַציע וועט איר מיך אָנקלאָגן, וואָס? שוין אַריבער די צייטן"...

די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן. אין די אַרבעטער-מאַסן האָט זיך געפילט אַ שטאַרקע מידקייט, אַ טיפע אַנטוישונג אין פּאָליטישן קאַמף. די גזירות און רדיפות אויף יידן זיינען געוואַקסן, ווי שוואָימען נאָך אַ רעגן, און די יידישע מאַסע איז געווען פול מיט יאוש: זי האָט פאַרלאָרן יעדן גלויבן אין פּאָליטיק. דערצו זיינען די מאַסן פאַר די צוויי פריערע יאָרן געוויינט געוואָרן צו אַ האַלב-אָפענער באַוועגונג, צו האַלב-לעגאַלע באַדינגונגען, און ווען מען האָט זיך געדאַרפט אומקערן צוריק אין קעלער, צוריק אין אומלעגאַלער באַהעלטעניש, זיינען אויף דעם געווען זייער ווייניק בעלנים. מען האָט אויפגעהערט גיין אויף פאַרזאַמלונגען; מען האָט ניט געוואָלט לייענען קיין אומלעגאַלע ליטעראַטור.

די מאַסע האָט גענומען לויפן פון דער באַוועגונג, חוזק מאַכן פון די פאַראיינען און פון די טוער. „קאָמונע מיט לאָקשן", „דער חבר פון פאַראיין" זיינען געוואָרן שפּאָט-ווערטלעך. די מאַסע איז פלוצלונג „קלוג" געוואָרן. זי האָט זיך גענומען יאָגן נאָך תכלית און נאָך גראָבע פאַרגעניגנס. זי איז געוואָרן מגושם, אויסגעלאַסן, אָדער גרוי און גלייכגילטיק. דער טאַניץ-קלאַס האָט פאַרביטן דעם פאַראיין, אַ טעשל קאָרטן — די פּראָקלאַמאַציע. די בעסערע מענטשן האָבן נאָר געזיפצט, נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ. איינע פלעגן פּרוּוון עפּעס טאָן, אָנהייבן איבעראַניים פון אָנהייב; אַנדערע ווידער האָבן

נאָר געקאָנט פאַרשפּרייטן יאוש. וואָס מען זאָל ניט אָנהייבן, איז אַליץ האָבן זיי געהאַט אַ פאַרטיקן ווערטל: רעדט, רעדט, — ס'וועט דערפון סיי־ווי־סיי גאָרניט אַרויסקומען...

דאָך האָבן זיך געפונען אַ טייל יונגע און עלטערע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך ניט געקאָנט באַגנוגענען מיטן גרויען, גלייכגילטיקן לעבן. איז ניט געווען קיין באַוועגונג, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן צום בוך, צו זעלבסטבילדונג, צו קולטור־אַרבעט. די קולטור־חברות, די ליטעראַרישע, דראַמאַטישע און מוזיקאַלישע פאַראיינען וואָלטן געקאָנט אַ סך אויפטאָן. איין צייט האָט זיך אַפילו געדוכט, אַז דאָרטן וועט זיך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג באַהאַלטן איבער דער שלעכטער צייט. אָבער די האָפענונגען, וואָס מען האָט געלייגט אויף די קולטור־פאַראיינען, זיינען מקוים געוואָרן נאָר אין אַ קליינער מאָס. ערשטנס, האָט די אַדמיניסטראַציע געקוקט אויף די יידישע חברות מיט זיבן אויגן, און קוים פלעגט נאָר וועלכער ס'איז פון זיי אַרויסווייזן עפּעס אַ לעבעדיקע מעטיקייט, פלעגט מען זי באַלד פאַרמאַכן. צווייטנס, זיינען געווען זייער קנאַפּ אינטעליגענטע קרעפטן. די אינטעליגענץ האָט אַפילו געשריען: אוי, קולטור! געוואַלד קולטור! אָבער ביים שרייען איז מען געבליבן: אין דאָס רוב קולטור־פאַראיינען איז ניט געווען, ווער עס זאָל עפּעס טאָן; זיי זיינען פּשוט געשטאָרבן פון בלוט־אָרעמקייט, פון אויסצערונג. צייטנווייז איז די טעטיקייט פון די קולטור־פאַראיינען געווען אַזוי נישטיק, אַז די בעסערע אַרבעטער פלעגן זיך באַציען צו זיי מיט פאַראַכטונג. אין דווינסק האָבן די אַרבעטער גערופן זייער ליטעראַטור־ און קונסט־פאַראיין „קוניץ־קייקל־דריידל".

פון אַלע פאַראיינען, וואָס איך ווייס, קאָן איך דערמאָנען צום גוטן נאָר אייניקע: די ליטעראַרישע געזעלשאַפט אין וואַרשע 1910—1911. זי האָט אינגאַנצן געלעבט אַ קנאַפּן יאָר. די אַדמיניסטראַציע האָט זי גיך פאַרמאַכט און האָט נאָך צוליב איר אַרעסטירט אַ היבש ביסל מענטשן. אָבער איר קורץ לעבן איז געווען אַקטיוו און פרוכטבאַר. די „לאָדזער האַרפע" האָט געבליט נאָר דעם ערשטן יאָר. שפּעטער האָט זי זיך גיכער געמאַטערט ווי געלעבט און אַליץ דערפאַר וואָס עס זיינען ניט געווען קיין אינטעליגענטע קרעפטן.

י. ל. פרץ האָט ליב געהאַט די לאָדזער „האַרפע“. ער האָט ניט איינמאָל געזאָגט: „דאָרטן האָב איך מיין בעסטע אוידיטאָריע“. ער פלעגט פאָרן אַהין אויף פאָרלעזונגען, אָפט אַפילו אָן געלט. אָבער אויך גאַסטראָלן קאָן זיך קיין געזעלשאַפט ניט האַלטן, און קיין אָרטיקע שטענדיקע קולטור־כוחות זיינען ניט געווען. אין ריגע האָט עטלעכע מאָנאַטן (אין 1909) רוישיק געאַרבעט די יידישע סעקציע פון פאַראיין „וועסטניק זנאַניאַ“, אָבער די אַדמיניסטראַציע האָט דעם „וועסטניק זנאַניאַ“ באַלד פאַרמאַכט, און דער „כרמל“, וואָס האָט זיין אָרט פאַרנומען, האָט זיין גאַנץ לעבן נאָר געגוססט. די ווילנער מוזיקאַלישע־ליטעראַרישע געזעלשאַפט האָט געהאַט אַ מאָדנעם מזל. זי פלעגט זיך אַמאָל אויפכאַפּן אויף עטלעכע וואָכן און אָטעמען מיט דער פולער ברוסט, נאָכער פלעגט זי אויף אַ האַלב יאָר איינשלאָפן; ווידער זיך אויפכאַפּן אויף וואָכן און ווידער איינשלאָפן אויף חדשים. און זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז אין דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז פאַקטיש געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער „ווילנער“ טרופּע. דאָס רוב פון די בעסערע קרעפטן, וואָס די דאָזיקע טרופּע האָט געציילט אין איר גלאַנץ־פעריאָד, איידער זי האָט זיך צעשפּאָלטן, האָט זיך ערצויגן און צוזאַמענגעשפּילט אין יענעם קרייז, איין צייט אונטער דער אָנפירונג פון בן־עמי. דורכאויס צו גוטן מוז מען דערמאָנען די ווילנער אָוונט־שול, וועלכע איז אין יענע יאָרן געווען אַן אמתער פאָלקס־אוניווערסיטעט, דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון „בונד“. די ווילנער אָוונט־שול האָט ערצויגן אַ גאַנצע ריי יונגע באַוואוסטזיניקע קולטורעלע אַרבעטער. זי איז געווען איינער פון די ליכטיקע פונקען אין יענער פינסטערער צייט.

צום גוטן מוזן אויך דערמאָנט ווערן די אָרטיקע אָפּטיילונגען פון „מפיצי השכלה“. זייער פראַקטישע אַרבעט איז געווען קליין. אָבער דער „בונד“ האָט אין זיי געפונען אַן אָפענע טריבונע, און ערטערווייז זיינען זיי געוואָרן צענטרען, וואו די בעסערע יידישע אַרבעטער האָבן זיך געקאָנט קלאָר מאַכן די פראַגן פון אונזער שפּראַך און קולטור.

## III.

אין 1908 האָבן מיר כּמעט קיין איינציקע לעבעדיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ניט געהאַט. עס זיינען געווען נאָר שטעמפּלען און שטיקלעך מיט ברעקלעך פון אָרגאַניזאַציעס. אין יאַנואַר 1909 האָט אין ווילנע געזאָלט פאָרקומען אַ באַראַטונג פון „בונד“. צום באַשטימטן טערמין איז געקומען נאָר איין דעלעגאַט, פון לאָדז. דער דאָזיקער בן־יחיד האָט אומזיסט געוואַרט אין ווילנע עטלעכע טעג, און ער איז אַוועקגעפאָרן, מיט וואָס ער איז געקומען. אין ווילנע האָט מען אין 1909—1910 געמאַכט אַ סך פּרוּוון אויפצולעבן די אָרגאַניזאַציע. פון די דאָזיקע פּרוּוון איז ווייניק־וואָס אַרויסגעקומען. אין 1909—1910 האָבן מיר געהאַט פעסטערע אָרגאַניזאַציעס נאָר אין פּינסק, האָמעל, באָבּרויסק, גראָדנע, לאָדז און ריגע. פאַרוואָס גראָד אין יענע שטעט? די רעאַקציע איז ניט אומעטום גלייך געקומען און ניט אומעטום איז זי געווען גלייך שווער. ביי אונז האָט דאָך יעדע געגנט געהאַט אַ באַזונדערע „קאָנסטיטוציע“, אָפּהענגיק פון דעם גוטן אָדער בייזן ווילן פונם גובערנאַטאָר אָדער איספּראַווניק, אָפּהענגיק פון דער פלייסיקייט אָדער פוילקייט פון דער אַדמיניסטראַציע. אין לאָדז און אין ריגע זיינען איין צייט געווען מער לעגאַלע מעגלעכקייטן, ווי אין ווילנע און אין וואַרשע. אויף די קלענערע שטעט האָט די זשאַנדאַרמעריע ניט אַזוי אַכטונג געגעבן, ווי אויף די גרעסערע. אַמאָל האָט זיך עס געווענדט אָן דעם, צי זיינען אין שטאָט איבערגעבליבן אַ פּאָר אַקטיווע טוער, אָדער ניט. אין די קלענערע שטעט, אין פּינסק, אָדער באָבּרויסק, איז די אָרגאַניזאַציע געווען אַלץ: די קולטור, דער עקאָנאָמישער קאַמף, די פּאָליטיק. אויסער דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך די בעסערע אַרבעטער ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן. אין פּינסק האָט מיר אַ חברטע געזאָגט מיט אַ קרומען שמייכל: וואָס מיינט איר, איז אונזער אָרגאַניזאַציע? אַ פריער זיינען מיר געזעסן יעדער איינער לעבן זיין שטיבל אויף אַ באַזונדער בענקל. איז אונז אומעטיק געוואָרן. האָבן מיר צונויפגערוקט אונזערע בענקלעך און מיר זיצן אַלע אויף איין באַנק... און דאָך זיינען עס געווען מענטשן, וועלכע

האָבן געלעבט מיט העכערע אינטערעסן, און האָבן זיך געפילט ווי אויסדערוויילטע, וועלכע האָבן אין זיך אַ שטיקל נשמה יתרה, וואָס טיילט זיי אויס פון דער אַרומיקער וואָכעדיקייט. דאָך האָבן די דאָזיקע קליינע אָרגאַניזאַציעס געגעבן וועלכן עס איז ווידערשטאַנד די אַפּעטיטן פון די באַלעבאַטים; דאָך האָבן זיי איינגעהיט די פונקען פון „בונד" ביז בעסערע צייטן, ניט געלאָזט אינגאַנצן פאַרווישן די איינמאָל אויסגעטראָטענע וועגן. אין די דאָזיקע קליינע אָרגאַניזאַציעס האָט געלעבט אַ גרויסער אינטערעס פאַר אַ גוט בוך, פאַר אַ לעבעדיק וואָרט, פאַר אַ נייעם געדאַנק. אין זיי האָט געשלאָגן אַ שטאַרקער פולס פון אידעאַליזם. וואָס פּראַקטיקער עס איז געווען אַרום, אַלץ מער האָבן זיך די חברים געדריקט איינע צו די אַנדערע, אַלץ וואַרעמער איז געווען די חברשאַפט. און אויב מיר האָבן אין 1912, בעת ס'איז געקומען אַן אויפלעבונג, ניט געדאַרפט אָנהייבן איבעראַנייס פון אָנהייב. אויב מיר האָבן גלייך געקענט אויפנעמען דעם רויטן פאָדעם און וועבן ווייטער אונזער שטאָף, האָבן מיר עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען די קליינע אָרגאַניזאַציעס פון 1909—1910 און 1911.

אין 1911 הייבט זיך אין יידישן תחום אָן אַן עקאָנאָמישע אויפלעבונג, וועלכע האַלט אָן ביז דעם אָנפאַנג פון קריג. עס ווערט באַשאַפן אַ מעגלעכקייט פון עקאָנאָמישן קאַמף, עס הייבט זיך אויף דער אינטערעס צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די פאַראיינען, וואָס האָבן ביז אַהער עקסיסטירט נאָר אויפן פּאַפּיר, הייבן אָן לעבן און אַרבעטן. וואו עס זיינען קיין לעגאַלע פאַראיינען ניטאָ, הייבט מען אָן זוכן מיטלען, ווי אַזוינע צו עפענען. וואו מען ערלויבט קיין לעגאַלע פאַראיינען גאָרניט, ווי אין וואַרשע, למשל, ווערן געגרינדעט אומלעגאַלע פאַראיינען, אָדער פאַך־קאָמיסיעס. די כוואַליע פון שטרייקן הייבט זיך העכער און העכער. האַרט פאַרן וועלט־קריג האָבן מיר געהאַט גאָר גרויסע שטרייקן פון יידישע אַרבעטער אין וואַרשע, ביאַליסטאָק און ווילנע. אין וואַרשע און אין לאָדז גייט אָן אַ קאַמף פאַר דעם, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן ניט אַרויסגעשטויסן ווערן פון די פאַכן, וועלכע גייען איבער פון האַנטאַרבעט צו מאַשינען, יידישע אַרבעטער זאָלן אַריינדרינגען אין די פאַבריקן מיט מעכאַנישער קראַפט, וועלכע זיינען פריער געווען פאַרשלאָסן פאַר זיי אויף זיבן שלעסער.

שוין דער עקאָנאָמישער קאַמף אַליין ברענגט אָרגאַניזאַציע, טראָגט אַריין אַ נייעם שטראָם אידעאַליזם און פאַרגרעסערט סוף־כל־סוף דעם אינטערעס אויך צו פּאָליטישע פראַגן. און פון 1912־טן יאָר אָן, נאָך דער בלוט־באָד אויף די אַרבעטער, וואָס אין די גאָלד־גריבער ביים טייך לענאַ אין סיביר, הייבט זיך צווישן די רוסישע אַרבעטער אָן אַ נייע רעוואָלוציאָנערע אויפלעבונג: פּאָליטישע שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און מאַניפעסטאַציעס, וועלכע ענדיקן זיך מיט דעם גרויסן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק אין פּעטראָגראַד ערב דער וועלט־מלחמה. דאָס ווירקט אויף די יידישע אַרבעטער אויך. דער יאוש הייבט אָן פאַרבייגיין. דער אינטערעס צו פּאָליטישע פראַגן הייבט אָן צו וואַקסן.

צוזאַמען מיט דעם עקאָנאָמישן קאַמף און מיט דעם וואַקסנדיקן אינטערעס צו פּאָליטישע פראַגן, וואַקסן אויך אונזערע אָרגאַניזאַציעס. די בונדישע אָרגאַניזאַציעס נעמען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פאַך־קאָמיסיעס זיינען פאָרמעל געווען נייטראַלע, ניט קיין פּאַרטיייִשע. אָבער די בונדיסטן האָבן אין זיי געשפּילט די גרעסטע ראָלע. און ווען עס פלעגט קומען צו אַ שטרייק, פלעגן אים אפילו די לעגאַלע פאַראיינען אויך אַליין ניט פירן. די אַרבעטער האָבן מורא געהאַט, די אַדמיניסטראַציע זאָל ניט פאַרמאַכן דעם פאַראיין, פלעגן זיי אויסקלייבן באַזונדערע קאָמיסיעס צו פירן דעם שטרייק. אָפט פלעגן זיי דאָס דירעקט איבערגעבן דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". זיי פלעגן אויסרעכענען אַז סיי פאַר די באַלעבאַטים, סיי פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג איז דער „בונד" מער אַווטאָריטעט, איידער די אומבאַקאַנטע שטרייק־קאָמיסיעס. דער קאַמף פאַר אַריינדרינגען אין פאַכן מיט מעכאַנישער קראַפט האָט דער יידישער אַרבעטער אויך געפירט אונטער דער אָנפירונג פון „בונד". דאָס האָט אונזערע אָרגאַניזאַציעס פאַרבונדן מיט די מאַסן. דאָס האָט פאַרגרעסערט זייער צוציונגסקראַפט. און ווען עס האָט זיך געענדיקט די פּאָליטישע אַפּאַטיע, האָבן אונזערע אָרגאַניזאַציעס זיך אָנגעהויבן צו שטעלן אויף די פיס.

אין די יאָרן 1912—1914 האָבן מיר שוין ווידער געהאַט מער אָדער ווייניקער פעסטע אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע, וואַרשע, ביאַ־ליסטאָק, לאָדז, האָמעל, און ד. גל. דער שווער־פּונקט פון אונזער אַרבעט האָט זיך ווידער אַריבערגעטראָגן אין די גרויסע שטעט. עס האָט זיך באַוויזן אַ נייער דור אַרבעטער־טוער, וועלכער האָט פאַרבראַכט די שווערע יאָרן, וואָס פאַר דעם, איבערן בוך, אין דער אידעאַליסטישער אַטמאָספערע פון די קליינע אָרגאַניזאַציעס. אַ טייל פון די אַלטע אַרבעטער־טוער האָבן זיך אומגעקערט צוריק. די צאָל פון אונזערע אָרגאַניזירטע מיטגלידער איז געוואָרן אַלץ גרעסער. אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען פלעגן קומען וואָס ווייטער אַלץ מער מענטשן.

אונזער וואָכנבלאַט „די צייט“ (פּעטערבורג) האָט זיך שוין אין 1914 פאַרשפּרייט פון 12 ביז 14 טויזנט עקזעמפּלאַרן, אַ סך מער, ווי די „פאָלקסצייטונג“ אין 1907. און וואָס פאַר אַ גרויסן אינטערעס די לעזער האָבן אַרויסגעוויזן צו אונזער וואָכנבלאַט! מען פלעגט אונז צושיקן קאָרעספּאָנדענצן פון אַלע שטעט און שטעטלעך פון תּחום. פון דער קלענסטער געשעעניש פלעגט מען אונז שרייבן, וועגן יעדן וויכטיקן ענין פרעגן אַן עצה. די קאָרעספּאָנדענצן זיינען געווען זייער אינטערעסאַנט: זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם גאַנצן קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין יענער צייט. די לעזער זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער רעדאַקציע. זיי פלעגן אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן פאַרשיידענע אַרטיקלען און אָפּטיילונגען אין אונזער צייטונג. זיי פלעגן לויבן, טאַדלען, קריטיקירן, מער טאַדלען ווי לויבן. עס איז זיי געווען זייער שווער צופרידנצושטעלן, אָבער אין דער אומצופרידנקייט, אין דער קריטיק. אין די פאָדערונגען זייערע האָט זיך געפילט, אַז די צייטונג איז זיי טייער, אַז זיי באַציען זיך צו איר מיט דעם גרעסטן אינטערעס, רעכענען זי פאַר זייער צייטונג. אַ מחיה צו האָבן אַזעלכע אומצופרידענע לעזער! און זיי האָבן געשטיצט די צייטונג, געגעבן יעדערער וויפל ער האָט געקאָנט, געזוען צו דעקן דעם דעפיציט. זומער 1914 האָבן מיר אַרויסגעלאָזן אַן אַגיטאַציע־נומער „די צייט“, וועלכער האָט געקאָסט 25 קאָפּיקעס. דעמאָלט זיינען 25 קאָפּיקעס געווען מער ווערט ווי היינט.

און ווי גרויס איז געווען אונזער וואונדער, ווען מיר האָבן פון דעם דאָזיקן נומער פאַרקויפט 14 טויזנט עקזעמפּלאַרן!

צוזאַמען מיט דער אויפלעבונג פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווייזט זיך אַרויס אַ נויטווענדיקייט אין אַ יוניאָן-פּרעסע. אין 1913—1914 גייען אין ווילנע אַרויס עטלעכע נומערן פון אַ שניידער-אָרגאַן. אין וואַרשע ווערן געמאַכט פּראָבעס אַרויסצוגעבן אַ פאַך-אָרגאַן פון די יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע.

אונזערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפאָדערט, מיר זאָלן פאַרוואַנדלען „די צייט" אין אַ טאָג-בלאַט און זומער 1914 האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „אונזער צייט" צוויי מאָל אַ וואָך; ווען ניט דער וועלט-קריג, וואָלטן מיר געווען באַלד איבערגעגאַנגען צו אַ טאָג-בלאַט אויך. דער קריג האָט אונז געטראָפן אין אַ צושטאַנד פון אויפלעבונג. די פינסטערע יאָרן זיינען געווען הינטער אונז. מיר זיינען ווידער געגאַנגען באַרג-אַרויף.

## IV

איך מוז זיך נאָך אָפּשטעלן אויף דער אַרבעט פון אונזערע אָנפירנדע איינריכטונגען (דער צענטראַל-קאָמיטעט מיט זיינע אַגענטן און די רעדאַקציע). דאָס איז אינגאַנצן געווען אַ קליינע גרופּע. אין די יאָרן 1909—1912 האָט דער „בונד" געהאַט נאָר דריי-פיר פּראָפעסיאָנאַלן, אויף מער איז קיין מיטלען ניט געווען. אויסער אָט די פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנצע צייט דער פּאַרטיי, זיינען נאָך געווען עטלעכע מענטשן, ביי וועלכע אַ גרויסער טייל פון טאָג איז געווען פאַרנומען מיט מאַכן אַ לעבן. און דער פּאַרטיי האָבן זיי אָפּגעגעבן נאָר זייער פרייע צייט. דער דאָזיקער קליינער גרופּע איז אויסגעקומען צו אַרבעטן ביי אוממעגלעכע באַדינגונגען. זיי זיינען כמעט אַלע געווען אומלעגאַלע. אָבער די „אָכראַנקע" האָט זיי גוט געקענט און זי פלעגט זיי נאָכשפּירן אויף טריט און שריט. מען האָט געמוזט אָפט בייטן דעם וואוינאָרט. יעדער איינער האָט געהאַט עטלעכע שטעט, וואו ער האָט גאָר ניט געקענט קומען, ווייל ער איז שוין דאָרטן געווען „דורכגעפאַלן". אַ סך וואָקזאַלן האָט מען געקאָנט דורכגיין נאָר מיט מסירת-נפש.

ווען איר פּלעגט אַריבערגיין אַ קאָביקע גאַס, פּלעגט איר כמעט ווי פיזיש פילן, ווי אָט כאַפּט מען אייך אָן פאַרן קאָלנער און אויס מיט אייער פרייהייט און מיט אייער טעטיקייט. נאָך דער מעשה־אַזעף און קאַפּלינסקי איז אַ לענגערע צייט געווען אַ שטימונג, וואָס עס לאָזט זיך ניט איבערגעבן: עס האָט זיך געדוכט, אַז יעדער איינער איז חושד אַלעמען און ער האָט אַליין מורא אַז אַלע זיינען אים חושד. די פינאַנציעלע לאַגע איז געווען אַ שווערע. זייער אָפט האָט געטראָפן, אַז מען דאַרף וואו עס איז פאָרן, און עס איז קיין געלט ניטאָ; מוז מען וואַרטן: אפשר וועט וועלכע ס'איז אָרטיקע אָרגאַניזאַציע עפּעס צושיקן, אפשר וועט זיך איינגעבן מאַכן אַ הלוואה. און עס האָט ניט איינמאָל געטראָפן, אַז צוויי זיינען אַוועקגעפאָרן, און די צוויי, וואָס זיינען געבליבן, זיינען עטלעכע טעג געזעסן אָן אַ גראָשן. היינט די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע, אין וועלכער דער דאָזיקער קליינער גרופּע איז אויסגעקומען צו אַרבעטן: יאוש, פאַרפרעמדקייט, מוטלאָזיקייט; נעכטיקע חברים מיידן דיך אויס, האָבן מורא זיך צו באַגעגענען מיט דיר. מענטשן, וואָס זיינען נאָך ניט לאַנג געווען גאָר נאָענט, ווילן דיך ניט אַריינלאָזן אין שטוב, פאַרקלאַפּן די טיר פאַר דיין נאָז. אַנדערע קוקן דיך אָן מיט אַ שמייכל פון באַדויערונג: אַ מאָדנער מענטש, פאַרנעמט זיך נאָך אַלץ מיט די אַלטע נאַרישקייטן... וויפל איז דער שיעור?... און ווען דו באַגעגנסט זיי, לייענסטו אויף זייערע פנימער, אַז ניט זיי דאַרפן זיך שעמען, וואָס זיי טוען גאָרנישט, נאָר דו דאַרפסט זיך שעמען, וואָס דו טוסט נאָך עפּעס... אין דער פרעסע הערשעווען די יאַצקאַנס מיט די צייטלינס, וועלכע טאַנצן אויפן קבר פון דער רעוואָלוציע און בריקען מיט זייערע אייזלשע קאָפּיטעס די געפאַלענע „פאַרטיי־לייט“. אין דער פרעסע הערשט דער שונד־ראָמאַן און אַ פאַרשונדעוועטע היסטעריש־שרייענדיקע יידישקייט. אין לעבן איז פאַרטויבט צו ווערן פון קולות: תכלית, תכלית איבער אַלץ, איבער אַלץ אין דער וועלט! און זיי מישן זיך אויס מיט אַנדערע קולות: יידישקייט, יידישקייט איבער אַלץ, איבער אַלץ אין דער וועלט! נאָר פון דער יידישקייט מאַכט מען אויך אַ תכלית. און די ליבע צו יידישקייט ברענט אַזוי שטאַרק, אַז מען איז אָפט קאַפּאַבל

זיך צו שמדן פאַר יידישקייט... גיט צו אַן עקאָנאָמישן קריזיס, אַ פּאַרמאַטערטע, דעמאָראַליזירטע אַרבעטער-מאַסע, אַ באַוועגונג וואָס קייקלט זיך באַרג אַראָפּ, וועט איר באַקומען אַ בילד פון דער אַטמאָספערע, אין וועלכער די אָנפירנדיקע איינריכטונגען פון „בונד" איז אויסגעקומען אין יענע יאָרן צו אַרבעטן.

און מען האָט דאָך געאַרבעט. דער צ. ק. מיט זיינע אַגענטן זיינען אין יענע יאָרן געוועזן ניט בלויז אָנפירער; זיי זיינען געוועזן אַגיטאַטאָרן, אָרגאַניזאַטאָרן; זיי האָבן אויף זיך גענומען יעדע אַרבעט, וואָס עס טוט איצט אַ ראַיאָן-טוער. געקומען אין אַ שטאָט, האָט מען געדאַרפט זיצן עטלעכע טעג, מאַכן אַ זיצונג פון דעם קאָלעקטיוו און העלפן זיך פונאַנדערקלייבן אין פאַרשיידענע פראַגן, אַלגעמיינע און אָרטיקע; נאָכהער ריידן אויף אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג, איינלייטן און אָנפירן אַ דיסקוסיע פאַר די בעסערע מענטשן, זיך דורכריידן מיט איינציקע טוער, צוגעבן זיי מוט צו דער אַרבעט. און טאָמער איז מען אין אַ שטאָט אַ פּאָר חדשים ניט געוועזן, האָבן די אָרטיקע טוער פאַרלאָרן דעם מוט און די אַרבעט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער צ. ק. איז געוועזן ניט בלויז אַ צענטער; ער האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער אָרטיקער אַרבעט.

דער צ. ק. האָט געוועקט, געמונטערט; ער האָט געהיט די אַלטע טראַדיציעס און ער האָט געזען צופּאַסן זיך צו די נייע באַדינגונגען. ער האָט געהאָלפן בויען די אָרגאַניזאַציעס; אַריינגעטראָגן איניציאַטיוו, אויפגעוועקט דעם אינטערעס צו פּאָליטישע פראַגן, פאַרבונדן די אינטערעסן פון יעדער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע מיט די אינטערעסן פון דעם גאַנצן „בונד", פון דער גאַנצער פּאַרטיי. ער האָט געקעמפט קעגן דעם נאַציאָנאַליזם, איינגעהיט די ריינקייט פון סאָציאַליסטישן געדאַנק און געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך צו ערציען די מאַסן. ער האָט פאַרבונדן די יידישע מאַסן מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פראַקציע אין דער גאָסודאַרסטווענע דומע און ער האָט געווירקט אויף דער פראַקציע, זי זאָל אַרויסטרעטן אין דומע קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און פאַר גלייכבאַרעכטיקונג.

היינט וויפל שווערקייטן איז אויסגעקומען גובר צו זיין ביים שאַפן דאָס געדרוקטע אַרבעטער-וואָרט. מיט וויפל מי און מאַטערניש,

מיט וויפל קרבנות זיינען געווען פאַרבונדן די פּראָבעס צו שאַפן אַן אַרבעטער=פּרעסע.

מיר האָבן זיך געהאַלטן ווייער קאָנספּיראַטיוו: אין דער שטאָט, וואו דער צ. ק. האָט געוואוינט, האָבן זיינע מיטגלידער קיין אָנטייל ניט גענומען אין דער אָרטיקער באַוועגונג, בריוו פון אָרגאַניזאַציעס און פון "אויסלאַנד פלעגן אַדרעסירט ווערן ניט אין דער שטאָט, וואו מיר האָבן געוואוינט, נאָר אין אַ שטאָט, וואָס איז געלעגן עטלעכע שעה רייזע פון אונז, און פון דאָרטן פלעגט אַ חבר איין מאָל אין וואָך אָדער אין צוויי וואָכן זיי ברענגען צו פירן צו אונז.

די אַרבעט איז געגאַנגען לאַנגזאַם. אָפט האָט זיך געדוכט, אַז מען שטייט אויף איין אָרט, אָבער מען איז דאָך געגאַנגען פאָרווערטס. מען האָט צוגעגרייט דעם באָדן, מען האָט געאַקערט און געזייט, און ווען דער פּאָליטישער וועטער איז געוואָרן בעסער, גינסטיקער, איז די זריעה אויפגעגאַנגען.

אין די יאָרן 1908—1912 איז אין דער רוסישער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע געווען אַ ליקווידאַטאָרישע שטרעמונג. די ליקווידאַטאָרן האָבן געזאָגט: די אומלעגאַלע אַרבעט איז איצט ניט נייטיק, אַפילו שעדלעך; זי איז אַליין פאַרקראָכן און שלעפּט די באַוועגונג אין אַ טעמפּן ווינקל. די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס זיינען געוואָרן סעקטעס, נעסטן ניט פון אַרבעט נאָר פון שאַרפער צאַנקעריי צווישן די פראַקציעס. מ׳דאַרף אַרויס צו די ברייטע מאַסן, און דאָס קאָן מען טאָן נאָר דורך די לעגאַלע געזעלשאַפטן. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קאָאָפּעראַטיוון, די לעגאַלע אַרבעטער=פּרעסע, די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דער גאָסודאַרסטווענע דומע — דאָס איז די אמתע באַוועגונג. מ׳דאַרף קעמפן פאַר דאָס רעכט פון אָפענע פריי=אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס, פאַר ברייטע לעגאַלע מעגלעכקייטן; און דער בעסטער וועג דערצו איז — אויסנוצן די קנאַפּע לעגאַלע מעגלעכקייטן, וואָס זיינען שוין פאַראַן. עס זיינען געווען ליקווידאַטאָרן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט איז דערווייל גאָר איבעריק. קיין אָפענע קאָן זי ניט זיין און אַ באַהאַלטענע קאָן זי גאָר ניט אויפטאָן. זאָל אויסוואַקסן

די באַוועגונג אין די לעגאַלע געזעלשאַפטן, זאָל זי אַריינציען די ברייטע מאַסן; דערנאָך וועט צונויפגערופן ווערן אַן אַרבעטער-צוזאַמענפאָר, וועלכער וועט שאַפן אַ ברייטע אַרבעטער-פּאַרטיי מיט אַ פּראָגראַם, וואָס וועט זיין אָננעמבאַר פאַר דער מערהייט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט; אין דער דאָזיקער פּאַרטיי וועלן אַריין אַלע ריכטונגען פונם פּראָלעטאַרישן געדאַנק און זי וועט זיין די פּאָליטישע פאָרשטייערשאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט. אַנדערע ליקווידאַטאָרן זיינען אַזוי ווייט ניט געגאַנגען. זיי האָבן געזאָגט: אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס מיט אַ שטענדיקער מיטגלידערשאַפט און אינערלעכער דיסציפּלין זיינען איצט אוממעגלעך און איבעריק. עס איז נייטיק אַן אומלעגאַלער צענטראַלער אַפּאַראַט, אַ צענטראַל-קאָמיטעט, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס און זאָל פון צייט צו צייט אָרגאַניזירן פּאָליטישע אַקציעס.

די ליקווידאַטאָרן האָבן געהאַט די מעלה, וואָס זיי האָבן זיך ניט אַוועקגעזעצט אין קעלער וואַרטן אויף בעסערע צייטן, נאָר זיי האָבן אַ סך געטאָן פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזירונג, ווי אויך פאַר דער אויסבילדונג פון די ברייטע אַרבעטער-מאַסן. זיי האָבן צוגעגרייט קערנער פון אָרגאַניזאַציע, צוגעגרייט טוער פאַר דער בעסערער, לעבעדיקערער צייט, וואָס וועט קומען. זייער חסרון איז געווען, וואָס זיי האָבן געלייגט דעם גרעסטן געוויכט אויף די מעגלעכע קלייניקייטן פון טאָג און האָבן פאַרנאַכלעסיקט די גרויסע פּערספּעקטיוון פון מאָרגן. לויט זייער גאַנצן געדאַנקען-גאַנג האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געדאַרפט גיין ניט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר דערטרונקען ווערן אין אים. דאָס האָט זיי געמאַכט אָפּאָרטוניסטיש. אין זייער אַרבעט איז געווען ווייניק פּאָליטיק און נאָך ווייניקער סאָציאַליזם. זיי האָבן אַ סך געטאָן צו שאַפן און פאַרשטאַרקן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און קאָאָפּעראַטיוון, אַ סך געטאָן צו שאַפן לעגאַלע אַרבעטער-ליטעראַטור; זיי האָבן אָבער אויך געהאָלפן לעשן די איבערגעבליבענע רעוואָלוציאָנערע פונקען; געהאָלפן אָפּווישן די שפורן פון דער אַלטער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. מאַרטאָוו און דאַן האָבן אָנגענומען די מעלות פון די ליקווידאַטאָרן און האָבן מיט אַ האַלבן מויל געטאַדלט

זייערע חסרונות. זיי פּלעגן ניט וועלן ליידן, ווען מ׳פּלעגט זיי רופן ליקווידאַטאָרן — און זיי זיינען עס טאַקע ניט געווען — און דאָך פּלעגן זיי נאָכאַנאַנד פּאַרטיידיקן די ליקווידאַטאָרן. לענין האָט באַקעמפט דעם מענשעוויזם בכלל. צו די לעגאַלע געזעלשאַפטן האָט ער געפילט אַ באַזונדערן פּאַרדאַכט. אין בויען די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען, קאָאָפּעראַטיוון און אַרבעטער־קלובן האָבן דעמאָלט די באָלשעוויקעס גענומען גאָר אַ קנאַפּן אָנטייל. דערפאַר האָבן זיי אַוועקגעלייגט אַ סך כוחות אויף דער לעגאַלער אַרבעטער־פּרעסע. געווען דעמאָלט צווישן די באָלשעוויקעס אַ שטרעמונג זיך אָפּצוזאָגן אינגאַנצן פון די לעגאַלע מעגלעכקייטן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפאָדערט, מ׳זאָל אַפילו אָפּרופן פון דער גאָסודאַרסטווענע דומע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן. לענין איז געווען קעגן אָט דער שטרעמונג, און די „אָטזאָוויסטן“ — אָפּרופער — האָבן זיך אויסגעטיילט אין אַ באַזונדערער פּאַרטיי־גרופּע, וועלכע האָט זיך גערופן „וופּעריאָד“ — פאָרווערטס; די פירער זיינען געווען לונאַטשאַרסקי און באָגדאַנאָוו. נאָך דער רעוואָלוציע פון מערץ 1917 האָט זיך די גרופּע „וופּעריאָד“ צוריק פאַראייניקט מיט די באָלשעוויקעס. פּלעכאַנאָוו איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער מענשעוויק, אָבער אין די פראַגן פון אָרגאַניזאַציע איז ער זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט מאַרטאָוון און דאַנען; מיטן גאַנצן כוח פון זיין לאָגיק און טעמפּעראַמענט האָט ער זיך אַרויסגעוואָרפן אויף די ליקווידאַטאָרן און ער האָט מאַרטאָוון מיט דאַנען אויך ניט געשאַנעוועט. אין יענע יאָרן איז פּלעכאַנאָוו מיט אַ קליינער גרופּע אָנהענגער געשטאַנען צווישן די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס. צווישן ביידע הויפּטגרופּירונגען, שוין ניט בלויז אָרגאַניזאַציאָנעל, נאָר אויך פּאָליטיש, איז אין יענע יאָרן געשטאַנען אויך טראָצקי. מיט אַ קליינער גרופּע נאָענטע חברים האָט ער אין ווין אַרויסגעגעבן אַן אָרגאַן „פּראַוודאַ“, וואָס זיין הויפּטציל איז געווען פאַראייניקן אַלע צעשפּאָלטענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּן אין איין פּאַרטיי מיט אַ צענטריסטישער פּלאַטפאָרמע, אַ פּאַרטיי, וואו עס זאָל הערשן פרייהייט פון מיינונגען און איינהייט פון מעשים.

דער שטרייט צווישן ליקווידאַטאָרן און „פּאַרטיי־אָנהענגער“ האָט

זיך בין אַ געוויסן גראַד אָפּגעשפּיגלט אין בונד. אין פֿרילינג 1908
איז געווען אַ באַראַטונג פֿון בונד אין גראָדנע. איך בין דעמאָלט גע=
זעסן אין טורמע; נאָר חברים, וואָס זיינען אויף דער דאָזיקער באַ=
ראַטונג געווען, האָבן מיר גענוי איבערגעגעבן, וואָס דאָרטן איז פֿאָר=
געקומען. ליבער האָט אין זיין רעפֿעראַט זיך געמיט צו דערווייזן,
אַז די רעוואָלוציע איז שוין געענדיקט. אמת זי האָט געגעבן ווייט
ניט אַלץ, וואָס מיר האָבן פֿון איר געהאָפֿט; זי האָט אָבער איבער=
געלאָזן אַ געוויסע מאָס פֿרייהייטן און אַ מעגלעכקייט פֿון אָרגאַ=
ניזאַציע. ווי פֿינסטער עס איז ניט סטאָליפּינס רעזשים — אָביעק=
טיוו ווערן דורך אים רעאַליזירט די פּאָזיציעס, וואָס די רעוואָלוציע
האָט אונז איבערגעלאָזן. סטאָליפּינס רעזשים איז ניט קיין צוריק=
קער צו דער זעלבסטהערשונג, ווי ער אַליין וויל און מיינט, נאָר אַ
מעסיק פּראָגרעסיווע ליקווידאַציע פֿון דער רעוואָלוציע. קיין נייע
פּאָליטישע רעוואָלוציע וועט ניט זיין, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט וועט
מיט זיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט און סיסטעמאַטישן דראַנג ביס=
לעכווייז פֿאַרפֿעסטיקן און פֿאַרברייטערן די פֿרייהייטן, מאַכן פֿון די
שטעגעלעך, וואָס די רעוואָלוציע האָט געגעבן, ברייטע וועגן, און
אויפֿן וועג פֿון עוואָלוציע פֿאַרוואַנדלען רוסלאַנד אין אַ דעמאָקראַטיע.
זיינע קעגנער האָבן געטענהט, אַז די רעוואָלוציע איז נאָך ניט גע=
ענדיקט, ווייל זי האָט נאָך ניט געלייזט די אויפֿגאַבן, וואָס זיינען
פֿאַר איר געשטאַנען: ניט געגעבן דעם לאַנד קיין דעמאָקראַטיע,
די פּויערים קיין ערד, די אַרבעטער קיין שוץ=געזעצן, די נאַציאָנאַלע
מינדערהייטן קיין גלייכבאַרעכטיקונג. די לעגאַלע מעגלעכקייטן זיינען
נאָר פּאַפּירענע. רעאַליזירן זיי קאָן מען נאָר אין אַ קנאַפּער מאָס.
מוזן מיר, ווי פֿריער אָנהאַלטן די טאַקטיק פֿון אומלעגאַלע אַר=
בעטער=אָרגאַניזאַציעס און גרייטן די מאַסן צו דעם המשך פֿון דער
רעוואָלוציע. די באַראַטונג האָט געלאָזן די פֿראַגע אָפֿן, און אונ=
זערע טוער האָבן זיך צעטיילט אויף מער אָדער ווייניקער אויס=
געשפּראָכענע לעגאַליסטן און אַנטי=לעגאַליסטן. אין ענגערע דיסקו=
סיעס פֿלעגט די פֿראַגע פֿאָרמולירט ווערן אַזוי: וועט רוסלאַנד גיין
אויפֿן וועג פֿון דייטשלאַנד און עסטרייך. וואו נאָך דער ערשטער
רעוואָלוציע — 1848 — איז קיין צווייטע מער ניט געווען און די

פֿרייהייטן זיינען פֿאַרברייטערט געוואָרן ביסלעכווייז, אָדער אויפֿן וועג פֿון פֿראַנקרייך, וואו נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע פֿון 1789—94, איז געקומען אַ צווייטע אין 1830 און אַ דריטע אין 1848 און ערשט די איבערקערעניש נאָך דער מפּלה פֿון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן אין 1870 און די קאָמונע אין 1871 האָבן געבראַכט דערצו, אַז עס האָט זיך איינגעשטעלט און פֿאַרפֿעסטיקט די רעפּובליק? קירצער: „וועט די רוסישע רעוואָלוציע ריידן דייטש אָדער פֿראַנצויזיש"?

אַז די רעוואָלוציע איז געווען געענדיקט — דאָס איז פּאַקטיש געווען קלאָר פֿאַר אַלעמען. „ניט אַלע רעוואָלוציעס ברענגען דאָך צו אַ וויפֿל עס איז געגנדער לייזונג פֿון די אויפֿגאַבן, וואָס זיינען פֿאַר זיי געשטאַנען. אויסער אויפֿגאַבן איז נייטיק אַ גרויסער סכום אָנגעזאַמלטע כּוחות גובר צו זיין דעם אַקטיוון שונא, גובר צו זיין די אינערציע; נייטיק אַ געוואַלדיקע ענערגיע, וואָס האָט קיין אָפּגענעם פֿרייען אויסוועג און מוז אויפֿרייסן. אין 1908 איז די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע ביי די מאַסן פֿון רוסלאַנד אויסגעגאַנגען. פֿון דער אַנדער זייט אָננעמען סטאָליפּינס רעזשים פֿאַר אַ מעסיק־פּראָגרעסיווע ליקווידאַציע פֿון דער רעוואָלוציע איז געווען אַן אומזין. און גלייבן, אַז דער האַלב־קאָנסטיטוציאָנעלער צאַריזם וועט האָבן אין זיך גענוג ביוגעוודיקייט נאָכצוגעבן אין דער צייט און עוואָלוציאָנירן — איז געווען אַ היסטאָרישע קורצזיכטיקייט. און אויב ביי די רוסן, וואו עס האָבן דאָך עקסיסטירט וויפֿל ניט איז לעגאַלע מעגלעכקייטן, איז געווען נייטיק אַן אומלעגאַלער צענטראַלער אַפּאַראַט און אַפֿילו אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, איז עס נאָכמער געווען נייטיק אויף דער יידישער גאַס, וואו די לעגאַלע מעגלעכקייטן זיינען געווען נישטיקע. אין דער גאָסודאַרסטווענע דומע איז ניט געווען קיין איינציקער דעפּוטאַט ניט פֿון בונד, ניט פֿון וועלכער עס איז אַנדער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די לעגאַלע פֿאַראיינען האָבן אין אונזער געגנט מער ווי אַלץ געקאָנט זיין נאָר לעגאַלע שילדן פֿאַר אומלעגאַלער אַרבעט; אין אַ סך שטעט פֿון תּחום האָט מען קיין פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען גאָרניט לעגאַליזירט. קיין יידישע אַרבעטער־קלובן האָט מען אין ערגעץ ניט לעגאַליזירט. דער קאַמף צווישן די לעגאַליסטן און אַנטי־לעגאַליסטן איז דערום ביי אונז געווען אַ

סך שוואַכער, ווי בײַ די רוסישע חברים. בײַ אונז האָט קײנער נים געלײקנט אין דער נויטווענדיקײט פֿון אַן אומלעגאַלן צ. ק. און בײַ אונז זײַנען אויך ניט געווען אַזעלכע, וואָס זאָלן האַלטן, ווי אַ גרויסער טײל באָלשעוויקעס פֿון יענער צײַט, אַז די לעגאַלע מעגלעכקײטן זײַנען בלויז אַ שעדלעכע אילוזיע, וועלכע מ׳דאַרף מיט אַלע כּוחות אויסמײַדן. בײַ אונז האָבן די אַנטי־לעגאַליסטן אויך געהאַלטן, אַז ווי ווײַט די לעגאַלע מעגלעכקײטן זײַנען פֿאַראַן, דאַרף מען זײ אויסנוצן; די פֿראַגע איז נאָר געווען: וואו ליגט דער שווערפּונקט, דער צענטער פֿון אויפֿמערקזאַמקײט? מ׳האָט געשטריטן וועגן דעם פֿאַרנעם פֿון דער לעגאַלער און אומלעגאַלער טעטיקײט, וועגן דער פּראָפּאָרציע צווישן זײ. די לעגאַליסטן האָבן געזאָגט: ווי־באַלד אַז מיר וועלן שטעלן דעם טראָפּ אויף דער אומלעגאַלער אַרבעט, וועלן מיר ממילא שענקען דער לעגאַלער אַרבעט ווייניק כּוחות און אויפֿמערקזאַמקײט און מיר וועלן זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ סעקטע, וואָס איז אָפּגעריסן פֿון די מאַסן. די אַנטי־לעגאַליסטן האָבן גע־מענדהט פֿאַרקערט: ווען מיר וועלן זיך אָפּלײגן דער עיקר אויף היטן די לעגאַלע געזעלשאַפֿטן, וועלן מיר בּיסלעכווײַז אַוועק פֿון רעוואָלוציע און סאָציאַליזם און ווערן קלײנלעכע אָפּאָרטוניסטישע קולטור־טוער.

זומער 1908, גלײַך ווי איך בין אַרויס פֿון טורמע, האָב איך אָנגעהויבן אַגיטירן פֿאַר אַוועקשטעלן אַן אומלעגאַלן אָרגאַן פֿון בונד. די מערהײט פֿון צ. ק. איז געווען קעגן. זי האָט מאָטיווירט אַזוי: דאָס וואָלט הײסן זיך אַלײן פֿאַרשפּאַרן אין קעלער. מיר דאַרפֿן קעמפֿן פֿאַר פֿרײַהײט פֿון פּרעסע נים דורך אומלעגאַלע אויסגאַבן, נאָר דורך אַרויסגעבן לעגאַלע אָרגאַנען, דורך מאַכן די יידישע אַר־בעטער־פּרעסע פֿאַר אַ פֿאַקט... אָבער אַרויסגעבן אַ לעגאַלן אָרגאַן איז געווען אוממעגלעך. די זשאַנדאַרמעריע האָט אויף אונז גע־קוקט מיט זיבן אויגן. האָבן מיר אַרויסגעגעבן זאַמלביכער און האָבן צוליב רדיפֿות פֿון דער צענזור געמוזט אָפֿט בײַטן זײערע נעמען: „די נײַע צײַט“, „די צײַט“, „אונזער צײַט“, „צײַט־פֿראַגן“. אין די זאַמלביכער האָבן מיר געקאָנט רײדן נאָר צו די אינטעליגענטערע אַרבעטער, ניט צו דער מאַסע. אַ סך פֿראַגן האָבן מיר דאָרטן

געקאָנט באַהאַנדלען נאָר מיטן האַלבן מויל, צווישן די שורות; וועגן אַנדערע פראַגן האָבן מיר אינגאַנצן געמוזט שווייגן. אַז איך האָב געזען, אַז דער צ. ק. איז ניט מסכים האָב איך דורכגעפירט מיין פאָרשלאָג אין דעם ווילנער קאָמיטעט. אָבער אַז דער ווילנער קאָמיטעט איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אַן אומלעגאַלן אָרגאַן אין זיין נאָמען, האָט דער צ. ק. געפונען פאַר נייטיק איבערצונעמען די זאַך אין זיינע אייגענע הענט — אויף וואָס איך האָב לכתחילה אויסגערעכנט. אין 1909 זיינען אַרויס צוויי נומערן „די שטימע פון בונד“, וואו עס האָט זיך געפירט די דיסקוסיע צווישן די לעגאַליסטן און אַנטי=לעגאַליסטן. פונם ערשטן צד איז אַרויסגעטראָטן אַבראַמאָוויטש, פונם צווייטן צד — דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות (הלוי) און דער חבר אייזנשטאַט=יודין. אין 1910 האָבן מיר אַרויסגעלאָזן אַ דריטן נומער. דוכט זיך, אַז דאָרטן איז געווען אַן אַרטיקל פונם חבר יאָנאָוו (דער פאַרשטאָרבענער ח. קאַיגען, יונה), וועלכער איז געשטאַנען אין צענטער צווישן די לעגאַליסטן און אַנטי=לעגאַליסטן. דער דריטער נומער איז געווען דער לעצטער. מ'האָט לכתחילה ניט גערעכנט אַרויסצוגעבן די „שטימע פון בונד“ אַזוי אָפט, אַז עס זאָל לוינען צוליב איר שטעלן אַ געהיימע דרוקעריי. חוץ דעם איז דער שטראַלן=גלאַנץ פון די געהיימע דרוקערייען שוין אויסגעלאָשן געוואָרן, און אין 1909 וואָלט געווען ניט לייכט צו קריגן מענטשן, וואָס זאָלן איינוויליגן זיך צו פאַרמויערן אין קעלער. האָבן מיר געמוזט דרוקן אונזער אָרגאַן אין אַ לעגאַלער דרוקעריי נאָר געהיים: דאָס הייסט אָן דעם וויסן פון „נאַטשאַלסטוואָ“: דאָס האָט געקאָסט טייער און איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר. מענטשן אויף טראַנספּאָרטירן די אָפּגעדרוקטע עקזעמפּלאַרן איז אויך געווען שווער צו קריגן. צוליב דעם ערשטן נומער איז אַ ביאַליסטאָקער מיידל אַרעסטירט געוואָרן. מ'האָט זי פאַרהאַלטן מיטן טראַנספּאָרט אויפן וואָקזאַל אין ווילנע. די אימה פאַר טורמע און סיביר איז אין 1909 געווען אַ סך שטאַרקער, איידער אין 1901—6. זומער און האַרבסט 1909 האָט זיך די חברטע זלאַטע באַנק פון קאָוונע ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט טראַנספּאָרטירן אומלעגאַלע ליטעראַטור. זי איז געווען אַ מוטיקע, אַ פלינקע, אויסערלעך רויִק און געלאַסן, ווי גע=

בּאָרן פּאַר פּאָליטישער קאָנטראַבאַנד. אָבער די שפּיאָנען האָבן זי גוט געקענט און ניט אַרויסגעלאָזן פון אויג. אין זשיטאָמיר האָט זי זיך קוים געראַטעוועט פון אַן אַרעסט; אין קאָוונע און אין מינסק האָט מען זי געזוכט. איז זי אין אָנהייב 1910 אַוועק פון רוסלאַנד. זלאַטע האָט דערנאָך געוואוינט אין ניו־יאָרק, וואו זי איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן. אַ טייל עקזעמפּלאַרן פונם צווייטן נומער „שטימע" האָט אַריבערגעפירט דער אַלטער מיטגליד פון צ. ק. חבר יודין. און דערווײלע האָבן מיר זיך אַ ביסל צוגעפּאַסט צו דער צענזור. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט שרייבן אַזוי, אַז דער לעזער זאָל זיך אָנשטויסן, וואָס מיר מיינען און דער צענזאָר זאָל ניט האָבן צו וואָס זיך צו טשעפּען. כל־זמן עס איז אָנגעגאַנגען די דיסקוסיע צווישן די לעגאַליסטן און אַנטי־לעגאַליסטן, איז נאָך געווען אַזאַ שטאָף, וואָס מ'האָט לעגאַל בשום־אופן ניט געקאָנט דרוקן. דערנאָך איז פּשוט אויסגעגאַנגען דער ריין־אומלעגאַלער שטאָף. די געזעלשאַפטלעכע פראַגן, וואָס זיינען פאַר אונז געשטאַנען, האָבן מיר באַהאַנדלט לעגאַל, נאָר אַ ביסל פאַרשטעלט; בפרט אַז דאָס רוב פראַגן זיינען דעמאָלט געשטאַנען ניט שאַרף אַקטועל, נאָר מערער אַבסטראַקט־אַקאַדעמיש. האָבן מיר זיך באַנוגנט מיט אַרויסגעבן זעלטן־ווען אַ ביולעטען פון בונד פאַר אינפאָרמאַציע און אַמאָל אַ פּראָקלאַמאַציע: צום ערשטן מאַי אָדער צום בייליס פּראָצעס למשל. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָבן מיר אָפּגעגעבן אויף לעגאַלע זאַמלביכער, שפּעטער אויך אויף קליינע פּאָפּולערע זאַמלהעפטן, אויסגערעכנט אויפן מאַסן־לעזער. אין 1912 זיינען מיר צוגעטראָטן צו שאַפן אַ לעגאַלע וואָכן־בלאַט. די לעגאַלע אַרבעטער־ליטעראַטור איז אויך געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן און קרבנות אָבער אַרויסגעבן זי און דער עיקר פאַרשפּרייטן איז דאָך געווען אַ סך לייכטער ווי אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור.

אין יענע יאָרן האָבן זיך ביי אונז געפירט דיסקוסיעס פאַר און קעגן נאַציאָנאַלן נייטראַליזם. מיר האָבן שטאַרק געשטריטן וועגן דער קאָמפּעטענץ פון דער יידישער קהילה, וועגן דער קאָמפּעטענץ פון דער קולטורעלער אַווטאָנאָמיע בכלל. דער שטרייט האָט זיך נאָך איצט אויך ניט געענדיקט. נאָר דעמאָלסט איז ער געווען שאַר־

פער, ווײל אַלגעמײן⸗פּאָליטישע אַרבעט איז געווען ווײניק, האָבן
מיר זיך צופיל אָפּגעגעבן מיט רײן⸗יידישע פּראַגן. די דיסקוסיעס
פון יענער צײט זײנען געווען פרוכטבאַר; זײ האָבן פאַר אונז אַלײן
קלאָרער געמאַכט אונזער נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, געהאָלפן אויסאַרבעטן
אירע אײנצלהײטן. אמת, די דיסקוסיע האָט געטראָגן אַ צו⸗טעאָ⸗
רעטישן, אַבסטראַקטן כאַראַקטער. דאָס איז דאָך געווען אַ צײט,
ווען וועגן אונזער אַווטאָנאָמיע האָט מען נאָר געקאָנט טעאָרעטיזירן;
די פּראַקטיק איז נאָך געווען ווײט. מיר האָבן געזוכט אַן אָפענע טרי⸗
בונע, אַ הויכן אָרט, פון וואַנען אונזער שטים זאָל אָפּקלינגען
ווײט און ברײט פאַר די מאַסן. מיר האָבן דערום אָנטײל גענומען אין
דעם יידישן צוזאַמענפאָר אין קאָוונע (1909), וואו מיר האָבן אָפן
פאַרמײדיקט אונזער שטאַנדפונקט, אַז די קהילה דאַרף זײן אַ וועלט⸗
לעכע, ניט קײן רעליגיעזע. אײן צײט האָט זיך אונז אַפילו גע⸗
דוכט, אַז עס וועט זיך אײנגעבן צו רעפאָרמירן די אַלטע קהילה, צו
מאַכן זי פאַר אַ דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, וואָס זאָל באַפרי⸗
דיקן די קולטורעלע נויטן פון די יידישע מאַסן, פאַר אַ קערנדל,
פון וועלכן עס קאָן מיט דער צײט אויסוואַקסן די נאַציאָנאַל⸗קולטורעלע
אַווטאָנאָמיע. דעריבער האָבן מיר דעמאָלט אַזוי לעבהאַפט דיסקו⸗
טירט די פראַגע וועגן דער קהילה, דעריבער האָבן מיר אין אײניקע
שטעט אָנטײל גענומען אין קאָמיסיעס איבערצובויען די אַלטע
קהילה. דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. רעפאָרמירן די קהילה
האָט זיך אונז ניט אײנגעגעבן צוליב אויסערלעכע און אינערלעכע
סיבות. זי איז געבליבן דער זעלבער אַלט⸗פרענקישער זומפּ אין
די הענט פון די כלי⸗קודש און פון די פּני, און די אַרבעטער האָבן
דאָרטן ניט געהאַט וואָס צו זוכן. אַ שטיקל אָפענע טריבונע האָבן
מיר געפונען אין די צוזאַמענפאָרן פון דער „מפיצי השכלה“ וואו
מיר האָבן געקאָנט האָפן צו אַנטוויקלען אונזער שטאַנדפּונקט אין
דער שפּראַך⸗פראַגע און אויף דער יידישער שול. פון די אַלגעמײן⸗
רוסישע געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענפאָרן וואָס אין יענער צײט, האָבן
מיר אָנטײל גענומען אין דעם צוזאַמענפאָר פון בעלי⸗מלאָכות (סוף
1910). די בונדישע דעלעגאַציע האָט אויף יענעם צוזאַמענפאָר גע⸗
שפּילט אַ גרויסע ראָלע. אונזער אָנטײל אין דעם קאָוונער צוזאַמענפאָר

איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פאַר דער יידישער גאַס, אַז דער „בונד“ לעבט נאָך. אונזער אָנטייל אין דעם צוזאַמענפאָר פון בעלי־מלאָכות איז געווען אַ ענלעכע דעמאָנסטראַציע פאַרן גאַנצן לאַנד.

וועגן אונזערע דעמאָלטיקע חילוקי־דעות אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אויך וועגן קאַמף קעגן אַרויסשטויסן יידישע אַרבעטער פון די פאַכן, וואָס גייען איבער פון האַנט־אַרבעט צו מעכאַנישער קראַפט, רעכן איך צו שרייבן גענוי אין אַ באַזונדער קאַפּיטל פון מיינע זכרונות, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „דריי קאָנפערענצן“, ס'הייסט: די אַכטע קאָנפערענץ פון בונד אין לעמבערג אין האַרבסט 1910, די ניינטע קאָנפערענץ פון בונד זומער 1912 אין ווין און די אַווגוסט־קאָנפערענץ פון די מענשעוויקעס, טראָצקיסטן און בונד אינם זעלביקן יאָר און אין דער זעלביקער שטאָט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לעצטער קאָנפערענץ וועט מיר אויסקומען צו באַשרייבן אונזערע חילוקי־דעות אין אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגן, ווי „טיילווייזע לאָזונגען“, „פּעטיציעס־קאַמפּאַניע“ וכדומה, אויך וועגן דעם צושטאַנד אין דער רוסלענדער ס. ד. און וועגן די באַציונגען פון בונד צו איינצלנע פראַקציעס אירע.

---